# יסודות
## פון
# דער עלטסטער יודישער קולטור-געשיכטע

צוזאַמענגעשטעלט און רעדאַקטירט
דורך מ. סאָלאָווייטשיק.
באַאַרבעט און איבערזעצט אויף יודיש
דורך ד"ר שמואל אייזענשטאַדט.

: : : אין צוויי טייל : : :

ערשטע טייל.

ווילנע — 1922

ווילנער פאַרלאַג פון ב. א. קלעצקין.

# פאָרוואָרט.

איינע פון די העכסט־אוננאָרמאַלע ערשיינונגען אין יודישען גייסטיגען לעבען איז אָהן קיין ספק דער טרויעריגער פאַקט, וואָס עס ווערט אַזאַ קליינער אָרט אָפּגעגעבען דעם תנ"ך, וועלכער איז דער תמצית פון יודישען שאַפען און די הויפּט־סבה פון דער לעבענס־פעהיגקייט פון יודענטום אין די צושטערענדע תנאים פון גלות.

פאַר די אָרטאָדאָקסישע קרייזען פון פאָלק האָט דער תנ"ך נאָך ביז היינט כמעט נאָר די בעדייטונג אַלס מקור פון דאָגמאַטישער געזעצגעבונג און אין דעם פּרט טרעט ער אייגנטלאַך אויך אָפּ דעם ערשטען אָרט דעם תלמוד, אין וועלכען די פאָלקסטימליך־רעליגיעזע געזעצגעבונג פון תנ"ך האָט געפונען איהר פילען אויסדריק און וועלכער אָרדענט איין און פילט אָן דאָס לעבען פון אָרטאָדאָקסישען יודען. אָבער יענע קרייזען פון יודענטום, וועלכע האָבען צוריסען מיטן מיטעלאַלטער און אויפגענומען די אייראָפּעאישע קולטור האָבען פערלאָרען צוזאַמען מיט דעם אינטערעס צו דער תלמודישער סכאָלאַסטיק אויך יעדע לעבעדיגע בעציהונג צום תנ"ך. ער עקסיסטירט פאַר זיי נאָר ווי אַ געוויסער חלק פון די רעליגיעזע מנהגים און אָפטמאָל אויך אַלס אַ טייל פון דער נאַציאָנאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע: דעם תנ"ך ברייגנט מען ווי די שטאַרקסטע ראיה פאַר דער יודישער גאונות און אין איהם געפינט מען דעם קוואַל פון האָפענונג אויף דאָס גרויסע קינפטיגע שאַפען פון יודענטום, ווען עס וועלען אָנקומען אַנדערע, נייע בעדינגונגען פון זיין לעבען. אָבער אין וואָס בעשטעהט דער עיקר פון דער גאונות, וועלכע האָט זיך אָפּגעשפּיגעלט אין תנ"ך? וואָס איז אייגנטליך דער אינהאַלט פון יענעם שאַפען, וועלכער איז גלייך ווי איבערגעגעבען געוואָרען בירושה דורכן תנ"ך דעם יודענטום פון דער צוקונפט? אָט די פראַגען זיינען לחלוטין פרעמד די קולטורעלע קרייזען פון יודענטום און מען באַטראַכט זיי ברוב אָפּ מיט עטליכע אַלגעמיינע פראַזען בערך ווי די, אַז די נביאים זיינען געווען די פּריידיגער פון סאָציאַלער גערעכטיגקייט, פּונקט ווי סאָלאָן וואָלט ניט געלעבט אין איין צייט מיט ירמיה'ן און פּונקט ווי דאָס געזעצבוך פון האַמוראַבי (אמרפל) וואָלט ניט געווען עלטער אויף 6—7 דורות פאַר דער געזעצגעבונג פון דער תורה, ווען מען זאָל זי אפילו אין גאַנצען מיחס זיין משה'ן.

די ברייטע נאַציאָנאַלע בעוועגונג פון די לעצטע צעהנדליגער יאָהרען האָט נאָך ניט געבראַכט צו קיין שינוי אין דער בעציהונג פון די דיינקענדע פאָלקס־קרייזען צום תנ"ך, הגם זי האָט פון אָנהויב אָן געדאַרפט שוין קאָנצענטרירען די אויפמערקזאַמקייט פון די קרייזען אויף די ערשטע מקורים פון דער יודישער

קולטור, דאָס הייסט, פֿיהרען דעם אויפֿגעוואַכטען היסטאָרישען בעוואוס[...] אויפֿן וועג צו דער אויפֿפאַסונג פֿון אינהאַלט און בעגריף פֿון דער ביבלי[...] גייסטיגער וועלט.

עס איז לגמרי ניט קיין צופֿאַל, וואָס, צום אונטערשייד פֿון דער אויפֿלעבונגס-תקופה אין דער געשיכטע פֿון אַנדערע פֿעלקער, געהט ניט בײַ אונז די אויפֿבליהונג פֿון נאַציאָנאַלען בעוואוסטזיין האַנט בײַ האַנט מיטן אויפֿקומען פֿון אַ וואַרען אינטערעס צו די גרויסע מקורים פֿון אונזער אייגענאַרטיגען שאַפֿען. דאָס האָט געמוזט פֿאָרקומען אַדאַנק דעם גרויסען שטח — ניט אין צייט, נאָר אין גייסט — וועלכער טיילט אָפּ דעם גייסטיגען פּרצוף פֿון גלות-יודענטום פֿ[ון] דעם תנ"ך-אינהאַלט און פֿון דער אַלט-ישׂראלשער וועלט-אויפֿפאַסונג בכלל.

נאָר אין דער זעלביגער צייט איז דער תנ"ך ניט פֿאַרגעסען געוואָרען אין פֿאָלק און אַפֿילו פֿאַר די, וועלכע האָבען שוין פֿערלאָרען דעם גייסטיגען צוזאַמענהאַנג מיט דער רעליגיעזער לעבענס-סביבה, שטעהט ער אַלץ ווי אַ פֿאַרגליווערטער קולטור-עלעמענט, וואָס איז אַרומגערינגעלט מיט אַ ראָמאַנטישען קרוין פֿון פּאַטריאַרכאַליטעט, און וועלכער האַלט זיך אין זכרון כמעט נאָר דערפֿאַר, וואָס ער פֿיהרט אונז אַוועק אין אַן אַנדער ווייטער וועלט, וועלכע איז לחלוטין אָפּגעריסען פֿון אונזערע טאָג-טעגליכע לעבעדיגע און נאַטירליכע איבערלעבענישען.

און דעריבער, כּדי עס זאָל אויפֿלעבען אין יודענטום דער אינטערעס צום תנ"ך, האָט מען געדאַרפֿט וועקען די אויפֿמערקזאַמקייט ניט נאָר גראָד צו איין זייט זיינער, וואָס איז ביז איצט פֿאַרגעסען געוואָרען, נאָר איבעראַנדערשען די בעציהונג צום תנ"ך בכלל, איבערקוקען זיין גייסטיגע ירושה, גובר זיין די אינערציע, דעם שטילשטאַנד, פֿון פֿיל דורות, — הכלל, פֿיהרען אַ קאַמפּף, וואָס פֿילע האָבען געדאַרפֿט אויף איהר קוקען, ווי אויף אַ צושטערונג פֿון די גרונד-יסודות פֿון יודענטום און אַפֿילו כמעט ווי אויף סכנה פֿאַר זיין קיום. און דערבײַ פֿאַרגעסט מען לגמרי, אַז ניט צופֿעליג שפּילט דער תנ"ך אַזאַ אייגענאַרטיגע ראָל אין דער וועלט-קולטור, אַז זיין בעדייטונג איז געוויס ניט נאָר מחמת זיין אויסווייניגסטען גלאַנץ, נאָר אין תוך גענומען מחמת זיין ווילטיגען אינהאַלט, און אַז דעריבער דאַרף די פֿערטיפֿונג אין אינהאַלט פֿון תנ"ך ניט דערווייטערן איהם פֿון יודענטום, נאָר, פֿאַרקעהרט, דערנעהנטערן און אומקעהרען דעם פֿאָלק דאָס אייגענטימליכע שאַפֿען, וואָס איז אָנגעזאַמעלט געוואָרען אין תנ"ך און וואָס וועט זיך אַריינגיסען ווי אַ לעבעדיגער שטראָם אין דער אָנגעדאַרטער יודישער קולטור פֿון אונזער צייט.

ניט קוקענדיג אָבער אויף דער גאַנצער אָפּגעשטאַנענקייט און פֿאַרגליווערטקייט פֿון דעם טראַדיציאָנעלען קוק אויפֿן תנ"ך, איז די אויפֿוואַכונג פֿון אַ לעבעדיגען אינטערעס צו דעם הויגען ערשטען מקור פֿון אונזער גייסטיגער קולטור אַן אָביעקטיוו-נייטיגער פּועל יוצא פֿון אונזער נאַציאָנאַלער אויפֿלעבונג, און מוז אָנקומען פֿריהער אָדער שפּעטער.

נאָר אָט דער אומקעהר צום תנ"ך קאָן ניט זיין קיין געוויינליכער אומקעהר צום תמימותדיגען אַלטען קוק אויף זיין אינהאַלט און זיינע ווערטער. עס מוז פֿאַר דעם פֿאָרקומען אַ שאַפֿענדע געדאַנקען אַרבעט, וועלכע זאָל וואַר-

אויף דער געשיכטע פון דער עלטסטער יודישער קולטור און צוגעבען ... בלויז די נעבעלדיגע בילדער פון די גרויסע היסטאָרישע מענער, די ... דער יודישער אייגענאַרטיגקייט.

... דער אמתען, ווען מען טראַגט אַריין דעם געדאַנק פון עוואָלוציאָנ... לאַנגזאַמער ענטוויקלונג, אין דער תנ"ך־וועלט אַריין, לאָזט זיך ... יפרעקען די נאַציאָנאַלע אינדיווידואַליטעט פון יודענטום, ווייל אויף ... דעקען זיך אויף די ערשטע עיקר־עלעמענטען, וועלכע זיינען געבליבען ...נדערט בּאַ אַלע היסטאָרישע וויגונגען און ירידות.

...מיט איין וואָרט: פאַר דעם אַריינטריט אין דער תנ"ך־וועלט מוזען איינגע... ...ט ווערען די פּרינציפּען פון דער תנ"ך־וויסענשאַפט, און וועלכער עס ...שטעהט פאַר אין יודענטום ניט קיין צושטערענדע, נאָר אַ בּויענדע שאַפענדע ראָליע.

עס פערשטעהט זיך, אַז די אָנווענדונג פון די היינטצייטיגע מעטאָדען פון היסטאָרישער און ליטעראַרישער קריטיק אויף צו בּעגרייפען דעם תנ"ך, וועט מוזען ברייגגען דערצו, אַז עס זאָלען איבּערגעקוקט און איבּערגעשאַצט ווערען די פילע ווערטען זיינע, אָבּער אין משך פון דעם אָפּקלייבּונגס־פּראָצעס וועט זיך אויסלייטערן דער אייגענאַרטיגער יודישער געדאַנק, ער וועט ווערען שטאַרקער און בּעוואוסטזיניגער און וועט געפינען אָנשטאָט דעם דונקעלן נעבּעלדיגען גלאַנץ פעסטע יסודות צום ווייטערדיגען נאַציאָנאַל היסטאָרישען בּויען.

נאָר דעם יודישען געדאַנק, וועט ניט אויסקומען אָנצוהויבּען אין דעם געבּיט פון אָנהייבּ צו, ווייל די מערבֿ־אייראָפּיישע וויסענשאַפט האָט שוין אָפּגערייניגט פאַר איהם אין אַ היבּשער מאָס דעם וועג. און די ערשטע אויפגאַבּע פון דער יודישער היסטאָרישער וויסענשאַפט איז — איינצולערנען די הויפּט־רעזולטאַטען פון דער אייראָפּיישער תנ"ך־וויסענשאַפט, בּעזונדערס איהרע היסטאָרישע (ניט טעאָלאָגישע) חלקים און זיי איבּערצואַרבּעטען כדי זיי ווייטער צו ענטוויקלען.

די מערבֿ־אייראָפּיישע תנ"ך־וויסענשאַפט האָט שוין איהר גאַנץ לאַנגע געשיכטע, ווייל די ערשטע פּרובּען וויסענשאַפטליך דורכצופאָרשען און צו בּעלייכטען דעם תנ"ך געהערען שוין צו דער עפּאָכע פון הומאַניזם און רעפאָרמאַציע און קאָנען בּעטראַכט ווערען אַלס אַ רעאַקציע געגען דער מיטעלאַלטערליכער דאָגמאַטיק און סכאָלאַסטיק. נאָר צונויפגעסענדיג זיך ערשט אין סוף פון 18־טען יאָהרהונדערט מיט דער אַלגעמיינער בּילדונגס־בּעוועגונג האָט די תנ"ך־וויסענשאַפט דערגרייכט צו איהר פולער אויפבּליהונג און בּעריייכערענדיג זיך מיט די אויספיהרונגען פון דער אַסיראָלאָגיע און עגיפּטאָלאָגיע, — איז זי היינט איינער פון די ענטוויקעלטסטע געבּיטען פון מענשליכען וויסען.

אָט דעם גאַנצען וועג איז די תנ"ך־וויסענשאַפט דורכגעגאַנגען ניט נאָר אָהן דער בּעטייליגונג פון יודענטום, נאָר לגמרי אויסערן תחום פון דער יודישער געדאַנקען־וועלט. דאָס יודענטום בּלייבּט נאָך עד־היום פרעמד און ווייט פון יענער גרויסער גייסטיגער אַרבּעט און אידעען־קאַמפּף, וועלכע ווערען געפיהרט אַרום דעם גרעסטען ווערק פון זיין נאַציאָנאַלער קולטור.

דאָס דאָזיגע בוך שטעלט זיך פֿאַר אַ עיקר־ציל צו בעקענען דאָס לעזנדע פּובליקום מיט די וויכטיגסטע אויספֿירונגען פֿון דער תּנ״[ך־וויסען־] שאַפֿט ווי בנוגע צו דער געשיכטע פֿון דער תּנ״ך־תּקופֿה, אַזוי אויך דער געשיכטע פֿון דער תּנ״ך ליטעראַטור.

דערפֿאַר איז דעם דאָזיגען ווערק צוגעגעבען געוואָרען דער כאַראַקט[ער פֿון] אַ זאַמעלבוך, אין וועלכען עס געהען אַרײַן פֿון איין זײַט אויסגעוועהלט[ע קאַ]פּיטלען פֿון די ווערק פֿון די אָנגעזעהענסטע מערב־אייראָפּעישע געלעה[רטע] און פֿון צווייטען זײַט פּאַראַלעלע אויסשניטען פֿון תּנ״ך גופֿא, וועלכע בעליי[כטען] די אַרויסגעבראַכטע מיינונגען און וועלכע זיינען איבערזעצט אויף יודיש לו[יט] דעם קריטיש איבערגעקוקטען טעקסט פֿון ע. קאַוצש אין זיין קלאַסישען ווערק:

Die Heilige Schrift des alten Testaments (3-te Auflage 1919—1910 *).

בײַם צוזאַמענשטעלען דאָס מאַטעריאַל איז אָפּגעהיט געוואָרען דער כראָנאָלאָ־גישער סדר; עס איז געמאַכט געוואָרען אַן אויסנאַהם נאָר פֿאַר דעם אַרטיקעל וועגען די נביאים, ווײַל עס איז געווען נויטיג צו בעלייכטען די ערשיינונג פֿון דער נבואה ווי איין גאַנצע זאַך, און דעריבער האָט געמוזט אויסגעקליבען ווערען אויף איין אָרט דער היסטאָרישער מאַטעריאַל, וועלכער האַפּט אַרום פֿערשידענע טיילען פֿון דער תּנ״ך־תּקופֿה.

אין אַלע קאַפּיטלען איז דורכגעפֿיהרט געוואָרען אַן אַלגעמיינע טערמינאָ־לאָגיע. די אַלע כראָנאָלאָגישע דאַטען, וועלכע זיינען אָפֿט ניט גלייך בײַ די פֿערשיידענע געלעהרטע, זיינען צוגעפּאַסט צו דער כראָנאָלאָגישער טאַבעלע, וועלכע געפֿינט זיך צום סוף פֿון בוך.

עס בלייבט נאָך אָנצוווייזען אויף די סיבות, וועלכע האָבען אונז דערוועקט אַרייַנצושטעלען אין דעם זאַמעלבוך אין דער פֿאָרם פֿון אַ בײַלאַגע — אַ קורצע איבערזיכט פֿון די רעזולטאַטען, צו וועלכע עס איז געקומען די וויסענשאַפֿטליכע קריטיק אין דער פֿאָרשונג פֿון תּנ״ך־טעקסט, איבערהויפּט פֿון דער תּורה (די פֿינף חומשים). די פֿאָרשונג פֿון די ערשטע היסטאָרישע מקורים געהט אייגענטליך ניט אַריין אין די אויפֿגאַבען פֿון אַ פּאָפּולערען זאַמעל בוך, אָבער אין דעם דאָ־זיגען פֿאַל האָט די וויסענשאַפֿטליכע פֿאָרשונג צו טאָהן ניט מיט געוויינליכע מקורים, וועלכע טרעטען ניט אַריבער די שוועלען פֿון די געלעהרטע קאַבינעטען, נאָר מיטן תּנ״ך, וועלכער איז בעקאַנט יעדען איינציגען און בעקאַנט, געוויינ־ליך, אין יענער טראַדיציאָנעלער פֿאָרם, פֿון וועלכער נאָר אַ הונדערטיאָהריגע אַרבעט פֿון וויסענשאַפֿטליכען געדאַנק איז בכּח געווען אַרויסצודערגעהן דעם היסטאָריש כּמעט ריכטיגען אינהאַלט. די אַרטיקלען, וועלכע געהען אַריין אין בײַלאַגע, האָבען דאָס ציל צו געבען ווייניגסטענס אַ וועלכע עס איז פֿאָרשטעלונגען וועגען יענע מיטלען, מיט דער הילף פֿון וועלכע די וויסענשאַפֿטליכע פֿאָרשונג

*) די פּסוקים און איינציגע ווערטער, וועלכע שטעהען אין גלייכווינקלדיקע סקאָבקעס [ ] זיינען נאָך דער מיינונג פֿון קאָודש מיט דער צייט אַריינגעשטעלט געוואָרן אין דעם פֿריער־דיגען תּנ״ך טעקסט.

איז געקומען צו די הײַנטצײַטיגע השקפות אויף דער געשיכטע פון תנ״ך, און וועגן יענע גרונד־מײנונגען פון דער תנ״ך־קריטיק, וועלכע ליגען אין יסוד פון אַלע אַרטיקלען אין דעם דאָזיגען בוך.

דער קורצער אַרטיקעל, וואָס געפינט זיך אין דער בײַלאַגע מכּח די הויפּט־רעזולטאַטען, צו וועלכע עס האָבען געבראַכט די אויסגראָבונגען אין ארץ־ישׂראל און אין די לענדער פון אַלטען מזרח, האָט זײַן אויפגאַבע צו כאַראַק־טעריזירען די וויכטיגסטע פון די אַרויסגעפונענע דענקמעלער (מצבות), בנוגע צו זייער בעדײַטונג פאַר דער געשיכטע פון תנ״ך.

ניט קוקענדיג אויף דעם צוזאַמענגעשטעלטען כאַראַקטער פון דעם דאָזיגען בוך, איז דאָס ניט קיין צופעליגע זאַמלונג פון אַרטיקלען, און האָט זײַן ציל צו זײַן אַ גאַנצעס, וואָס אַלע זײַנע טײלען זײַנען ניט נאָר פון אויסווייניג כראָנאָ־לאָגיש פערבונדען, נאָר אויך פון אינעווייניג, פעראייניגט דורך איין אידעע: זי אַלע שטרעבען פאָרצושטעלען און דערווייזען, ווי אַזוי אין איינגען צוזאַ־מענהאַנג מיט די היסטאָרישע געשעהענישען עס איז פאָרגעקומען אין ישׂראל דער איינציגער אין דער וועלט־געשיכטע גרויסאַרטיגער קאַמפּף צווישען די נאַטירליכע און די עטישע עלעמענטען פון דער אמונה, — אַ קאַמפּף, נאָך וועל־כען דאָס פאָלק ישׂראל, וועלכעס האָט זיך אין אָנהויב פון דעם פעריאָד כמעט מיט גאָרנישט ניט אויסגעטיילט פון דער סביבה פון די איבעריגע סעמיטישע פעלקער, — איז צום סוף, געוואָרען דער טרעגער פון אַן אייגענאַרטיגער גייסטי־גער קולטור פון אַן אַלוועלטליכער בעדייטונג.

---

Очерки по еврейской исторій и культурѣ, С.-Петербургъ 1912.

אַלס יסוד פון דער דאָזיגער אויסגאַבע האָט געדינט דאָס רוסישע בוך וועלכע איז אַרויסגעגעבען געוואָרען דורך דער היסטאָריש־עטנאָגראַפישער גע־זעלשאַפט אין פעטערבורג. עס זײַנען אָבער אַרײַנגעטראָגען געוואָרען וויכטיגע שינויים, דהיינו: אַ גאַנצע רייהע קאַפּיטלען, וועלכע זײַנען פאַרהאַנען אין דער רוסישער אויסגאַבע זײַנען דאָ אויסגעשלאָסען געוואָרען און אָנשטאָט זיי זײַנען אַרײַנגעשטעלט געוואָרען 5 נײַע קאַפּיטלען: V, VII, XII, XVI און דער קאַ־פּיטעל 2 פון די „הוספות“. אַחוץ דעם זײַנען בערך צו דער רוסישער אויסגאַבע געמאַכט געוואָרען אַ רייהע ערגענצונגען, בעמערקונגען און רעדאַקציאָנעלע פער־ריכטונגען.

מ. סאָלאָווייטשיק.

פעטערבורג. מאַי 1913.

---

# פאָרוואָרט.

זעדער גרייס איז די הצטרכות אין אַ פאָלקס־ליטעראַטור. וועלכע זאָל די ברייטע יידישע שיכטען געבען אַ גענייע און קלאָרע השגה וועגען די ווילטיגס־טע מקורים פון אונזער נאַציאָנאַלער קולטור, אויפדעקען דעם ריכטיגען פּרצוף פון פאַרצייטיגען יודענטום, זיין לעבענס־שטייגער, זיינע זיטען און די ענט־וויקלונג פון זיינע רעליגיעזע און מאָראַלישע פאָרשטעלונגען.

ליידער איז בײַ אונז אַזאַ ליטעראַטור ביז איצט כמעט נאָך ניט געשאַפען געוואָרען. דאָס גרעסטע און היילינגסטע ווערק פון אונזער עבר — דער תנ"ך — איז אין דער זעלביגער צייט אויך דאָס סודות פולסטע בוך פאַר אונזער פאָלק, ניט קוקענדיג אויף זיין גרויסער פּשטות און קלאָרען געדאַנק. דאָס גרויסע ווערק, אין וועלכען דער שאַפענדער גייסט פון פאָלק און משך פון דורות האָט טיף און ערנסט באַטראַכט די פראַגען פון לעבען פון יחיד און כלל, — דאָס דאָזיגע ווערק איז מיט דער צייט אָפּגעריסען געוואָרען צוזאַמען מיטן פאָלק, זיין שאַפער, פון ערדישען באָדען, איבערגעטראַגען געוואָרען אין די הימלען און איינגעוויקעלט אין דעם מאַנטעל פון אַבסטראַקטער אמונה.

כדי צוצופּאַסען זיך צום הימאַטלאָזען לעבען און כדי ניט צו לאָזען די וואָרצלען פון זיין נאַציאָנאַלער קולטור אין דער פרעמדער און ניט גינסטיגער סביבה, האָט זיך דאָס פאָלק מצמצם געווען אין זיין אַבסטראַקטער, הימלישער וועלט. אין דערמיט זיך געראַטעוועט פון אַסימילאַציע און אונטערגאַנג, — אָבער אין דער זעלביגער צייט האָט ער פאַרלאָרען יעדע געזונטע און נאַטירליכע השגה וועגען זיין פּאָליטישען און ענטוויקלונגס־רייכען לעבען אין עבר.

די דאָזיגע נטיה צום פערגייסטיגונג און צמצום ליגט ניט נאָר אין יסוד פון דער תורה שבעל פה, דער תלמודישער ליטעראַטור, נאָר זי לאָזט זיך שוין מערקען אויך בײַ די צונויפשטעלער פון תנ"ך, וועלכע האָבען ווייניג וואָס געהאַלטען פון דעם סאָציאַל־עקאָנאָמישען לעבען אין זייער צייט. די לאַנגע גסיסה און די מפּלה פון דער יודישער מלוכה האָבען געשאַפען אַ גינסטיגען באָדען פאַר דער ענטוויקלונג פון הערדאָזיגער נטיה: אָנשטאָט דער סאָציאַל־פּאָליטישער איינהייט איז אויפגעקומען די איינהייט פון גייסט, אָנשטאָט דער נאַציאָנאַלער קהלה מיט איהרע רעאַלע פאָלקס־טראַדיציעס איז אויפגעקומען די רעליגיעזע קהלה, מיט איהרע תפלות און תעניתים און מיט איהרע מיסטישע פאָרשטעלונגען. אַזוי זיינען דער רעליגיעזער צמצום און די פערגייסטיגונג פון עבר אויפגענומען געוואָרען אַלס חלקים פון טראַדיציאָנעלען קוק אויפן תנ"ך. אַזוי איז דער תנ"ך געוואָרען אויסשליסליך אַ זאַך פון גלויבען און ניט פון קלאָרען פאַרשטעהן, — אַ ווערק, איבער וועלכען עס האָט מעהר ניט

קיין שליטה דער וועלכער און פרעגענדער שכל. אזוי איז לגמרי פארגעסען געוואָרען דער אמת, אז די געזעצען פון דער תורה זיינען אין די פערשידענע תקופות צוגעפּאַסט געוואָרען צו די ווירקליכע צרכים פון פאָלקס-לעבען, פאַר וועלכע זיי זיינען לכתחלה געשאַפען געוואָרען.

די ביידע חכמים פון סוף בית שני, רבי שמעון, וועלכער האָט געפאָרשט דעם לאָגישען זין פון יעדען פסוק (רבי שמעון דריש טעמא דקרא) און רבי יהושע, וועלכער האָט אָפען ערקלערט, אַז די תורה איז ניט אין הימעל, אַז זי איז געגעבען געוואָרען אונז, די קינדער פון דער ערד, דורך משה'ן אויפען סיני, (לא בשמים היא, שכבר ניתנה למשה בסיני), — ביידע האָבען זיי אַרויס-גערופען צו זיך אין יענער צייט אַ גרויסע התנגדות. צו רבנו סעדיה גאון און צום רמב"ם, וועלכע האָבען ערקלערט די תעמים פון די מצות, האָט מען זיך אָפּגעטראָגען מיט חשד און פאַרבאָרגענער שנאה; ברוך שפינאָזאַ, וועלכער האָט שפּעטער דורך זיין טיפען שכל געזוכט פעסטצושטעלען די מהות פון דער גאָטהייט. האָט מען אַריינגעוואָרפען אין חרם, און די משכילים פון די 80-ער יאָהרען, וועלכע האָבען געזעהן אין תנ"ך רעאַלע לעבענס-כללים און פאָלקס-זיטען און געזוכט פעסטצושטעלען אַ האַרמאָניע צווישען זיי און צווישען די צרכים פון אונזער צייט, זיינען בעגעגענט געוואָרען מיט שפּאָט און רדיפות.

אין משך פון דער צייט איז פאָרגעקומען אַ גרויסע איבערקעהרעניש. די ברייטע נאַציאָנאַלע בעוועגונג, וועלכע שטעלט פאַר זיך אַלס ציל דעם אומקעהר צו רעאַלען און פּאָזיטיווען לעבען, האָט שוין פּאַקטיש צושטערט דעם אַמאָליגען צמצום פון דער פאָלקס-נשמה און די בעגייסטיגונג פון די היסטאָרישע ווערטען. דאָס פאָלק פון בוך האָט זיך לאַנגזאַם אָנגעהויבען צו פערוואַנדלען אין אַ פאָלק פון לעבען מיט קלאָרע און בולטע טענדענצען אָנצוקליידען זיין שאַפענדען גייסט אין ממשות'דיגע מענשליכע פאָרמען; אין אַ פאָלק מיט ניט שטענדיג ברייטע מעגליכקייטען, נאָר שטענדיג מיט אַברייטען ווילען רעאַל און פּאָזיטיוו צו לעבען. די אמונה איז געבליבען דער וויכטיגסטער טייל פון יודענטום, האָט אָבער אויפגעהערט צו זיין דאָס יודענטום אַליין. אויך דעם תנ"ך האָט מען אָנגעהויבען קלאָרער און פשוטער צו פאַרשטעהן און זיין הייליגקייט האָט אָנגעהויבען ווערען אַ מעהר לעבעדיגע און שטאָלצע, וועלכע דער קלאָרער שכל פון מענשען קאָן פאַר קיין פאַל ניט סותר זיין, נאָר, פאַרקעהרט. בעלייכטען און פאַרטיפען.

און ווען נאָך דעם אַלעמען איז די יודישע וויסענשאַפט — וועלכע איז בכלל נאָך אַזוי יונג — נאָך ניט געקומען צו דער מדרגה, אַז זי זאָל קאָנען ניכטער און אָהן לייַדענשאַפט בעטראַכטען דעם תנ"ך ווי יעדער אַנדער גרויסע ליטעראַרישע און קולטור-געשיכטליכע שאַפונג פון דער מענשהייט, איז דאָס נאָר אַ פּראָדוקט פון דער חורות-לאַנגע געוויינהייט צו זעהן אין תנ"ך אַ איבער-מענשליכעס און ניט בערידהרליכעס ווערק.

אָבער דאָס, וואָס עס האָט נאָך ניט געקאָנט כמעט טאָהן ביז אַהער די יודישע וויסענשאַפט האָט געטאָהן די — הגם אויך ניט גאַנץ אָביעקטיווע — ניט-

ייִדישע וויסענשאַפֿט. דאָס איז געווען איינער פֿון די גרויסע פֿערדינסטען פֿון דער רעפֿאָרמאַציע, וואָס זי האָט דערנעהנטערט דעם תּנ״ך צו דער מענשליכער געזעלשאַפֿט און האָט געלערנט צו בעטראַכטען איהם מיט מענשליכע אייגען. און פֿון האַן אָן האָט ביסלעכווייז אָבער איהם אָנגעהויבען צו פֿאַרשפּרייטען איהר שליטה די מאָדערנע וויסענשאַפֿט. ניט גלייכגילטיג איז געווען די קריסט-ליכע וועלט צום תּנ״ך: אַני׳ אַנדערס מאָל די ליבע, דאָס חבֿ דער פֿערבאָרגענער חשד און קנאה האָבען פֿאַרבלענדט איהרע אייגען פֿון צו זעהן די ווירקליכקייט, און גאַנץ אָפֿט האָט זיך דער וויסענשאַפֿט אייך ניט איינגעגעבען צו בעפֿרייען זיך פֿון די האָריגע מעטשלוכע שוואַכקייטען. — אָבער דאָך גרויס זיינען די רעזולטאַטען, די וועלכע זי האָט דערגרייכט בעזונדער אין משך פֿון לעצטען יאָהרהונדערט. זי האָט העל בעלייכטען דאָס פֿאַרצייטיגע לעבען פֿון די מזרח-פֿעלקער בכלל און פֿון יודישען פֿאָלק בעזונדער, זי האָט מיט ענערגיע און מסירות נפש געפֿאָרשט די נאַטור און די זיטען פֿון ארץ ישראל, סוריא, בבל און מצרים און האָט פֿאַרבונדען דעם תּנ״ך צוריק מיטן היסטאָרישען באָדען, פֿון וועלכען ער האָט געצויגען זיין חיונא און אויף וועלכען ער האָט זיך ענטוויקעלט. זייענדיג אַליין פֿון די זאַפֿטען פֿון געזונטע מאָדערנע קולטורען, האָבען די טרעגער פֿון דער וויסענשאַפֿט בולט און פֿילוויטיג געשילדערט די גרויסע תּקופֿות פֿון דער אַלטער יודישער געשיכטע, וועלכע עס האָט קיים גע-קאָנט רעאַל בעגרייפֿען דער איינגעקנייטשטער דערשלאָגענער מ״ח פֿון גלות-יודענטום.

זיי האָבען געפֿונען און דורכגעלייגט דעם ריכטיגען וועג פֿאַר אַ וויסענ-שאַפֿטליכער אויפֿפֿאַסונג פֿון תּנ״ך, ניט קוקענדיג אויף אַלע זייערע טעותן און טענדענציעזע השערות און אויף דער גאַנצער וויטקייט זייערער פֿון דעם תּוך פֿון דער יודישער קולטור; דוקא די האָריגע וויטקייט האָט זיי אָפֿטמאָל געגעבען די מעגליכקייט אַרומצוכאַפֿען מיט זייער בליק די גאַנצע אַרענע פֿון געשיכטליכען לעבען און פֿעסטצושטעלען די פֿיזיאָגנאָמיע פֿון יעדער תּקופֿה בעזונדער.

פֿון זיי דאַרפֿען מיר זיך לערנען דעם אופֿן פֿון וויסענשאַפֿטליכער פֿאָרשונג; מיר דאַרפֿען אויפֿדעקען און פֿאַרריכטען די פֿעהלערן זייערע, אָבער אַרבעטען ווייטער מוזען מיר אין דער ריכטונג, וועלכע זיי האָבען אונז אָנגעצייכענט; מיר מוזען בעלייכטען די רייכע מקורים פֿון אונזער עבֿר קלאָר און לאָגיש, ווי עס האָבען דאָס פֿאַרמאָגט צו טאָהן אייניגע פֿון אונזערע גרויס-מפֿרשים פֿון תּנ״ך אין זייער צייט.

דאָס פֿאַרליגענדע ווערק, וואָס מיר גיבען דעם יודישען לעזער, ענטהאַלט אין זיך — אַחוץ אייניגע אויסנאַהמען — קאַפּיטלען פֿון ווערק פֿון ניט יודישע געלעהרטע, וועלכע מיר האָבען בעאַרבעט און מסביר געווען אין יודיש. דאָס הייסט ניט, אַז מיר זיינען מסכים מיט אַלע זייערע איינצעלנע אויספֿיהרונגען און השערות. מיר האָבען פֿיל מעהר געוואָלט איבערגעבען דעם יודישען לעזער-פּובליקום אין קורצען די וויכטיגע רעזולטאַטען פֿון דער תּנ״ך-וויסענשאַפֿט, די קלאָרע השגה, וועלכע זי האָט אונז געגעבען איבער פֿאַרשיידענע ערשיינונגען

פון אונזער פאַרציטיגען לעבען און אָנווייזען איף איהר געזונטען קוק אויפן יודישען עבר בכלל.[1] — ווען דער יודישער לעזער וועט האַלטען אָפען פאַר זיך דעם תנ"ך און לעזען דאָס פאָרליגענדע ווערק מיט אַ ניכטערן שכל, וועלען זיך פאַר איהם עפענען ברייט די האָריזאָנטען פון אַלטען יודישען לעבען און דער תנ"ך וועט איהם ווערען נעהנטער און פאַרשטענדליכער. זאָל ער ניט זאָרגען, ווען ער וועט אויף די האָריזאָנטען געפינען שוואַרצע פינטלען, זאָל ער נאָר איינעהמען דאָס ליכט און די ברייטקייט פון דער תנ"ך וויסענשאַפט און רוהיג גלייבען אין דער צוקונפט פון דער יודישער וויסענשאַפט, וועלכע האָט נאָך צו זאָגען איהר גרויסען וואָרט אין געביט פון דער תנ"ך־פאָרשונג.

ד"ר שמואל אייזענשטאַדט.

אָדעס. מאי 1913.

---

# אינהאלט פון ערשטן טייל.

## ג. די ערשטע יאָרהונדערטען פון פעסטען לעבען.

## ה. די תקופה פון די גרויסע נביאים און די מפלה פון דער ישראלשער און יודישער מלוכות.



---



ארם
דמשק
צידון
צור
גליל
חבל־ארגוב
עשתרות־קרנים
אדרעי
סלכה
שומרון
שכם
הר גלעד
רבת־עמון
עמון
יהודה
גרר
ערוער
ארנון
רבת־מואב
מואב
קיר־מואב
אדום
ארץ־ישראל
אין די ביבלישע צייטן
קילאמעטער
די ציפער באווייזן
די הייך אין מעטער



דער אַמאָליקער מזרח
מאַסשטאַב 1:12000000
די וועגן פֿאַר האַנדל
מעסאָפּאָטאַמיע
אשור
ארם
דמשק
בבל
עילם
מצרים
ירושלים
קדש
מדבר

# א. איינפֿיהרונג.

## I. די געאָגראַפֿישע לאַגע פֿון ארץ־ישראל.

דער נאָמען פֿון לאַנד און די גרעניצען.

דער נאָמען „פּאַלעסטינא“, וועלכֿען ארץ־ישראל טראָגט אין דער וועלט־ליטעראַטור, שטאַמט פֿון דעם וואָרט „פלשת“, וואָס די גריכֿען האָבען איהם אומגעענדערט לויט זייער שטייגער, און וואָס די תורה (שמות טו, 14) האָט בעצייכֿענט דורך איהם דעם דרומ׳דיגען ברעג־פּאַס פֿון סוריא, דאָס הייסט, דאָס פלשתים־לאַנד. נאָר שוין זינט דער צייט פֿון דעם גריכֿישען היסטאָריקער העראָדאָט (אין פֿינפֿטען יאָהרהונדערט פֿאַר דער קריסטליכֿער צייט), בעצייכֿענען די גריכֿען מיט דעם נאָמען אויך דעם מיטעלסטען טייל פֿון לאַנד, און אין דעמזעלבען זין בענוצען זיך מיט דעם וואָרט אויך די אַלטע קריסטליכֿע שרייבער.

ארץ ישראל פֿאַרנעמט דעם דרומ׳דיגען דריטעל פֿון יענעם שטח, וועלכֿער טראָגט פֿון פֿאַרצייטען אָן דעם נאָמען סוריא. דער צפֿון־גרעניץ פֿון לאַנד ווערט בעצייכֿענט דורך אַ שטריך, וועלכֿער ווערט דורכגעפֿיהרט עפּיס העכֿער, צפֿונ׳דיגער, פֿון דער שטאָדט צור, צו מזרח־זייט צו. פֿון דרום־זייט טיילט זיך דאָס ארץ־ישראל׳דיגע הויכֿלאַנד אָפּ פֿון דעם הויכֿלאַנד סין דורך אַ ניעדריגען לאַנד־שטח, וואָס הויבט זיך אָן אין דרום־זייט פֿון גת און ציהט זיך איבער די חורבֿות פֿון באר־שבֿע ביז צו די דרומ׳דיגע ברעגעס פֿון טויטען אָדער געזאַלצענעם ים (ים המלח). דער מיטעללענדישער ים, — אין תנ״ך „ים הגדול“ (גרויסער ים), — דינט פֿאַר׳ן מערבֿ׳דיגען גרעניץ פֿון לאַנד און בילדעט כמעט אַ גלייכֿע ליניע פֿון צפֿון־מזרח צו דרום־מערבֿ. דעם מזרח׳דיגען גרעניץ פֿון לאַנד קאָן מען ניט פֿעסטשטעלען גענוי, און ער געפֿינט זיך אייגענטליך דאָרטען, וואו עס הערט אויף דאָס בעאַרבייטע אַקער־לאַנד און וואו עס הויבען זיך אָן די ווילדע סירישע סטעפּעס, וואו עס וואַנדערן נאָך ביז איצט אַרום די בעדואינער, אַראַבישע וואַנדער־שבֿטים.

די געשטאַלט פֿון לאַנד און זיין נאַטור.

איבער דער גאַנצער לענג פֿון סוריא, פֿון צפֿון צו דרום, ציהט זיך אַ גרויסער טאָל; ער הויבט זיך אָן עפּיס נעהנטער צו צפֿון, איידער די אַלטע אַנטיוכֿיא, ער בילדעט דאָ דעם אָראָנטעס־טאָל צווישען דעם באַרג לבֿנון און קעגען־לבֿנון, (וואָס ווערט אָנגערופֿען קעלעסירען), און טיף אַראָפּלאָזענדיג זיך צום ירדן־טאָל, דערגרייכֿט ער צו זיין גרעסטער טיפֿעניש אין געזאַלצענעם ים. האַלטענדיג זיך ביי זיין פּריהערדיגער ריכֿטונג, פֿון צפֿון קיין דרום, ציהט זיך דער טאָל נאָך ווייַ־

טער, אַריבער דעם דרום-גרענעץ פֿון ארץ-ישׂראל, אין אונטערן נאָמען „ערבֿה“ (אַראַבאַ) דערגרייכֿט ער ביז צום אַקאַבישען ים-אויסגוס.

איך אַזאַ אופֿן צעטיילט זיך ארץ-ישׂראל אויף פֿיר פּאַסען, וואָס ציהען זיך פּאַראַלעל איינער צום צווייטען פֿון צפֿון קיין דרום: דעם פֿלאַך-לאַנד ביים מיטעללענדישען ים-ברעג, דעם צענטראַלען באַרג-לאַנד, דעם ירדן-טאָל און דעם הויכֿלאַנד פֿון יענער זייט ירדן.

**דאָס פֿלאַך-לאַנד ביים מיטעללענדישען ים.**

1. דאָס פֿלאַך-לאַנד ביים מיטעללענדישען ים איז געווען אַמאָל בעדעקט דורכֿן ים, וואָס איז דעמאָלט דערגאַנגען ביז צו די בערג פֿון לאַנד. אָפּטרעטענדיג צו מערבֿ צו, האָט דער ים פֿריי געמאַכֿט דעם דאָזיגען פּליין און איבערגעלאָזען זיינע סימנים אויפֿן געאָלאָגישען בוי פֿון דער קרקע. אין איינציגע ערטער, (אַ שטייגער ביי עכּו, צור און צידון), קאָן מען נאָך אַפֿילו איצט אויפֿדעקען דעם פּאַמעלאַכֿדיגען פּראָצעס פֿון דער יבשה-בילדונג. דעם דאָזיגען פֿלאַכֿען ברעג-שטח געפֿינען מיר נאָר אין ארץ ישׂראל, אין צפֿון סוריא איז ער ניטאָ; דאָרטען זעהען מיר נאָר אַ פֿעל-זיגען ברעג; אין דרום אָבער, הארט ביז צו מצרים, ציהט זיך אַ פֿלאַכֿער פּליין, וואָס ווערט נאָר אין איין אָרט איבערגעריסען דורך דעם כּרמל-באַרג. דער ברעג פֿון ים איז דאָ וועדער אָרים מיט האַפֿענס; די שיפֿען קאָנען ניט צוגעהן גענוג נאָהענט צום ברעג, און אַ דאַנק די מערבֿדיגע ווינטען, וואָס בלאָזען כּמעט אַ גאַנצען יאָהר, האָט דאָס לאַנד ניט קיין גענוג זיכֿערע בוכֿטעס.

אין דעם ברעג-פּליין קאָן מען אונטערשיידען צוויי חלקים; דעם דרום-דיגען — אַ טיפֿלאַנד, דאָס אַזוי גערופֿענע „פּלשׁתּים-לאַנד“, אין תּנ״ך — שפֿלה. עס שטעלט פֿאָר אַ וועלענאַרטיגען שטח, וואָס צייכֿענט זיך אויס דורך זיין פֿרוכֿפּערקייט. די צפֿון'דיגע העלפֿט זיינע, דער שׁרון, איז רייך בעוואַסערט דורך דעם טייך נהר-אל-אוידשה און אַנדערע. אין פֿיל ערטער לאָזען ניט די זאַמד-בערגלעך דעם וואַסער אַראָפּצורינען אין ים אַריין און ברענגען דערצו, עס זאָלען זיך בילדען זומפּען. אין אַמאָליגע צייטען איז דער שׁרון געווען בערימט דורך זיין פֿרוכֿפּערקייט, דורך זיינע בלומען, און אויך דורך זיינע רייכֿע לאָנקעס. איצט איז ער גוט בעאַרבייט נאָר אין זיין דרום'דיגען טייל.

**דאָס צענטראַלע באַרג-לאַנד.**

2. דאָס צענטראַלע באַרג-לאַנד, וואָס ציהט זיך אין אַ גלייכֿער ליניע פֿון דרום קיין צפֿון, שטעלט פֿאָר אַ קייט פֿון בערג, וועלכֿע פֿער-אייניגט דאָס הויכֿלאַנד פֿון סיני-האַלב-אינזעל מיט'ן לבֿנון.

אין קולטורעלען זין שטעלט דער דאָזיגער באַרגיגער שטח פֿאָר דעם צענטער פֿון לאַנד, און אויף איהם זיינען געלעגען די וויכֿטיגסטע שטעדט: ירושלים, חבֿרון, בית לחם, בית אל, שילה, שכֿם און שומרון. אין דער לענג זיינער האָט זיך אויך געצויגען דער וויכֿטיגסטער וועג פֿאַר'ן אינעווייניגסטען האַנדעל. דער דרום פֿון ארץ ישׂראל האָט זיך גערופֿען פֿאַרצייטען „נגבֿ“ —

2

„דאָס טרוקענע לאַנד". דאָס איז אַ טייל פֿון דעם גרויסן פּלאַטאָ*, וועלכער געפֿינט זיך אין מערבֿ-זייט פֿון דער ערבֿה און דערגרייכט ביז צום מיטעל-לענדישען ים. איצט וואוינען אויף דעם שטח נאָר בעדואינער, אַמאָל אָבער — אויף וויפֿיל מיר זעהען פֿון די תּנ"ך-ערצעהלונגען און פֿון די צאָהלרייכע חורבֿות — איז ער געווען געדיכט בעזעצט. איבער דעם פּלאַטאָ הויבט זיך אויף דאָס הויכלאַנד פֿון יהודה, וואָס דערגרייכט אין דורכשניט ביז 900 מעטער די הויך. אין תּנ"ך הייסט דער דאָזיגער קאַנט — מדבר פֿון יהודה. דעם דאָזיגען מדבר שניידען דורך טיפֿע בערג-שפּאַלטען, און נאָר אין פֿריה-יאָהר וויזען זיך אויף איהם מאָגערע פֿלאַנצונגען.

דאָס הויכלאַנד פֿון שומרון איז דער המשך פֿון דעם הויכלאַנד פֿון יהודה, וואָס איז אַ סך מעהר פֿערשיידענאַרטיג, איידער דאָס ערשטע. די בערג-שפּיצען עיבל און גריזים דערגרייכען ביז 870 און 938 מעטער די הויך; צו צפֿון צו געהט דאָס הויכלאַנד בהדרגה איבער אין אַ טאָל, — דעם טאָל יזרעאל. דער דרום'דיגער טייל פֿון דעם דאָזיגען הויכלאַנד איז, קאַנטיג, דאָס, וואָס דער תּנ"ך רופֿט אָן מיט'ן נאָמען — „בערג פֿון אפֿרים".

דער טאָל יזרעאל, וואָס האָט געשפּילט אַזאַ וויכטיגע ראָל בשעת די ארץ-ישראל'דיגע מלחמות, געפֿינט זיך צווישען דעם הויכלאַנד פֿון שומרון און צווישען דעם בארג כּרמל. זיין באָדען איז ערטערווייז קויטיג, נאָר אויף די העכערע ערטער איז ער זעהר פֿרוכטבאַר.

מעהר פֿון אַלע איז רייכער אין פֿאַרמען דער דריטער עקסט צפֿונ'דיגער טייל פֿון דעם הויכלאַנד: דאָס הויכלאַנד פֿון גליל. עס שטעלט פֿאַר אַ שורה ברייטע פֿרוכטבאַרע טאָלען און גרויסאַרטיגע לאָנקעס, וואָס שפּרייטען זיך צווישען די בערג. גליל איז דער פֿרוכטבאַרסטער און שענסטער טייל פֿון ארץ ישראל. די שפֿע פֿון רעגען און טוי, די שטענדיג פֿליסענדיגע בערג-טייכלאַך און דער ערטערווייז וואולקאַנישער באָדען פֿאַרשאַפֿען דעם לאַנד פֿרוכט-פֿערקייט און רייכקייט. דער יודישער היסטאָריקער יוסף פֿלאַוויוס רופֿט אָן גליל — „דער גרויסער פֿרוכט-גאָרטען".

3. דער ירדן-טאָל. דאָס מערקווירדיגסטע ביים ירדן איז דאָס, וואָס ער לאָזט זיך טיף אַראָב אויף זיין וועג פֿון צפֿון צו דרום. זיין אָנהויב געפֿינט זיך אויף דער הויך פֿון 520 מעטער איבער'ן פֿלאַך פֿון ים; און דער טויטער אָדער דער געזאַלעצנער ים, וואו אַהין ער פֿאַלט אַריין, געפֿינט זיך שוין 391 מעטער נידעריגער פֿאַר'ן ים-פֿלאַך, — אויף אַזאַ אופֿן בע-טרעפֿט 911 מעטער דער אונטערשייד אין דער הויך צווישען דעם אָנהויב און סוף פֿון טייך, וואָס זיי געפֿינען זיך איינער פֿון אַנדערן סך הכּל אויף אַ מהלך פֿון 220 קילאָמעטער לויט דער לופֿט-ליניע. ביז זיין אַריינפֿאַלען אין געזאַלעצנעם ים געהט דער ירדן דורך דורך דער אָזערע מרום און דורכ'ן ים טבריא, (אין דער משנה-ליטעראַטור אויף „גינוסר", אין תּנ"ך — „כּנרת"). דער ים טבריא פֿערנעמט אַ שטח פֿון 170 קוואַדראַט-קילאָמעטער דער ירדן-טאָל.

* אַ פֿליין, וואָס דערהויבט זיך העכער פֿון 500 מעטער איבער דעם ים-פֿלאַך.

אין צײכֿענט זיך אױס דורך זײנע זעהר פֿרוכֿטבאַרע בּרעגעס. ער איז זעהר רײך אין פֿיש, און אַ סך מינים פֿון זײ געפֿינען זיך נאָר אין גילוס און אין אַנדערע טראָפּישע װאַסערן. אין דעם אונטערשטען טײל פֿון ירדן געפֿינט זיך אַ מענשליכֿער ישובֿ נאָר אין די װעניג אָאַזיסען, — דאָרטען, װאו עס פֿאַלען אַרײן אין ירדן די װיכֿטיגערע נעבּען־טײכֿען. דאָס רובֿ טאָ־לען, װאָס בּײם ירדן, („װאַדי") בּרענגען איהם אַרײן זעהר װעניג װאַסער, אָפּט גיסען זיך איבּער זײ נאָר װינטערדיגע טײכֿלאַך, װאָס טריקענען אױס־גאַנצען אױס פֿאַר'ן הײסען זומער.

דער נידעריגסטער אָרט פֿון ירדן־טאָל געפֿינט זיך אין דרום, אין טױטען ים, װאָס די אַראַבּער רופֿען אָן מיט'ן נאָמען בּאחר־לוט — „דער ים פֿון לוט"; דער תּנ"ך רופֿט איהם אָן „ים פֿון מדבּר" אָדער „געזאַלצענער ים"; די גריכֿען רופֿען איהם אָן דער „אַספֿאַלט־ים". זײן טיף דערגרײכֿט בּיז 399 מעטער, אַזױ אַז זײן דעק ליגט אױף 790 מעטער נידעריגער פֿאַר'ן ים־פֿלאַך.

היות װי דער טױטער ים האָט ניט קײן פֿאַרבּינדונג מיט'ן אָקעאַן, קומט אױס, אַז דער גאַנצער מותרות פֿון די װאַסערן, װאָס פֿליסען אין איהם אַרײן, װערט אױסגעדעמפּט דורך דער היץ, און דערפֿון נעמט זיך די גרױסע מאַסע זאַלץ, װאָס געפֿינט זיך אין איהם. דאָס זאַלץ מאַכֿט שװער דאָס װאַסער און טױט אַלע לעבּעדיגע בּעשעפֿענישען אין דער טיפֿעניש פֿון ים. עס איז אין איהם ניטאָ ניט קײן פֿיש, ניט קײן קאָראַלען, ניט קײן ים־שרצים. דער־מיט דערקלערט זיך, פֿאַרװאָס מען האָט איהם אָנגערופֿען „דער טױטער ים".

דער עבר־הירדן.

4. דאָס הױכֿלאַנד פֿון יענער זײט ירדן שטעלט פֿאָר אַ װעניג פֿאַרשײדענאַרטיגען בּאַרג־פּלאַטאָ. צו מערבֿ זײט לאָזט ער זיך משופּע'דיג אַראָפּ צום ירדן, און אין מזרח־זײט גיסט ער זיך צונויף מיט'ן מדבּר און לאָזט ניט דערקענען זײן גרעניץ. זײן דרום'דיגער טײל רופֿט זיך אין תּנ"ך — „ערבֿה", (פּלײן).

דער גאַנצער פּלאַטאָ צו צפֿון־זײט פֿון דעם ירדנ'ס נעבּען־טײך ירמוק טראָגט דעם נאָמען חוראן. האַרט בּײם מזרח־בּרעג פֿון ירדן געפֿינט זיך דאָ די בּאַרגיגע געגענד גולן, (אַראַבּיש דושאָלאן), װאָס דער צפֿונ'דיגער טײל פֿון איהר איז בּעדעקט מיט װולקאַנישער לאַװע און שטעלט פֿאָר גרױס־אַרטיגע פּאַשע־ערטער. אין מזרח־זײט פֿון דעם דאָזיגען „בּרױט־שפּײכֿלער פֿון סוריא" הױבּען זיך אױף די בּערג פֿון חוראן, די אַמאָליגע בּערג פֿון בּשן, — אַ גאַנצע שורה פֿון אױסגעלאָשענע װולקאַנען. נאָך װײטער צו מזרח הױבּט זיך אָן דער מדבּר אין פֿולען זין פֿון װאָרט.

דער אלגעמײ־נער כאראקטער פֿון לאַנד. די בעװאַסערונג.

פֿון צופֿיסענס פֿון בּאַרג חרמון בּיז צו דרום'דיגען בּרעג פֿון גע־זאַלצענעם ים האַלט ארץ ישׂראל אין דער לענג אַן ערך 225 קילאָמעטער. די בּרײט פֿון לאַנד, פֿון מדבּר סוריא בּיז צום מיטעללענדישען ים, איז אַ סך קלענער, אָבּער ניט אומעטום איז זי גלײך און לאָזט זיך ניט גענױ בּע־שטימען. דער גאַנצער שטח פֿון ארץ ישׂראל האַלט בּערך 400 קװאַדראַט־מײלען, װאָס 240 מײלען דערפֿון ליגען אין מערבֿ־זײט פֿון ירדן. ארץ ישׂראל איז אױף אַזאַ אופֿן קלײן לױט אונזערע הײנטיגע השׂגות, אָבּער גענוג גרױס

4

אין פֿאַרגלייך צו דער פֿאַרצייטיגער אַטיקאַ, אין גריכֿענלאַנד, און צום רוימישען לאַציום. ניט אומעטום איז דאָס לאַנד גוט פֿאַר ערדאַרבייט, אָפֿט ציהען זיך איבער אַ גרויסען שטח מדבריות און ווילדערנישען, אַנדערע ערטער טויגען נאָר פֿאַר פּאַשע פֿאַר שעפּסען און ציגען. די גרויסע טייכֿען טרענקען זעהר ווייניג אָן דאָס לאַנד, ווייל זיי גיסען זיך איבער טיפֿע טאָלען: נאָר די קליינע טייכֿלעך און קוואַלען גיבען צו דער ערד פֿייכֿקייט און פֿרוכֿפּערקייט. דער הויפּט אָבער בעקומט די ערד איהר ברכֿה פֿון די הימלען. מיט פּינקטליכֿע רעגען־שטראָמען הויבט זיך אָן און פֿאַרענדיגט זיך די ווינטערדיגע העלפֿט פֿון יאָהר; בעזונדערס שטאַרקע רעגענס געהען אין חודש דעצעמבער (אין טבֿת און שבֿט); זומער־צייט שפּייזט זיך די ערד נאָר פֿון דעם רייכֿען טוי; דער טוי נעמט זיך פֿון ים. ווייניג האַגדעל און בעוועגונג רופֿט דער ים אַרויס אויף די ברעגעס פֿון לאַנד, דערפֿאַר אָבער בעלעבט ער דאָס לאַנד אויף אַן אַנדער אופֿן, ער זאַפּט אָן די לופֿט מיט וואַסער, וואָס די בערג נעמען עס אויף און האַלטען אַיין. ווען ניט דאָס וואַסער, וואָלטען די בערג אַליין געקאָנט אויסהאַלטען דעם קאַמף מיט'ן מדבר נאָר אין אַזאַ קליינער מאָס, ווי זיי פֿערמאָגען דאָס אין צפֿון־אַראַביען. ווי גרויס עס איז די בעדייטונג פֿון ים פֿאַר ארץ ישׂראל, קאָן מען אַרויסזעהן דערפֿון, וואָס די מערבֿ'דיגע שפּועים פֿון די בערג זיינען פֿיל פֿרוכֿטבאַרער, איידער די מזרח'דיגע. דאָסזעלבע קאָן מען בעמערקען אויך ביים לבֿנון. בעזונדערס בולט זעהט מען דעם אונטערשייד אין דער פֿייכֿטקייט פֿון ביידע שפּועים ביים כּרמל.

די ווירקונג פֿון דער נאַטור אויפֿ'ן היסטאָרישען גורל פֿון לאַנד.

דער בוי פֿון לאַנד האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף זיין פּאָליטישען גורל. אַנשטאָט וואָס אין בבֿל און מצרים האָט דער בוי פֿונ'ם ערד־אויבערפֿלאַך, בעזונדערס אָבער די נויטיגקייט צו רעגולירען די בעוואַסערונג פֿון נילוס און פֿון פּרת, פֿון שטענדיג אָן אַרויסגערופֿען ביי דער בעפֿעלקערונג פֿון די ביידע לענדער אַ הצטרכֿות זיך צו פֿאַראייניגען אין איין מלוכה,— האָט די נאַטור פֿון ארץ ישׂראל, פֿאַרקעהרט, געבראַכֿט דערצו, אַז די בעפֿעלקערונג זאָל זיך צעשפּאַלטען אויף קליינע מלוכֿות. איהר מזרח און מערבֿ זיינען שאַרף אָפּגעטיילט פֿון אַנאַנד. דער ירדן האָט לא די וואָס ניט געדינט פֿאַר אַ גרויסען לעבענס־נערוו, ווי דער נילוס, פֿאַר אַ וואַסער־וועג, וואָס פֿאַראייניגט און פֿאַרבינדט די פֿאַרשיידענע געגענדען, נאָר ער האָט זיי גיכֿער אָפּגעטיילט און דערווייטערט איינע פֿון די אַנדערע, ווייל אויף זיינע ביידע ברעגעס הויבען זיך אויף משופּע'דיג בערג, וואָס מאַכֿען שווער דעם צוטריט אין לאַנד. די לעבענס־תּנאים פֿון ביידע לאַנד־טיילען זיינען אויך שטאַרק פֿאַרשיידען: דאָס פֿלאַכֿע הויכֿלאַנד פֿון מזרח־טייל איז אַ פּאַשע־לאַנד, דער מערבֿ־טייל אָבער מיט זיינע פֿרוכֿטבאַרע טאָלען איז אַ לאַנד פֿון ברויט און ווין, איילבערטען און פֿייגען. די אָפּגעריסענקייט און אָפּגעזונדערטקייט פֿון די איינציגע לאַנד־טיילען און די געאָגראַפֿישע פֿאַרשיידענקייט זייערע האָט געבראַכֿט דערצו, אַז דער פּאָליטישער צוזאַמענהאַנג צווישען די איינצעלנע חלקים פֿון לאַנד איז געווען שטענדיג אַ שוואַכֿער און האָט זיך אויסגעדריקט דערין, וואָס גליל איז געווען שטענדיג געבליבען אין אַ געוויסער מאָס פּאָ־

ליטיש זעלבשטענדיג, און וואס דער מזרח־זייט פון ירדן איז גיך געגאנגען פארלארען פאר די בני ישראל.

אויף אזא אופן זיינען די איינוואוינער פון די פארשיידענע לאנד־טיילען געווען אפגעזונדערט איינע פון די אנדערע; זייערע ארטיגע אינטערעסען האבען זיי געמוזט פארטיידיגען מיט אייגענע כחות, און וואס ברענענדיגער עס איז געווארען די הצטרכות אין דער פאראייניגונג פון די צעזייהטע שבטים, כדי צו בעשטעהן אין שווערען קאמף מיט די גרויסע וועלט־מלוכות אשור, בבל און מצרים, — אלין שטארקער האבען זיך ביי זיי פונאנדערגעפלאקערט די אונאויפהערליכע סכסוכים.

Benzinger—Hebräische Archäologie 1907.

Wellhausen.—Israelitische und jüdische Geschichte 1904.

-----

## II. די לאגע פון ארץ־ישראל צווישען די לענדער פון אלטען מזרח.

די פאליטישע לאגע פון ארץ־ישראל.

ניט לויט איהר גרייס און ניט לויט איהר לאגע האט זיך ארץ ישראל ניט געקאנט ריכטען, אז איהר וועט איסקומען צו פארנעמען אזא ניט־געוועהנטליכען ארט אין דער געשיכטע פון דער מענשהייט.

איהר שטח איז כמעט ניט גרעסער פארין שטח פון אינזעל סיציליען. דער פרייער צוטריט צום ים, וואס דערפון הענגט אפ די מאכט פון יעדען לאנד, איז פאר איהר געווען פארשלאסען אין צפון־זייט דורך די פעניקער, און דרום דורך די פלשתים. אין איהרע רייכסטע און פרוכטבארסטע טיילען שניידען זיך אריין פעלזיגע בערג און א פרוכטלויזער מדבר. די פארשיידענקייט פון די נאטירליכע תנאים אין אזא קליינעם לאנד; די בערג, וואס טיילען אפ איין טאל־ישוב פון צווייטען, די וועניג שיפבארע טייכען און טייכלאך, וואס האבען אין יענע צייטען מעהר געדינט פאר א מחיצה צווישען מענשען, איידער פאר א וועג צו זייער פאראייניגונג — דאס אלץ האט געמוזט אהן ספק אונטערהאלטען די אפגעזונדערטקייט פון די איינצעלנע פאמיליעס און שבטים און ניט געלאזען זיי פאראייניגען זיך אין איין פאליטישען כח. יעדע גרויסע קולטורעלע ווירקונג פון א פאלק פאדערט, אז זיינע שאפענדע כחות זאלען זיין פאראייניגט און זאלען זיך ענטוויקלען אין א זיכערער רוהיגער סביבה; זי פאדערט א פאליטישע פעסטקייט און גדולה, — און פאר אזא פעסטקייט און גדולה האבען אין ארץ ישראל געפעהלט שטענדיג די גינסטיגע נאטירליכע תנאים.

און אויב ארץ ישראל איז פארט געווארען דער מיטעלפונקט פון א גייסטיגער ווירקונג, וואס איז אומגעוועהנטליך לויט איהר קראפט און אייגענארטיגקייט, און אויב מיר וויזען דאך אן אויף ארץ ישראל, גלייך ווי אויף גריכענלאנד, ווי אויף דער וויג פון דער גאנצער היינטיגער ציוויליזאציע, — איז דאס ניט אנדערש, ווי דער פועל יוצא פון א גרויסען און פארוויקעלטען היסטארישען פראצעס, וואס דערין האבען געשפילט א גרויסע ראלע די בעציהונגען פון די ארץ ישראלדיגע איינוואוינער און פון זייערע הערשער צו

די אַרומיגע פעלקער אין לענדער; בעציהונגען, וואָס לאָזען זיך ווידער דער=קלערן דורך דעם בעזונדערן געאָגראַפֿישען מצבֿ, וואָס אין איהם האָט ארץ ישׂראל זיך געפֿונען.

די, פּאָליטישע ראָלע פֿון ארץ ישׂראל איז שטענדיג געווען אָפּהענ=גיג פֿון איהר מעמד צווישען די אַנדערע לענדער פֿון אַלטען מזרח. ארץ ישׂראל ליגט אין מזרח=זייט פֿון פֿעניקישען ברעג, צווישען מעסאָפּאָטאַמיען און דעם טאָל פֿון נילוס. דעריבער איז איהר אויסגעקומען צו פֿאַרנעמען דעם אָרט אויפֿ'ן וועג, וואָס פֿאַראייניגט די צוויי עלטסטע מקורים פֿון דער מזרח'דיגער קולטור, די צוויי פּונקטען, פֿון וואַנען עס האָבען זיך צוערשט פֿאַרשפּרייט איבער דער אַלטער וועלט די השׂגות פֿון אַ פֿעסטען געאָרדענטען מלוכה=בנין: בבֿל און מצרים.

יעדע מלוכה, וואָס האָט געהאַט איהר צענטער אין טאָל פֿון די טיי=כען חדקל און פּרת און האָט געשטרעבט צו פֿאַרברייטערן איהרע גרעניצען, האָט בּמילא געמוזט זוכען זיך אַ וועג צום גרויסען (מיטעללענדישען) ים, כּדי ניט צו בלייבען אַ קאָנטינענטאַלע, אָפּגעשלאָסענע מדינה און ניט אָנווערען איהר ווירקונג אויף די דרום=ברעגען פֿון אייראָפּע און אויף פֿאָדער=אַזיען. אַזאַ מלוכה האָט געמוזט דערפֿאַר קודם כּל שטרעבען אײַנצונעמען די פֿע=ניקישע ברעג=ליניע, און דערצו ווידער איז געווען נויטיג צו געוועלטיגען איבער ארץ ישׂראל און איבער'ן מערבֿ'דיגען טייל פֿון סוריא (סיריען), ווייל אויף אַן אַנדער אופֿן וואָלטען זיי איבערגעריסען די פֿאַרבינדונג פֿון דעם מע=סאָפּאָטאַמישען מלוכה=צענטער מיט זיינע פֿאָדערשטע פּונקטען אויפֿ'ן מערבֿ פֿון אַזיען און דרום פֿון אייראָפּע.

אין אַזאַ מין מצבֿ האָט זיך געמוזט געפֿינען אויך יעדע מלוכה פֿון נילוס=טאָל, וועלכע האָט געפֿיהרט אַ גרויסע אַיננעמונגס=פּאָליטיק און געזוכט פֿרייע פֿרוכטבאַרע לענדער און ברייטע אָפֿענע ים=ברעגעס. צו אַזאַ פּאָליטיק האָט זי געצוואונגען די נאַטור פֿון לאַנד: ווייל דער ברעג פֿון נילוס=דעלטאַ* איז צו שמאָל און צו אָרים אין האַפֿענס פֿאַר אַזאַ גרויסען און ברייטען לאַנד, ווי מצרים און נוביען, און ווייל דאָס לאַנד גופֿא איז אָרים אין רעגענס, העננגט אָפּ פֿון דעם נילוס=וואַסער און האָט צו פֿיהרען אַ שטענ=דיגע מלחמה מיט די שכנות'דיגע מדבריות.

אויף אַזאַ אופֿן איז אויסגעקומען שטענדיג דעם פֿעניקישען ברעג פֿון מיטעללענדישען ים צוזאַמען מיט'ן שכנות'דיגען שטח לאַנד צו דינען פֿאַר אַן ענין פֿון מחלוקת צווישען מצרים און מעסאָפּאָטאַמיען.

די האַנדעלס=וועגן, וואָס געהען דורך ארץ ישׂראל

אָבער די צוויי לענדער זיינען געשטאַנען איינע מיט די אַנדערע אין אַלע צייטען אויך אין פֿרידליכע האַנדעלס=פֿאַרבינדונגען, און דער האַנדעלס=

* נילוס=דעלטאַ הייסט דער אָרט, וואו דער נילוס צעשפּאַלט זיך אויף אַ סך שטראָמען און פֿאַלט אריין אין מיטעללענדישען ים אַזוי, אַז עס בילדעט זיך אַ שטח, פֿון אַלע זייטען אַרומגערינגעלט מיט וואַסער, אין דער פֿאָרם, וואָס זעהט אויס, ווי דער פֿערטער אות „דעלטאַ“ (דַלֶת) פֿון גריכישען אלף בית.

וועג האָט אַרומגעבויגען דעם סיר׳ישען און אַראַבּישען מדבר און איז דורכ־געגאַנגען דורך דמשק.

דער ווילכטיגסטער קאַראַוואַנען־וועג פֿון סוריא האָט זיך געצויגען פֿון דמשק גלייך קיין מזרח, ביי צור האָט ער זיך אָפּגעקעהרט קיין דרום, האָט זיך געצויגען ווייטער איבּערן ברעג פון פעניקיען און פלשתים־לאַנד ביז קיין פּעלוסיום ביים נילוס־דעלטאַ. ארץ ישראל האָט ער אויך אַזאַ אופן איבּער־געהאַקט נאָר אין איהר רעכטען צפֿון ביי דן. אָבּער אויך אַחוץ דעם האָ־בּען הורכגעשניטען דאָס לאַנד אין פֿאַרשיידענע ריכטונגען נאָך אַ גאַנצע שורה אַנדערע האַנדעלס־נעוועגען. די ווילכטיגסטע פֿון זיי זיינען געווען: דער קור־צער און גלייכער וועג פֿון דמשק קיין דרום דורכ׳ן עבר־הירדן (דורך די שפּע־טערדיגע נחלאות פֿון די שבטים מנשה און גד); דער דאָזיגער וועג איז אַלצעהן קילאָמעטער אין דרום־ווייט פֿון טויטען (געזאַלצענעם) ים איבּערגע־גאַנגען אויפ׳ן לינקען ברעג פון ירדן און דורך יריחו, ירושלים און דעם דרומדיגען ארץ ישראל זיך צונויפגעגאַנגען מיט דעם איבּענדערמאָנטען וועג איבּער׳ן ברעג פון ים.

אויך אַזאַ אופן האָבּען פעניקיען און ארץ ישראל געהאַט אַ גרויסע בּעדייטונג פאַר אַלע לענדער פון פֿאָדער־אַזיען אַלס פֿאַרבּינדענדיגע האַנדעלס־וועגען, דערהויפּט נאָך אין דער עלטסטער צייט, ווען דער האַנדעל אויף דער יבשה איז הן לויט זיין גרייס, הן לויט זיין בּעדייטונג געשטאַנען פֿיל העכער פֿאַר׳ן ים־האַנדעל. דערפֿון האָט זיך גענומען דער שטענדיגער קאַמף פֿאַר ארץ ישראל צווישען דער אשור־בבלישער מאָנאַרכיע און דער מצרי׳שער, וואָס האָט אין פֿאַרשיידענע צייטען אָנגענומען פֿאַרשיידענע פֿאָר־מען, אָנגעהויבּען פֿון אַ פֿרידליכער קאָנקורענץ און געענדיגט מיט לאַנגע און בלוטיגע מלחמות.

די פּאָליטישע ראָלע פון ארץ־ישראל צווישען די אנדערע מלוכות.

די זיכערקייט פֿון די האַנדעלס־וועגען איז געווען אין אַ גלייכער מאָס ווילכטיג פֿאַר ביידע מלוכות, און כל זמן עס האָט צווישען זיי געהערשט שלום, האָבּען זיי וועגען דעם געקאָנט זאָרגען מיט שותפֿישע כחות. נאָר דער שלום פֿלעגט געוועהנליך געדויערן ניט לאַנג, און ווי נאָר עס פֿלעג־גען זיך אָנהויבּען די מלחמה־צייטען, פֿלעגען זיך די חילות צונויפטרעפֿען אויפ׳ן מיטען וועג, ביי די ברעגעס פון מיטעללענדישען ים, און די מצרים פֿלעגען זיין געצוואונגען צו בעשיצען זיך אַנטקעגען די בבלים אָדער אשורים אין ארץ ישראל און צפֿון־מערבֿדיגען סוריא. מחמת דעם האָבּען די דאָ־זיגע לענדער שוין אין דער עלטסטער צייט בעקומען פאַר מצרים די בּע־דייטונג פון באַריקאַדען קעגען דעם שונא, וואָס קומט אָן פֿון צפֿון.

עס איז במילא פֿאַרשטענדליך, אַז אַ זעלבּשטענדיגע מלוכה האָט גע־קאָנט עקסיסטירען און ענטוויקלען זיך אין ארץ ישראל נאָר ביי דעם פֿאַל, ווען די מעלכטיגע שכנים זאָלען זיין בשלום צווישען זיך, ניט אַריינמישען זיך אין אינעווייניגסטען לעבען פון לאַנד און ניט פאַרפֿולען די ברעגעס פֿון סוריא און ארץ ישראל מיט זייערע חילות, — און דאָס האָט געקאָנט געשעהן נאָר דאַן, ווען זייערע קריגס־כחות פֿלעגען אויך אַ צייט אָפּגעשוואַכט ווערען.

ווי נאָר אָבער עס פֿלעגט זיך בײַ די ברעגעס פֿון נילוס אָדער פֿון פּרת אָנהייבן אַ תּקופֿה פֿון פּאָליטישער גדולה, האָט די מלוכה פֿון ארץ ישׂראל, — וועלכע איז דערצו נאָך זינט דער צײַט פֿון רחבֿעם געווען צעשפּאָלטען אויף צווייען, — געקאָנט עקסיסטירען ניט אַנדערש, ווי האָבענדיג שטענדיג פֿאַר אידהרע אויגען די בעציהונגען פֿון די בײדע מלוכות איינער צו די אַנדערע און צופּאַסענדיג זיך תּמיד צו זיי. אַמאָל איז איהר אויסגעקומען אונטערצוהאַלטען די שטאַרקערע פֿון זיי, אַמאָל — צו בעטייליגען זיך צוזאַמען מיט דער שוואַכערער אין קאַמף קעגען דער שטאַרקערער; אין בעסטען פֿאַל פֿלעגט איהר אויסקומען צו האַלטען זיך נייטראַל צו זיי בײדען און ניט שטעלען זיך אָפֿען אויף וואָסער עס איז צד.

אַזאַ לאַגע האָט געמוזט פֿאַרפֿלאָנטערן די מלוכה־פּאָליטיק, ברענגען צו חלוקי־דעות צווישען די גייסטיג־טיפֿערע און דעם פֿאָלק ערנסט איבערגעגעבענע פּאָליטיקער פֿון איין זייט און די פֿאַרברענטע, אָבער ווייניגער ווייט־בליקענדיגע פּאַטריאָטען, וועלכע האָבען העכער פֿון אַלץ געשטעלט די זעלבשטענדיגקייט פֿון פֿאָטערלאַנד, פֿון אַנדער זייט. אין אַלע גרויסע און שווערע עפּאָכעס פֿון דער ישׂראל׳שער און יודישער* געשיכטע שטויסען מיר זיך אָן אָן די ערשיינונגען פֿון אָט דעם אינעווייניגסטען טראַגיזם, וועלכער האָט דערגרייכט זיין העכסטע מדרגה אין דער צייט פֿון די לעצטע מלכים פֿון יהודה (יהויקים, יהויכין, צדקיהו) און געפֿונען זיין שאַרפֿסטען אויסדרוק אין דער פּערזענליכקייט און אין דעם גורל פֿון נבֿיא ירמיהו**.

די קולטורעלע ווירקונג פֿון די שכנ׳ישע לענדער אויף ארץ־ישראל.

נאָר אויב ארץ ישׂראל איז גלייך ווי פֿון דער נאַטור גופֿא געווען פֿאַרמשפּט אויף אַ פּאָליטישער ניט־זעלבשטענדיגקייט, איז אָבער אין קולטורעלן זין די דאָזיגע ניט־זעלבשטענדיגקייט און ניט־בעשיצטקייט געווען פֿאַר איהר אַ גרויסער געווינס. איבער די האַנדעלס־וועגען, וואָס פֿיהרען פֿון איין לאַנד אין צווייטען, פֿאַרשפּרייטען זיך צוזאַמען מיט די סחורות אויך די שאַפֿונגען פֿון מענשליכען גייסט. — און דורך די זיינען באמת שוין אין דער עלטסטער צייט אַריינגעדרונגען אין ארץ ישׂראל די פּראָדוקטען פֿון דער בבֿלישער און מצרישער ציוויליזאַציע. אַזאַ קולטורעלע ווירקונג איז געווען, געוועהנטליך, שטאַרקער אין די תּקופֿות פֿון פּאָליטישער איבערמאַכט פֿון בבֿל און מצרים איבער ארץ ישׂראל. און אין דער אמת׳ן, ווי עס וועזען אונז איצט די נייע אויסגראָבונגען, איז דאָס לאַנד, איידער עס איז איינגענומען געוואָרען דורך די בני ישׂראל, געשטאַנען פֿריהער אונטער דער פּאָליטישער און קולטורעלער ווירקונג פֿון בבֿל, דערנאָך — פֿון מצרים.

* מיט דעם נאָמען „ישראל“ בעצייכענט מען דאָס גאַנצע פֿאָלק זינט זיין ערשטען אופֿקומען ביז דער צעטיילונג פֿון דער מלוכה אויף צווייען נאָכ׳ן טויט פֿון שלמה המלך. פֿון דאַן אָן בענוצט מען אָבער דעם נאָמען „ישראל“ דאָס רוב נאָר פֿאַר דער מלוכה פֿון די צעהן שבטים; די ירושלמער מלוכה ווערט אָנגערופֿען נאָכ׳ן נאָמען פֿון דעם וויכטיגסטען שבט, וועלכער געהערט צו איהר—„יהודה“. אַזוי האָבען מיר פֿון דאַן אָן און ביז׳ן גלות בבל צו טון מיט דער ישראל׳שער געשיכטע בעזונדער און דער יודישער (=יהודה׳שער) בעזונדער.

** זעה קאַפּיטעל XVIII: די נביאים און זייער צייט.

אָבער אויך אין אַנדערע תּקוּפֿות האָט זיך אין ארץ ישׂראל געפֿיהלט די שטענדיגע ווירקונג פֿון דעם גרויסען און פֿרוכטבאַרען שטראָם פֿון דער בבֿלישער ציוויליזאַציע, און צום טייל אויך פֿון דער פֿריה פֿאַרגליווערטער, אָבער שטאַרקער דורך איהר טויזענט־יעהריגער מסורה מצרישער קולטור.

Lehmann-Haupt. Israel 1911.

———

## III. די עטנאָגראַפֿיע פֿון אַמאָליגען ארץ־ישׂראל.

**די כנענים.** די עלטסטע שמיישע בעפֿעלקערונג פֿון גאַנץ סוריא זיינען געווען די כּנענים*. דער נאָמען „כּנען“ האָט פֿון אָנהויב בעצייכֿענט נים אַ געאָגראַפֿישען שטח פֿון לאַנד, נאָר אַן עטנאָגראַפֿישע גרופּע פֿון שבֿטים, וועלכֿע זיינען געווען פֿאַראייניגט איינע מיט די אַנדערע ניט פּאָליטיש, נאָר גייסטיג דורך אַן אַלגעמיינער שפּראַך און קולטור. פֿון צווישען זיי טיילען זיך אויס צוויי בעזונדערס וויכֿטיגע גרופּען: די פּעניקיער** און די אמורים. אויך זיי זיינען ניט געווען קיין איינהייטליכֿע, צוזאַמענגעשלאָסענע שבֿטים, נאָר לויט דער ראָלע, וואָס זיי האָבען געשפּילט אין דער געשיכֿטע, זיינען זיי געווען לגמרי זעלבּשטענדיגע סאָציאַלע קערפּערס.

**די פּעני קיער.** די פּעניקיער האָבען געלעבט אין די שטעדט ביים ברעג פֿון מיטעללענדישען ים, דערהויפּט צווישענס פֿון לבֿנון. פֿון אָנהויב האָבען זיי פֿאַרנומען די גאַנצע ברעג־ליניע ביז צו מצרים, דערנאָך אָבער זיינען זיי אָפּגעשטויסען געוואָרען פֿון ארץ ישׂראל׳דיגען ברעג דורך די אָנגעקומענע פּלשתּים.

**די אמורים.** אונטערן נאָמען „אמורים“ פֿאַרשטעהט דער תּנ״ך די כּנענים, וועלכֿע האָבען געלעבט אין די בערג אויף ביידע זייטען פֿון ירדן. די דענקמעלער פֿון דער מצרישער געשיכֿטע לאָזען צו די השערה, אַז די אמורים האָבען אַמאָל פֿאַרנומען דעם גאַנצען צפֿון פֿון ארץ ישׂראל ביז צום לבֿנון. אַ לאַנגע צייט האָבען זיי געוועלטיגט אין לאַנד, ביז זיי זיינען אַרויסגעשטויסען געוואָרען דורך די חתּים. די פּרעה׳ס פֿון דער אַלטער דינאַסטיע האָבען זיך נאָך אין אָט דעם טייל פֿון לאַנד צוזאַמענגעטראָפֿען מיט די אמורים, די פּרעה׳ס פֿון דער נײַנטער דינאַסטיע דערמאָנען שוין אָבער וועגען די חתּים.

**די חתּים.** די לעצטע זיינען אָנגעקומען קיין סוריא פֿון צפֿון אָדער פֿון צפֿון־מערבֿ און האָבען געגרינדעט דאָרטען אַ גרויסע מלוכה, וועלכֿע האָט זיך געצויגען ביז די גרעניצען פֿון ארץ ישׂראל און האָט פֿאַרכֿאַפּט אַפֿילו אויך די לענדער, וועלכֿע זיינען געשטאַנען ביז דאַן אונטער דער גייסטיגער השפּעה

* די היינטיגע עטנאָגראַפֿישע וויסענשאַפֿט האלט די כנענים פאר א פאָלק פון שמישער אָפּשטאַמונג, הגם אין דער תּורה ווערט כּנען צוגערעכענט ניט צו די בני שם (בראשית קאַפּיטעל י) נאָר צו א גאנץ אנדער גרופּע פון פעלקער, וואָס פיהרען זייער אָפּשטאַמונג פון חם. אין געאָגראַפישען זין פארשטעהט דער תּנ״ך אונטערן וואָרט „כנען“ יענעם טייל פון ארץ ישׂראל, וועלכער ליגט צום מערב־זייט פון ירדן.

** דעם נאָמען „פעניקיער“ האָבען זיי שפּעטער געגעבען די גריכען, איבער די פּיל טייטעל־בוימער (גריכיש—פֿאָיניקעס), וואָס זיינען געוואקסען אין זייער לאַנד.

און דער פּאָליטישער איבערמאַכט פֿון מצרים. אין דער „פֿעלקער=טאַבעלע“ פֿון ספֿר בראשית ווערען די חתים דערמאָנט צווישען די זיהן פֿון כנען (בראשית י׳ 15); זיי פֿאַרנעמען דעם וויכטיגסטען אָרט נאָך די פֿעניקער, אין דער צייט ווען די אמורים ווערען אין איהר גאָרניט דערמאָנט. די חתים זיינען אָבער אין דער אמת׳ען גאָרניט געווען פֿון שמ׳ישער אָפּשטאַמונג, נאָר זיי האָבען זיך אויף אַזוי פֿיל אַסימילירט מיט די אונטערטעניגע אמורים, אַז מען האָט זיי אין אַ טעות געקאָנט אָננעמען איינע פֿאַר די אַנדערע, און דער מחבר פֿון דער „פֿעלקער=טאַבעלע“ האָט פּשוט געקאָנט שטעלען די חתים אויפֿ׳ן אָרט פֿון די אמורים.

אַחוץ די פעניקיער, וועלכע זיינען געווען בכח אַיינצוהאַלטען זייער זעלבשטענדיגקייט, זיינען אַלע איבעריגע כנענישע שבֿטים גיך אַרונטערגעפאַלען אונטער דער איבערמאַכט פון נייע הערשער און זיינען פֿאַרשוואונדען פֿון דער געשיכטליכער אַרענע. ניט אינגאַנצען פֿאַרשוואונדען איז אָבער מיט זיי צוזאַמען זייער שפּראַך, אמונה און קולטור. זיי האָבען געלאָזען טיפֿע וואָרצלען אין דער סבֿיבֿה און געהאַט אַ שטאַרקע ווירקונג אויפֿ׳ן גייסטיגען לעבען פֿון זייערע בעזיגער און יורשים.

מיר רעדען איצט וועגען צוויי נייע שמ׳ישע פֿעלקער, וועלכע האָבען באַלד נאָך די חתים זיך בעוויזען אין די גרעניצען פון לאַנד: דאָס זיינען געווען די א ר מ י ם און די ע ב ר י ם.

די ארמים. אַז די אַרמים האָבען ניט געלעבט אין סוריא זינט די עלטסטע צייטען אָן, זעהען מיר אַרויס גענוג קלאָר פֿון די תנ״ך=ערצעהלונגען. זיי זענען געקומען קיין סוריא אַריין פֿון מעסאָפּאָטאַמיען און, ציהענדיג זיך פֿון צפֿון קיין דרום, האָבען זיי זיך ביסלאַכווייז דערנעהנטערט צו די ברעגעס פֿון מיטעללענדישען ים. אויפֿ׳ן וועג איז זיי, קאָנטיג, פֿאָרגעשטאַנען אַ צוזאַמענשטויס מיט די חתים, נאָר די לעצטע זיינען שוין דאַן געווען אָפּגעשוואַכט דורך דעם וואַנדער=שטראָם פֿון אַ גאַנצער שורה פֿעלקער, וועלכע האָבען זיך געצויגען פֿון קליין=אַזיען קיין מצרים. (דער פּועל יוצא פֿון דער דאָזיגער פֿעלקער=וואַנדערונג איז געווען, אַגבֿ אורחא, די בעזעצונג פֿון דעם דרום׳דיגען ארץ=ישׂראל=ברעג דורך די פּלשתּים). די חתים האָבען זיך ניט געקאָנט דערפֿאַר שטעלען ערנסט אַנטקעגען די ארמים, און יענע האָבען פּאַמעלאַך און עקשנות׳דיג זיך אַריינגעריסען קיין סוריא. זייער אַיינוואַנדערונג האָט זיך אינגאַנצען פֿאַרענדיגט ערשט אין פֿינפֿטען יאָהרהונדערט פֿאַר דער קריסטליכער תּקופֿה, דעמאָלט זיינען גאַנץ סוריא און ארץ ישׂראל, חוץ די פֿעניקישע שטעדט, געוואָרען אַרמיזירט.

די עברים. צו די עבֿרים* דאַרף מען צורעכענען, חוץ די בני ישׂראל, אויך די עמונים, מואָבֿים און אַדומים, הגם דעם נאָמען „עבֿרים“ איז מען געוועהנט על פּי רובֿ צו בענוצען נאָר, ווען עס רעדט זיך וועגען די ערשטע. ווי עס

* די עברים, די קינדער פון עֵבֶר, דאָס הייסט, די איינוואוינער פון יענעם זייט (=עֵבֶר) ירדן; דערפון נעמט זיך אויך דאָס מאָדערנע וואָרט „העברֵעער“ (еврей).

ועדט איס פֿון די ערצעהלונגען אין ספֿר בראשית, האָבען אָט די אַלע פֿיר
פֿעלקער פֿאַרגעשטעלט איין גאַנצעס, און דער גלייכער היסטאָרישער גורל האָט
זיי געבראַכט צו פֿיהרען אין דעם דרום=טייל פֿון יענער זייט ירדן; דאָרטען
האָבען זיי זיך בזעצט און פֿאַרנומען דאָס גאַנצע הויב=לאַנד ביז צום רויטען
ים. די עלטסטע איינוואוינער פֿון יענעם טייל לאַנד, ווי פֿון גאַנצען סוריא
בכלל, זיינען געווען די כנענים, און די זיגרייכע איינוואַנדערער, די עבֿרים,
זיינען אַרונטערגעפֿאַלען אונטער דער שטאַרקער ווירקונג פֿון זייער קולטור.
עס איז גאַנץ מעגליך, אַז די עבֿרים האָבען איבערגענומען ביי די כנענים
אַפֿילו זייער שפּראַך. על כל פּנים איז קיין ספֿק ניט, אַז ניט נאָר די בני
ישׂראל און די מואבֿים, נאָר אויך די אדומים האָבען גערעדט אויף כנעני׳שע
דיאַלעקטען. אָבער צי דאָס בעט׳ייט, אַז זיי האָבען לגמרי פֿאַרלאָרען זייער פֿרי=
הערדיגע שפּראַך, איז שווער צו זאָגען. די השערה לאָזט זיך אָננעמען
נאָר דאַן, ווען מיר זאָלען רעכענען, אַז די עבֿרים געהערען צו אַ גאַנץ
אַנדער צווייג פֿון דער שמ׳יטישער משפּחה, און אַז זייער לכתחילה׳דיגע שפּראַך
איז געווען דעריבער אַן אַנדערע, איידער די כנענישע. די עבֿרים אַליין האָ=
בען זיך אין זייער שפּעטערדיגער ליטעראַטור אין דער אמת׳ן געהאַלטען ביי
דער מיינונג, אַז זיי זיינען ווייט פֿאַרשיידען לויט זייער אָפּשטאַמונג פֿון די
כנענים. נאָר דערפֿון איז שווער צו נעמען אַ ראַיה, ווייל זיי האָבען דערביי
געהאַט געוויסע פּניות; אַלס זיגער האָבען זיי זיך געפֿיהלט אַ סך העכער פֿאַר
די איינגענומענע כנענים, און אַלס האַרען און פֿרייע פּאַסטוכער האָבען זיי ניט
געוואָלט האָבען צו טון מיט קנעכט און ערד=אַרבייטער. כדי נאָך בולט׳ער
צו בעווייזען דעם אונטערשייד צווישען זיך און די פֿריהערדיגע איינוואוינער
פֿון לאַנד, האָבען די עבֿרים, די בני ישׂראל, אָנגעוויזען אויף זייער קרובֿ׳ע=
שאַפֿט מיט די ארמים (פֿאַרגלייך בראשית י׳, 24; דבֿרים כ״ו, 5), הגם זיי
זיינען געווען ווייט פֿאַרשיידען פֿון זיי לויט זייער שפּראַך. אין צווי זאַכען
נאָר זיינען די בני ישׂראל באמת געווען נאָהענט צו די אַרמים: דאָס איז—
אין זייער בעציהונג צו די כנענים, ווי צו אַן אונטערגעדריקטען טייל פֿון
דער בעפֿעלקערונג, און אין דער כמעט גלייכער היסטאָרישער ראָלע, וואָס זיי
האָבען געשפּיעלט ביים אָנקומען אין לאַנד. ווי די עבֿרים, אַזוי זיינען אויך די
אַרמים אָנגעקומען פֿון מזרח׳דיגען מדבר; אויף זייער נצחון=וועג האָבען אויך
זיי זיך געצויגען אַלץ ווייטער פֿון מזרח קיין מערבֿ; איפֿ׳ן מזרח׳דיגען גרע=
ניץ פֿון סוריא און ארץ ישׂראל האָבען זיך זייערע ביידענס נחלאות געצוי=
גען אין איין גלייכער ליניע, און די געגענד פֿון גליל׳שען ים (ים כנרת) האָט
געדינט פֿאַר אַ גרעניץ צווישען די צפֿונ׳דיגע אַרמישע נחלאות און די דרומ=
דיגע — ישׂראל׳שע. עס לאָזט זיך דערפֿאַר גוט פֿאַרשטעהן, פֿאַרוואָס די בני
ישׂראל האָבען בעטראַכט זייער אָנקומען אין לאַנד פֿאַר׳ן אָנהייב פֿון דער
אַרמישער איינוואַנדערונג,—דערהויפּט נאָך, ווייל די צוגעהעריגקייט צום מעכטיגען
אַרמישען שבֿט האָט געדאַרפֿט זיך אין יענער צייט רעכענען פֿאַר אַ גרויסען כבֿוד.

**די קרוב׳עשאפט**

מען דאַרף רעכענען פֿאַר אַ היסטאָרישען פֿאַקט, אַז עס איז בעשטאַ=
12 נען אַ קרובֿ׳עשאַפֿט אין דער אָפּשטאַמונג צווישען די בני=ישׂראל און צווי=

צווישען די בני ישראל און די וואַנדער־שבטים פון סיני.

שען די וואַנדערנדיגע און האַלב־וואַנדערנדיגע שבטים, וואָס האָבען פאַרנומען די סיני־האַלב־אינזעל און בכלל דעם גאַנצען שטח צווישען ארץ ישׂראל און אַראַביען (ערב) און וואָס זיינען געווען איבערגאַנגס־טיפען צווישען די כנענים און אַראַבער. פון איין זייט — די שבטים ישמעאל און מדין, פון צווייטען זייט — קין, עמלק, קנז, זיינען די וויכטיגסטע צווישען זיי. דאָס איז געווען אַ מין רויהער מאַטעריאַל, וואָס פון איהם האָבען זיך, אין משך פון דער צייט, דורך אָפּטיילונג און זעלבשטענדיגער ענטוויקלונג, אויסגעבילדעט די שמ׳ישע פעלקער. פריהער האָבען זיך אויסגעטיילט די שבטים יצחק און לוט. דער ערשטער איז אַוועק קיין צפון־זייט, דער אַנדערער קיין דרום־זייט. אין שבט לוט גופא איז פאָרגעקומען שפּעטער אַ שפּאַלטונג. דער מעהר צפונ׳דיגער טייל, מואָב, האָט זיך פריהער בעזעצט פעסט אויף זיין אָרט; דער דרום־דיגער, עמון, וועלכער האָט געלעבט אין וועניגער גינסטיגע תנאים, האָט זיך געפונען שטענדיג אונטער דער ווירקונג פון שכנ׳ישען מדבר און האָט זיך ניט געקאָנט אָפּזאָגען אינגאַנצען פון זיין וואַנדער־לעבען. אויף דעם גלייכען אופן איז פאָרגעקומען ביים שבט יצחק די צעטיילונג אין ישׂראל און אדום. אין יענער צייט, ווען אדום האָט זיך שוין אויסגעבילדעט אין אַ פעסטען שבט, האָבען אין דרום־זייט פון שעיר, וואו עס איז געווען זיין היים, נאָך אַלץ אַרומגעוואַנדערט קרובי׳ישע שבטים, וועלכע זיינען ניט אַריין אין דער אֶדומישער גרופּע. דאָס איז געווען ישׂראל אין דער תקופה פון זיין אויפקומען, פון זיין ווערען, אין זיין עמבריאָנאַלן* צושטאַנד. פאַר דער אמת׳ער היים פון די אָבות פון ישׂראל דאַרף מען דעריבער רעכענען דעם שטח צווישען אדום און מצרים, וואו דער דרום פון ארץ ישׂראל גיסט זיך צונויף מיט׳ן מדבר, און וואו עס געפינט זיך דער עלטסטער ישׂראלישער הייליגטום — דער באַרג סיני.

Wellhausen—Israelitische und jüdische Geschichte 1904.

———

* עמבריאָ (Embryo) הייסט דער וָלד אין מוטער־לייב: עמבריאָנאַלער צושטאַנד—דער צושטאַנד פון דעם ולד׳ס אָרגאַנישער אויסבילדונג פאַר׳ן געבוירען ווערען.

# ב. די תקופה פֿון וואַנדערן.

## IV. דער לעבענס=שטייגער פֿון די שמ'ישע וואַנדערער.

דער פאטריאַרכאלישער שטייגער.

אַראַביען און סוריא זענען פֿון דער עלטסטער צייט אָן געווען בעזעצט דורך שמי'שע* שבֿטים, וועלכֿע האָבען געוואַנדערט מיט זייערע סטאַדעס איבער די סטעפּעס, געלעבּט אין געצעלטען און אָפּגעהיט די שפּראַך און די מנהגים פֿון זייער ראַסע.

די דאָזיגע שבֿטים פֿלעגען וואַנדערן גרופּעסווייז צו 400—500 נפֿשות אין יעדער גרופּע, און יעדעס מאָל, ווען זייער צאָהל איז געוואָרען גרעסער, און זיי איז ענג געוואָרען אויף זייער פּאַשע=ערד, פֿלעגט זיך אָנהויבען צווישען זיי אַ טיילונג. די איינהייטליכֿע פֿאַמיליען=גרופּע פֿלעגט זיך צעשפּאַלטען אויף צוויי בעזונדערע גרופּעס, וועלכֿע פֿלעגען זיך צעשיידען איינע מיט די אַנדערע און וואַנדערן אין פערשיידענע זייטען. פונדעסטוועגען פֿלעגען אָבער די וואַנדערנדיגע טיילען פֿון שבֿט אין משך פֿון פֿיל דורות ניט אַרויסלאָזען פֿון זכרון, דעם פֿאַקט וועגען זייער ראַסען=קרובֿ'עשאַפֿט און זיך בעגעגענען אויף זייערע וואַנדער=וועגען אַלס ברידער און פֿריינד.

זעלטען ווען דער שבֿט פֿלעגט צו זיך אַריינגעמען פֿרעמדע. די ריינקייט פֿון בלוט האָט זיך געשאַצט העכֿער פֿון אַלץ, און די שטאָלצע פֿיהרער פֿון די שבֿטים פלעגען אָפּט שיקען זוכֿען זיך פֿרויען אין די זייטע לענדער, וואו עס האָבען, לויט די לעגענדעס געוואוינט די אָבֿות פֿון זייער שבֿט**.

דער עלטסטער פון פֿאַמיליע אָדער דער „אָבֿ" האָט מיט זיך פֿאַרקערפּערט דעם געזעלשאַפֿטליכֿען סדר. זיין אַווטאָריטעט איז געווען אַן אַבּסאָלוטער און ניט=בעשטריטענער; אָבער די אמת'ע הערשאַפֿט איז דאָך געלעגען אין די הענט פֿון שבֿט אַלס אַ גאַנצען. דאָס געריכֿט פֿלעגט געהאַלטען

* דער נאָמען „שמ'ישער" (סעמיטישער) נעמט זיך פון נאָמען „שֵׁם", דעם זוהן פון נח; דאָס רוב פעלקער, וואָס שטאַמען, לויט דער ביבלישער פעלקער=טאָוועל (בראשית י׳, 2), פון איהם, רעדען אויף שפּראַכען, וועלכע זיינען נאָהענט איינע צו די אַנדערע לויט זייערע וואָרצלען, זייער גראַמאַטיק און ווערטערבילדונג. די אַלע שפּראַכען שטעהען אין קרוב'עשאַפט מיט העברעאיש און אונטערשיידען זיך שטאַרק פון די אינדאָ=גערמאַנישע שפּראַכען און דיאַלעקטען. אחוץ דעם, איז, אויף וויפיל מיר ווייסען, די אַלגעמיינע היים פון די דאָזיגע פעלקער געווען דער סיריש=אַראַבישער מדבר. דאָס אַלץ צוזאַמען גיט אונז דאָס רעכט צו פעראייניגען זיי צוזאַמען אין איין פעלקער=גרופּע—די שֵׁמישע. צו איהר געהערען די בַבְלים, כנענים, עִבְרים (העברעער), אֲרַמים, און עַרַבִים (אַראַבער).

** זעה ווייטער—„די תנ"ך=מעשיות וועגען די אָבות".

ווערען דורך דער פֿאַרזאַמלונג פֿון די פֿאַמיליען־עלטסטע. פֿאַר שטראָף־מיטלען האָבען געדינט נאָר די טויטונג און די אויסשליסונג פֿון שבֿט; די לעצטע איז געווען כמעט אַזוי שרעקליך, ווי דער טויט, ווייל קיינער פֿלעגט דעם פֿאַרשטויסענעם ניט טאָרען איינעמען אין זיין געצעלט, געבען איהם פֿון זיין ברויט און בעשיצען איהם פֿון שונא. אַדאַנק דער בלוט־נקמה, „דער אויס־לייזונג פֿון בלוט", וועלכע איז געווען, לויט די השגות פֿון יענער צייט, דער הייליגער חובֿ פֿון דעם געהרג'עטענס משפּחה, זיינען רציחות געווען דעמאָלט בערך אַזוי זעלטען, ווי זיי זיינען געוואָרען איצט. מיר בעמערקען דאָסזעלבע אויך אין אונזער צייט אין אַראַביען: הגם דאָרטען איז ניטאָ קיין זיכערע מלוכה־אָרדנונג, וואָס זאָל זאָרגען פֿאַר דער רוהיגקייט און שלום צווישען איהרע בירגער, קומען דאָרטען פֿאָר טויט־פֿאַרברעכענס ניט עפֿטער, ווי אין אייראָפּע. דעריבער האָבען די דאָזיגע וואַנדערנדיגע פֿאַמיליען־גרופּעס אָפֿט געבילדעט גוט אַיינגעאָרדענטע קליינע געזעלשאַפֿטען, הגם זיי האָבען ניט פֿאַרמאָגט קיין מיליטערישע אָרגאַניזאַציע, ניט געהאַט נאָך קיין כהנים און קיין נביאים. אַ נאַציע אַלס אַ גאַנצע האָט זיך נאָך ניט אויסגעבילדעט. אָבער אַדאַנק דער ברידערליכקייט, וואָס האָט געהערשט אין שבֿט אינעווייניג, זיינען דאָס לעבען און דאָס פֿאַרמעגען פֿון יעדען איינציגען געווען גענוג גע־זיכערט פֿון סכנה.

דער אָנפֿיהרער פֿון שבֿט, דער אָבֿ, האָט דאָס רובֿ געהאַט נאָר איין ווייב, וואָס האָט געטראָגען זיין נאָמען. עס פֿלעגט אָבער אויך טרעפֿען, אַז ער האָט אין איין צייט געהאַט אויך צוויי ווייבער פֿון אַ מיוחס'דיגער משפּחה; אַמאָל זיינען דאָס געווען צוויי שוועסטערן. חוץ דעם, האָט דער אָבֿ געהאַט דאָס רעכט צו נעמען פֿאַר קעפּס־ווייבער (פּלגשים) אַלע שקלאַפֿינס פֿון זיין געצעלט, דערהויפּט זיין ווייבס שקלאַפֿינס. די קינדער פֿון די קעפּס־ווייבער האָבען ניט געהאַט די אַלע רעכט, וואָס עס האָבען געהאַט די קינדער פֿון די מיוחס־דיגע ווייבער; בונדעסטוועגען אָבער זיינען זיי געווען שטענדיגע מיטגלידער פֿון דער משפּחה.

דאָס רעכט פֿון בכורה האָט זיך גערעכענט פֿאַר אַ גרויסער פּריווילעגיע צווישען די קינדער פֿון די מיוחס'דיגע ווייבער. ווען עס פֿלעגט געבוירען ווערען אַ צווילינג, פֿלעגט די היבעם פֿאָרזיכטיג אַרומבינדען מיט אַ רויטען פֿאָדים דאָס הענטל פֿון קינד, וואָס איז געבוירען געוואָרען דער ערשטער. דער על־טערער זוהן האָט זיך גערעכענט פֿאַר דעם קומענדיגען פֿיהרער פֿון דער משפּחה. דער פֿאָטער פֿלעגט דאָס רובֿ נאָך פֿאַר זיין לעבען צעטיילען אַלץ צווישען דער משפּחה. זיין לעצטע ברכה האָט געהאַט די בעדייטונג פֿון אַ הייליגען אַקט, ווען זי איז אַפֿילו געגעבען געוואָרען על פּי טעות ניט דעם, פֿאַר וועמען זי איז לכתחילה בעשטימט געוואָרען.

די קנעכטשאַפֿט

די קנעכטשאַפֿט איז געווען איינע פֿון די נויטיגע בעדערפֿנישען ביי אַ וואַנדער־לעבען, וואָס איז פֿול מיט זאָרג און סכנות. פֿאַר קנעכט האָט מען בענוצט די פֿיינד, וואָס מען האָט זיי גענומען געפֿאַנגען בשעת די מלחמות,

אָדער מען פלעגט זיי קויפען פֿון דער פֿרעמד. דער געקויפֿטער קנעכט ווערט אַ מיטגליד פֿון דעם האַרס משפחה. אַזוי ווי דער סכום אַרבייט, וואָס איז געווען נויטיג יעדער איינציגער משפּחה ביי יענעם פּשוט׳ען געזעלשאַפֿטליכען סדר, איז געווען זעהר אַ קליינע, האָט זיך דעם קנעכט, בעזונדערס דעם מאַנסביל, געלעבט בערך ניט שלעכט. ער איז אָפֿט געווען אַ שטוביגער מענש און פּאַרטהיי אין אַלע ענינים פון דער משפחה. ער פֿלעגט שטעהן אונטערן שוץ פֿון זיין האַר, און מען פֿלעגט זיך צו איהם אויפֿטראָגען על פּי רוב מיט׳ן גלייכען כבוד, ווי צו זיין האַר גופא. דער שקלאַפֿין אָבער האָט זיך ניט אַזוי גוט געלעבט. איהר פֿלעגט אויסקומען צו ערפֿילען די שווערסטע מלאכות, דערהויפּט די אַרבייט אַרום דער האַנט־מיהל און דעם שעפּען וואַסער פון ברונים.

די שטוביגע פיהרונג.

הגם דאָס זיינען געווען וואַנדער־שבטים, דאָך איז זייער לעבען ניט בעשטאַנען פון אַ שטענדיגער אומבלאָנדזשעניש פון איין פּאַשע־אָרט צום צווייטען. דער שבט פלעגט בלייבען אָפט זיצען אַ לענגערע צייט אויף איין אָרט, פלעגט זיך אַפילו אויפבויען אויף גיך לייכטע בנינים, ביידלעך, ווי אַ שטייגער די איצטיגע בנינים אין די אָרימע סורישע דערפער.

דאָס הויז האָט זיך גערעכענט פאַר אַ מתנה פון גאָט, וואָס ער בויט איהם פאַר די, וועמען ער האָט ליב. אין מריא איז שטענדיג געווען אויף דעם איבערפלאַך פון דער ערד גענוג שטיינער. ווען מען זאָל די שטיינער צונויפרוקען אין איין אָרט און פון איבען פאַרדעקען ווי עס איז דעם חלל מיט צווייגען, בעקומט מען אַ מין וואוינונג, וואָס בעשיצט פון היץ און רעגען און וואָס מען קאָן עס אָהן איבעריגען פאַרדראָס פאַרלאָזען, ווען דער שבט לאָזט זיך ווייטער אין וועג אַריין. די געצעלטען פון שבט זיינען געווען אויסגעוועבט פון קעמעלשע וואָל, אונטערגעהאַלטען דורך שטריק און האָבען זיך וועניג וואָס אונטערגעשיידט פון די געצעלטען פון די היינטיגע בעדואינער, די אַראַבישע וואַנדער־שבטים אין אַראַבישען און סורישען מדבר. עס פאַרשטעהט זיך, אַז ביי אַזאַ מין לעבענס־שטייגער, זיינען שטוב־כלים געווען זעהר וועניג, זיי זיינען בעשטאַנען פון עטליכע געפעס און פֿון בגדים; כמעט די איינציגע לוקסוס־זאַכען זיינען געווען בראַסלעטען און רינגען אויף דער נאָז און אויף די אויערן ביי די פרויען. אַ כוס פון געשמידטער אַרבייט האָט מען געהאַלטען אויף קבלת פנים פון חשוב׳ע געסט.

דער עסען איז בעשטאַנען פון מילכיגע געריכטען און פון פֿלייש. ווען די וואַנדערער פלעגען לעבען אַמאָל אין איין אָרט לאַנגע יאָהרען, פלעגען זיי צייט האָבען צו זייהען ברויט און אַיינפלאַנצען וויינגערטנער. עפטער אָבער פלעגט זיי אויסקומען צו קויפען ברויט און וויין ביי די אַרומיגע איינגעזעסענע שבטים.

די משׂערעדעכ זיינען בעשטאַנען פון אָקסען, שעפסען און ציגען. אויפ׳ן קעמעל פלעגט מען פיהרען משׂא, אויפ׳ן אייזעל איז מען געפאָהרען רייטענדיג. פערד זיינען געווען, ווי עס זעהט אויס, אַ זעלטענקייט. מען האָט געהאַלטען דעריבער פאַר ניט־פּאַסיג צו פיהרען אויף זיי משׂא; זיי האָבען גערינט

נאָר צום רײַסן פֿאַר מלכים און קריגס⸗לײַט. פֿון וועגנער איך רעדער האָב מען נאָך דאַן ניט געהאַט קיין השגה.

דער גייסטיגער מצב. די גלויבונגען.

אַ גייסטיגע קולטור אין אונזער היינטיגען זין איז נאָך דאַן ניט געוועזן. די שרייב⸗קונסט איז נאָך דאַן געוועזן ניט בעקאַנט און די בעדערפֿענישען פֿון ניט⸗ענטוויקעלטען מענשליכען שׂכל זיינען געוועזן זעהר קליינע. נאָר דאָס לעבען אין געצעלטען האָט געבראַכט די מענשען צו אַ שטענדיגער נאָהענטער פֿאַרבינדונג מיט אַנאַנד און האָט זיי געגעבען גענוג רוהיגע, פֿרייע צייט, אַזוי אַז דער געצעלט איז געוואָרען אַ מין אייגענאַרטיגע שולע, וואָס האָט ערציגען די וואַנדערער פֿאַר אַ געזעלשאַפֿטליכען לעבען און האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דער ענטוויקלונג פֿון דער שפּראַך⸗שעהנקייט און פּאָעטישען געפֿיהל.

אין דער פּאָעטישער שפּראַך פֿון די שמיישע וואַנדערער האָט זיך פֿריה שוין פֿעסטגעשטעלט דער מנהג אײַנצוטיילען האַרמאָניש יעדע פֿראַזע אויף צוויי אַנטקעגענגעשטעלטע פֿאַרעלעלע טיילען און צו געברויכען געשליפֿטע, אויסגעקינסטעלטע אויסדרוקען*. עס איז קיין ספק ניט, אַז זיי האָבען דאַן שוין געהאַט קליינע „דיוואַנס“, ד. ה. לידער⸗זאַמלונגען פֿון אַלטע אָדער צעהן פֿערזען אין יעדען ליד, וואָס אין זיי זיינען בעזונגען געוואָרען די אויסגעצייכענטסטע, מערקווירדיגסטע געשעהענישען פֿון דעם שבֿט'ס פֿרייען וואַנדערלעבען.

די אמת'ע דענקמעלער פֿון יענער תקופה זיינען געוועזן, ווי ביי אַלע פֿעלקער, וואָס ווייסען נאָך ניט פֿון קיין שרייב⸗קונסט, שטעהענדיגע שטיינער אָדער זיילען, וואָס מען פֿלעגט זיי אַוועקשטעלען פֿאַר אַ זכר וועגען אַ געוויסער געשעהעניש. פֿאַר אַ דענקמאָל פֿלעגען דינען אויך שטיינער צונויפֿגעלעגטע אין אַ ראָד (גלגל), ווי עס בעווייזט דאָס בילד 1, אָדער בערגלעך שטיינער (גל), וואָס פֿלעגען אַמאָל הייסען אויך „עדות⸗בערגלעך“ (גל⸗עד), לויט דעם מנהג, וואָס איז אָנגענומען ביז אויף היינטיגען טאָג אין די מזרח⸗לענדער. אָפֿט פֿלעגען זיין די טרעגער פֿון אַזעלכע זכרונות הויכע אַלטע בוימער.

דער בעשריבענער לעבענס⸗שטייגער, וואָס איז פֿאַרבליבען גאָך עד היום ביי די ניט⸗ענטוויקעלטע אַראַבישע שבֿטים, איז געוועזן זעהר פּשוט און האָט ניט געקאָנט פֿיהרען די מענשען ווייט פֿאָראויס אויפֿ'ן וועג פֿון דער ציוויליזאַציע. דערפֿאַר אָבער האָט ער שטאַרק געווירקט, אַז עס זאָל זיך אויסאַרבייטען און ענטוויקלען אין דער שטיל דאָס, אין וואָס די מענשהייט האָט זיך מעהר פֿון אַלץ געניטיגט: די יסודות פֿון אַ מאָראַלישען געפֿיהל. אין אַזאַ מין געזעלשאַפֿט האָבען יונגע מענשען געשפּילט אַ סך אַ קלענערע ראָל, איידער, אַ שטייגער, אין גריכענלאַנד. ווייל דער עיקר פֿון לעבען איז געוועזן די זיטליכע ערציהונג, דערפֿאַר איז אין מיטעלפּונקט פֿון דער געזעלשאַפֿט

* פֿאַר אַ ביישפּיל פֿון אַזאַ סימעטרישער טיילונג פֿון דער פּראָזע אויף פּאַראַלעלע חלקים, וואָס דאָס איז דער יסוד פֿון ביבלישען ריטמוס, קאָן דינען, אַשטייגער, דער פּסוק:

עָדָה און צִלָּה הערט מיין שטים, | פֿרויען למכ'ס פֿאַרנעמט מיין וואָרט.
דען אַ מאַן האָב איך געהרג'עט פֿאַר מיין וואונד | און אַ קינד—פֿאַר מיין בייל. (בראשית ד' 23).



בילד I. אַ ראָד פֿון שטיינער (גלגל) ניט ווייט פֿון בית־אל.

געשטאַנען דער זקן, דער עלטסטער, — דער שייך, ווי עס רופֿען איהם אָן די אַראַבער — אַלס דער ערציהער פֿון שבֿט, אַלס דער לעבעדיגער ביישפּיל פֿון אַ זיטליכער פֿיהרונג, אַלס דער אָפּהיטער פֿון די חכמה־געבאָטען. דער זקן האָט געהאַט אַ גרויסע מאַכט. פֿאַרן העכסטען ריינסטען טיפּ, פֿאַר'ן אידעאַל האָט זיך ביים שבֿט גערעכענט — ווי עס רעכענט זיך נאָך אויך איצט ביי די אַראַבישע שבֿטים — אַ מענש מיט אַ רוהיגער נשמה, דער גוטערציגער, וואָס בעגעהט זיך גוט מיט מענשען, און בעציהט זיך ערנסט צום לעבען.

אַזאַ אידעאַלע פֿיהרונג האָט פֿאַרגעשריבען אויף די אמונה. וואָס האָט שוין אויף יענער ערשטער מדרגה פֿון ענטוויקלונג כּולל געווען אין זיך די ווילכטיגסטע השׂגות פֿון דער מאָראַל. לויט'ן גלויבען פֿון די וואַנדערער האָבען די פֿאַרבאָרגענע קרעפֿטען פֿון דער וועלט בעלוינט דעם מענשען פֿאַר דאָס גוטע און בעשטראָפֿט פֿאַר דאָס שלעכטע.

אַזאַ השׂגה פֿון דער אמונה, ווי דעם מקור און דעם יסוד פֿון אַ זיטליכען לעבען, האָט געשטעלט די שטרענגע פֿאַסטוכער־שבֿטים אַ סך העכער פֿאַר אַלע אַנדערע פֿעלקער פֿון יענער צייט. דעריבער האָבען זיי דאָס אויך זוכה געווען צו פֿאַרנעמען שפּעטער איינעם פֿון די ערשטע ערטער אין דער געשיכטע פֿון דער מענשהייט.

Renan—Histoire du peuple d'Israël I, 1887.

———

## V. דער כאַראַקטער פֿון די עלטסטע פֿאָלקס־לעגענדעס.

די לעגענדעס וועגען די אָבות.

די עלטסטע געשיכטע פֿון ישׂראל ווערט אונז דערצעהלט אין דער פֿאָרם פֿון אַ פֿאַמיליען־געשיכטע פֿון די דריי אָבות: אַבֿרהם, יצחק און יעקבֿ און פֿון זייערע קינדער, די עלטערן פֿון די צוועלף שבֿטים. די אַלע מעשׂיות, וואָס

ווערן דאָ דערצעהלט, מוזען פערשטאַנען ווערען ניט נאָר אַלס געשעהענישען פון לעבען פון יחידים; אין דער געשטאַלט פֿון פּערזאָנען זייגען פֿאַרקערפּערט גאַנצע פאַמיליעס, פעלקער, געאָגראַפֿישע ערטער און לענדער, געזעלשאַפטליכע שיכטען און פאַראייניגונגען. ווען עס ווערט, אַשטייגער, אין איין אָרט (במדבר כ״ו, 29) געזאָגט, אַז גלעד איז אַ זוהן פון מכיר, דעם זוהן פון מנשה, אָנשטאָט וואָס אין אַ צווייטען אָרט (דברים ג׳ 15) שטעהט, אַז משה האָט געגעבען מכיר׳ן דאָס לאַנד גלעד פאַר אַ נחלה, — איז דאָס גענוג קלאָר, אַז אונטער׳ן נאָמען „גלעד“ פאַרשטעהט מען ניט קיין מענשען, נאָר אַ טייל לאַנד (אין מזרח-זייט פון ירדן), און אַז דער „פאָטער“ פֿון גלעד איז ניט קיין אַנדערער, ווי דער שבט, וואָס וואוינט דאָרטען. ווען עס שטעהט געשריבען (בראשית י׳, 15) „כנען האָט געבוירען צידון און חת“, פאַרשטעהט זיך, אַז עס ווערט דאָ גערעדט וועגען דעם לאַנד כנען, וועגען דער שטאָדט צידון און דעם פאָלק פון די חתים. און ווען די 288 זינגער פֿון צווייטען בית-המקדש ווערען צעטיילט אויף 24 משפחות צו 12 מענשען אין יעדערער, איז גרינג צו פאַרשטעהן, אַז דאָ רעדט זיך ניט וועגען יחידים, נאָר וועגען גאַנצע דינסט-קלאַסען און זייערע פאָרשטעהער.

פאַמיליען - געשיכטעס אלט פאָרם פון אלט-ישראל׳שער געשיכטס - שרייבונג.

דאָס ליגט שוין אין דער טבע פון דער ישראליטער, ווי אויך פון דער אַראַבישער, געשיכטס-שרייבונג, וואָס זי האָט ליב פאָרצושטעלען די שבטים-געשיכטע און די פאָלקס-געשיכטע, די עטנאָגראַפישע און געאָגראַפֿישע בעציהונגען, די רעליגיעזע און קולטורעלע פאַרהעלטנישען אין דער פאָרם פֿון אַ פאַמיליען-געשיכטע און פון אַ יחוס-טאַבעלע. דאָס איז געווען אַן אָנגענומענער און זעהר געוועהנליכער אופן פאָרצושטעלען בולט׳ער און פשוט׳ער די שווערע אין פאַרפלאָנטערטע סאָציאַלע געשעהענישען און קולטורעלע ווערטען, און מען האָט זיך מיט איהם בענוצט זינט די עלטסטע צייטען פון דער געשיכטס-שרייבונג ביז אין דער שפּעטערדיגער צייט אַריין. נאָך דער ספר דברי-הימים, איינער פון די יונגסטע ספרים פֿון תנ״ך, דערצעהלט אונז די געשיכטע פֿון בריאת העולם ביז דער מלוכה-צייט פון דוד, נאָר אין דער פאָרם פֿון אַ יחוס-טאַבעלע.

דעם אַלגעמיינעם של׳יסעל צו די טונקעלע געשעהענישען, וואָס בעהאַלטען זיך אונטער דער פאָרם פון דער פֿאַמיליען-געשיכטע, איז ניט גאָר שווער צו געפינען. די נעהנטערע אָדער ווייטערע קרוב׳עשאַפט פֿון די פֿאַמיליען-עלטסטע אָדער די שבטים-אָנפיהרער בעווייזט די מדרגה פון דער קרוב׳עשאַפט פֿון די פאַמיליען אין שבטים גופא. די חתונה צווישען מיטגלידער פֿון צוויי פֿאַמיליעס אָדער שבטים, בעטייט, אַז די שבטים אָדער פאַמיליעס האָבען זיך צונויפגעשמאָלצען אין צונויפגעוואַקסען, די געבורט פון אַ נייעם קינד — אַז עס איז ענטשטאַנען אַ נייער צווייג פון דעמזעלביגען שבט. די בעזונדערס וויכטיגע און אויסגעצייכענטע צווישען די ברודער-שבטים ווערען בעצייכענט אַלס זיהן פון די געליבטע פרויען, די ווייניג וויכטיגערע — אַלס זיהן פון די קעפּס-ווייבער. דער קינדער-לויזער טויט פון מאַן בעצייכענט דעם אונטערגאַנג פון שבט. אַ שינוי אין די מאַכט-פאַרהעלטנישען פון צוויי ברודער-שבטים, דער שטייגען פֿון איינעם אויפ׳ן

חשבון פון דעם צווייטען, ווערט בעצייכענט אַלס דער איבערגאַנג פון דער בכורה פון דעם עלטערן אויף דעם יונגערן.

מען דאַרף אָבער ניט איבערלאַפען די מאָס, בשעת מען בענוצט די דאָזיגע כללים. ניט אַלע ערצעהלונגען פון לעבען פון יחידים מיינען דערביי דעם גאַנצען שבט אָדער דאָס גאַנצע פאָלק. נאָכדעם ווי די איינצעלנע פערזאָנען, וואָס אין זיי פאַרקערפערט זיך די געשטאַלט פון פאָלק, זיינען שוין געשאַפען געוואָרען, האָט די שעפערישע פאָלקס־לעגענדע זיי בעקליידעט און בעצירט מיט אַ ציבער־נעץ פון שפּילענדיגע פאַנטאַזיעס; זי האָט מיט ליבע פאַראיידעלט און בעקרוינט זייערע געשטאַלטען און זיי פאָרגעשטעלט אַלס אידעאַלען, אַלס מוסטער־בילד פון אַן עטיש־ריינעם און נאַציאָנאַל־געזונטען ישׂראלישען לעבען. עס איז כדאי נאָר צוצוקוקען זיך צו די מעשיות וועגען יעקב'ן, כדי צו איבערציינגען זיך דערין. אַזוי איז אַמאָל שווער צו דערקענען, וואָס געהערט צו דעם געשיכטליכען קערן פון דער לעגענדע, און וואו הויבט זיך אָן דער פויץ און דער גלאַנץ פון דער פאָלקס־פאַנטאַזיע.

דער מיטאָלאָגישער יסוד.

דערצו קומט נאָך אַ נייער וויכטיגער פאַקט, וואָס מיר זיינען דערגאַנגען אַ דאַנק די נייע אויספאָרשונגען פון פאַרצייטיגען מזרח־לעבען. די גאַנצע מזרח'דיגע געשיכטס־שרייבונג, ניט נאָר די ישׂראלישע, בענוצט אין אַ גרויסער מאָס מיטען*, ווי אַ מיטעל אויף פאָרצושטעלען דאָס פאָלק־לעבען. ווען די מחברים פון דער פאָלקס־געשיכטע בעפוצען אויף אַזאַ אופן אַן אמת געשיכטליכע אָדער אַ לעגענדאַרישע פערזענליכקייט מיט שטריכען און פאַרבען פון דער מיטאָלאָגיע, טוען זיי דאָס ניט פון דער שענער פאָרם וועגען אַליין, נאָר זיי האָבען דערביי פיל טיפערע כוונות. זיי זיינען אויסען דערביי צו פאַרגלייכען, צו שטעלען פאַראַלעל די העלדען זייערע מיט יענע מעכטיגע און דערהויבענע צו גאָט־עהנליכע געשטאַלטען פון דער מיטען־וועלט. אַמאָל ווערט די פאַראַלעל דייטליך און קלאָר אָנגעצייכענט, אַמאָל ווערט זי נאָר אָנגעמערקט אין אַלגעמיינע שטריכען, אָבער אַלע מאָל ווערט אין זכרון פון דעם בעהבינ'טען לעזער פון יענער צייט, וועלכער פיהלט זיך נאָך ווי אין דער היים אין דער וועלט פון מיטען, אַרויסגערופען די קלאָרע פאָרשטעלונג פון דער סביבה פון דער דאָזיגער וועלט.

און ווען נאָך דעם אַלעמען מוז מען זיך אָפּזאָגען פון דעם געדאַנק צו בענוצען זיך מיט די פרטים פון דער אָבות־געשיכטע אויף צו מאָלען דאָס געשיכטליכע בילד פון דער יוגענד פון פאָלק, איין זאַך בלייבט אָבער קלאָר: די געשיכטע בעשטעטיגט דעם וויכטיגען פאַקט, אַז פון זיין ערשטער יוגענד אָן איז דאָס פאָלק געשטאַנען אין פּאָליטישען און קולטורעלן פרט נאָהענט צו די גרויסע וועלט־מלוכות בבל און מצרים. די געשיכטע פון די אָבות גופא דערצעהלט, אַז אברהם האָט אַרויסגעוואַנדערט פון בבל, און אַז יעקב האָט פאַרבראַכט זיין לעבען אין מצרים. זי וויל אונז דערמיט זאָגען, אַז זינט די עלטסטע צייטען אָן איז ישׂראל געשטאַנען אין בעריהרונג מיט די גרויסע

* מיטען זיינען פאָלקסטימליכע מעשיות, וואָס שילדערן אונז דאָס לעבען און די מעשים פון געטער און פון גאָט־עהנליכע ברואים.

שכנ׳ישע לענדער און פעלקער, און אַז זיי האָבען פון דער ערשטער צייט אָן געהאַט אַ ווירקונג אויף זיין געשיכטליכער ענטוויקלונג און אויף זיין קול־טורלן לעבען.

Benzinger—Geschichte Israels bis auf die griechische Zeit. 1908·

———–—

## VI. די תנ״ך־ערצעהלונגען וועגען די אָבות.

אברהם און לוט וואנדערן קיין כנען און מצרים

און יהוה* האָט געזאָגט צו אבֿרם: „גייה אַוועק פון דיין לאַנד, פון דיין געבורטס־אָרט און פון דיין פאָטערס הויז אין דעם לאַנד אַריין, וואָס איך וועל דיר ווייזען. און איך וועל דיך מאַכען פאַר אַ גרויסען פאָלק און איך וועל דיך בענשען און גרויס מאַכען דיין נאָמען. און דו וועסט זיין אַ בענשונג. און איך וועל בענשען די, וואָס בענשען דיך, און די, וואָס שילטען דיך, וועל איך שילטען, און עס וועלען זיך בענשען מיט דיר אַלע משפחות פון דער ערד. און אבֿרם איז געגאַנגען, ווי עס האָט איהם געזאָגט יהוה, און מיט איהם איז געגאַנגען לוט. און אבֿרם איז אַלט געווען פינף און זיבעציג יאָהר, ווען ער איז אַרויס פון חרן. אבֿרם האָט גענומען מיט זיך שרה׳ן זיין ווייב, לוט, דעם זוהן פון זיין ברודער, און זייער גאַנצע גוטס, וואָס זיי האָבען אָנגעקליבען, און אַלע מענשען, וואָס זיי האָבען זיך פאַרשאַפט אין חרן, און זיי זענען אַוועק, כדי צו געהן אין לאַנד כנען, און זיינען געקומען אין לאַנד כנען. און אבֿרם איז דורכגעגאַנגען איבערן לאַנד ביז׳ן אָרט שכם, ביז צום דעמבען־בוים פון מורה, און אין לאַנד זיינען דעמאָלט געזעסען די כנענים..

און יהוה האָט זיך געוויזען צו אבֿרם און געזאָגט צו איהם: „דיינע קינ־דער וועל איך געבען דאָס דאָזיגע לאַנד״. און ער האָט דאָרטען געבויט אַ מזבח פאַר יהוה, וואָס האָט זיך בעוויזען צו איהם. פון דאָרטען האָט ער זיך איבערגעטראָגען צום באַרג, וואָס צו מזרח־זייט פון בית אל, און האָט אויסגע־שפרייט זיין געצעלט אַזוי, אַז בית אל איז געווען פון מערבֿ־זייט און עי

* לייענען מוז מען: יאַהווע. דאָס איז די ריכטיגע אויסשפראַך פוג׳ם געטליכען נאָמען די אויסשפראַך. „יְהוָֹה״, וואָס איז אָנגענומען געוואָרען ביי די קריסטליכע געלערנטע פון 14־טען יאָהרהונדערט, און ווָ׳ס די יודען האָבען זי קיינמאָל ניט בענוצט, נעמט זיך פון דעם אַלטען יודי־שען מנהג אונטערצושרייבען אונטער די אותיות „יהוה״ די נקודות פון „אֲדֹנָי״, „מיין האר״, כדי צו בעווייזען, אַז ביים לייענען דארף דער הייליגער נאָמען פון גאָט זיך לייענען „אֲדֹנָי״. אָט די נקודות האָבען די קריסטליכע געלערנטע על פי טעות אָנגענומען פאַר די נקודות פון נאָמען יהוה

די אַלטע בעדייטונג פון דעם וואָרט „יהוה״ איז—דער שלאָגענדער (מיט׳ן בליץ), נאָך א צווייטער מיינונג—דער שוועבענדער, וואָס טראָגט זיך אין די וואָלקענס. די יודישע טראַדיציע דערקלערט, אויפן סמך פון פסוק שמות ג׳, 14, אז דאָס וואָרט שטאַמט פון שורש הָיה (זיין) און הייסט דער זייענדיגער, וואָס איז אייביג און אומעטום. די לעצטע דערקלערונג פאַסט זיך שווער צו צו דעם שפראַכליכען בנין פון וואָרט. און א חוץ דעם איז אוממענליך אָנצונעמען, אַז די יונגע וואנדער־שבטים פון אראבישען מדבר זאָלען שוין האָבען משיג געווען אזעלכע אבסטראַקטע רעליגיעזע פאָרשטעלונגען.

פֿון מזרח־זייט. און ער האָט דאָרטען געבויט אַ מזבח פֿאַר יהוה און האָט אויסגערופֿען דעם נאָמען פֿון יהוה. און אַבֿרם האָט געצויגען און אַלץ ווייטער געגאַנגען צו דרום־זייט.

און עס איז אָנגעקומען אַ הונגער אין לאַנד. איז אַבֿרם אַראָפּגעגאַנגען קיין מצרים, צו וואוינען דאָרט, ווייל עס איז געווען אַ שווערער הונגער אין לאַנד. אַז ער האָט זיך דערנעהנטערט צו מצרים, האָט ער געזאָגט צו שׂרה, זיין ווייב: „איך ווייס דאָך, אַז דו ביזט אַ שענע פֿרוי, און עס וועט זיין, ווען די מצרים וועלען דיך דערזעהן, וועלען זיי זאָגען: „דאָס איז זיין ווייב", און זיי וועלען מיך הרג'ען און דיך לאָזען לעבען. זאָג, זשע, אַז דו ביזט מיינע אַ שוועסטער, כּדי מיר זאָל גוט זיין דורך דיר, און איך זאָל לעבען פֿון דיינעטוועגען". און ווען אַבֿרם איז געקומען קיין מצרים, האָבען די מצרים דערזעהן, אַז די פֿרוי איז זעהר שען; עס האָבען זי דערזעהן אויך פּרעה'ס האַרען און האָבען זי פֿאַרלויבט פֿאַר פּרעה'ן. האָט מען זי גענומען צו פּרעה'ן אין הויף אַריין. און מיט אַבֿרם האָט ער גוטס געטאָן פֿון איהרטוועגען, און ער האָט געהאַט שאָף און רינדער און אייזלען און קנעכט און דינסטען און אייזעלינס און קעמלען. נאַר יהוה האָט אָנגעשיקט אויף פּרעה'ן און אויף זיין הויז גרויסע וואונדען פֿון וועגען שׂרה, דער ווייב פֿון אַבֿרם. און פּרעה האָט גערופֿען אַבֿרם און האָט געזאָגט: „וואָס האָסטו מיר דאָס געטאָן? פֿאַרוואָס האָסטו מיר ניט געזאָגט, אַז זי איז דיינע אַ ווייב? פֿאַרוואָס האָסטו געזאָגט: זי איז מיינע אַ שוועסטער, האָב איך זי גענומען פֿאַר אַ ווייב. איצט אָבער אָט איז דיין ווייב, נעם זי און געה". און פּרעה האָט פֿאַרזאָגט וועגען איהם מענשען, און זיי האָבען בעלייט איהם און זיין ווייב און אַלץ דאָס זייניגע.

און אַבֿרם איז אויפֿגעגאַנגען פֿון מצרים, ער און זיין ווייב און אַלץ דאָס זייניגע, און לוט מיט איהם קיין דרום־לאַנד. און אַבֿרם איז געווען זעהר רייך אין פֿיך, זילבער און גאָלד. און ער איז ווייטער געגאַנגען זיין וועג פֿון דרום־לאַנד קיין בית אל, ביז דעם אָרט, וואו עס איז פֿריהער געשטאַנען זיין געצעלט, צווישען בית אל און עי, ביז דעם אָרט פֿון מזבח, וואָס ער האָט דאָרטען פֿריהער אויפֿגעבויט, און ער האָט דאָ אויסגערופֿען דעם נאָמען פֿון יהוה. און אויך ביי לוט'ן, וואָס איז געגאַנגען מיט אַבֿרם, איז געווען שאָף און רינדער און געצעלטען.

אברהם און לוט טיילען זיך אָפּ פֿון אנאנד.

און עס איז זיי געווען קנאַפּ צו לעבען צוזאַמען, ווייל זייער פֿאַרמעגען איז געווען גרויס, און זיי האָבען ניט געקאָנט לעבען צוזאַמען. און עס איז געווען אַ קריגעריי צווישען די פֿאַסטוכער פֿון אַבֿרמ'ס פֿיך און די פֿאַסטוכער פֿון לוט'ס פֿיך, און אין לאַנד זיינען דאַן געזעסען די כּנענים און די פּרזים. זאָגט אַבֿרם צו לוט'ן: „זאָל ניט זיין קיין קריגעריי צווישען מיר און דיר, צווישען מיינע פֿאַסטוכער און דיינע; מיר זיינען דאָך ברידער; איז דען ניט דאָס גאַנצע לאַנד פֿאַר דיר? טייל זשע זיך אָפּ פֿון מיר; וועסטו געהן לינקס, וועל איך געהן רעכטס, און אויב דו געהסט רעכטס, וועל איך געהן לינקס, און לוט האָט אויפֿגעהויבען זיינע אויגען און האָט דערזעהן די ירדן־געגענד, ווי זי איז (איידער יהוה האָט צעשטערט סדום און עמורה) ביז צוער איינגאַנצען

בעוואַסערט, גלייך ווי דער גאָרטען יהוה'ס, ווי דאָס לאַנד מצרים. און לוט האָט פאַר זיך אויסגעקליבען די גאַנצע געגענד פון ירדן און האָט זיך געלאָזען קיין מזרח-זייט, און זיי האָבען זיך אָפּגעטיילט איינער פון אַנדערן. אַבֿרם איז געזעסען אין לאַנד כּנען, און לוט האָט זיך בּזעצט אין די שטעדט פון דער געגענד און אויסגעשפּרייט זיינע געצעלטען ביז צו סדום.

און יהוה האָט געזאָגט צו אַבֿרם, נאָכדעם ווי לוט האָט זיך אָפּגעטיילט פון איהם: „הייב אויף דיינע אויגען און קוק זיך אַרום פון דעם אָרט, וואו דו געפינסט זיך איצט, קיין צפון, דרום, מזרח און מערבֿ, ווייל דאָס גאַנצע לאַנד, וואָס דו זעהסט, וועל איך אָפּגעבען דיר און דיינע קינדער אויף אייביג. און איך וועל דיינע קינדער מאַכען אַזוי ווי דעם זאַמד פון דער ערד. און אויב אַ מענש וועט קאָנען איבערצעהלען דעם זאַמד פון דער ערד, וועלען אויך דיינע קינדער ווערען איבערגעצעהלט. שטעה אויף און געה איבערן לאַנד, אין דער לענג און אין דער ברייט, ווייל דיר וועל איך עס אָפּגעבען".

און אַבֿרם האָט זיך געלאָזען אין וועג אַריין מיט זיינע געצעלטען און ער האָט זיך בּזעצט ביי דעם דעמבּען-וואַלד פון ממרא, וואָס אין חבֿרון, און געבּויט דאָרטען אַ מזבח פאַר יהוה.

**אבֿרהם אין גרר.** פון דאָרטען האָט זיך אַבֿרהם געלאָזען געהן קיין דרום-לאַנד און האָט זיך בּזעצט צווישען קדש און שור; ער האָט געוואוינט אַ צייט אין גרר, און אַבֿרהם האָט געזאָגט וועגען שרה'ן, זיין ווייב: „זי איז מיינע אַ שוועסטער". און אַבֿימלך, דער קעניג פון גרר, האָט געשיקט און גענומען שרה'ן; און גאָט איז געקומען צו אַבֿימלכ'ען ביינאַכט אין חלום און האָט געזאָגט צו איהם: „דו וועסט שטאַרבּען פון וועגען דער פרוי, וואָס דו האָסט גענומען, ווייל זי איז אַ ווייב פון אַ מאַן". און אַבֿימלך האָט זיך צו איהר ניט דערנעהנטערט און האָט געזאָגט: „גאָט, וועסטו דען אויך אַן אומשולדיגען טויטען?! ער האָט דאָך מיר געזאָגט: „זי איז מיינע אַ שוועסטער", און זי אַליין האָט אויך געזאָגט: „ער איז מיינער אַ ברודער"; מיט אַ תּמימות'דיגען האַרצען און מיט ריינע הענט האָב איך דאָס געטאָן". און גאָט האָט געזאָגט צו איהם אין חלום: „אויך איך ווייס, אַז מיט אַ תּמימות'דיגען האַרצען האָסטו דאָס געטאָן און אויך איך האָב דיך אָפּגעהאַלטען פון צו זינדיגען אַנטקעגען מיר, און דעריבּער האָב איך דיר ניט געלאָזען צורירהען זיך צו איהר. און איצט קעהר אום דעם מאַנ'ס ווייב, ווייל ער איז אַ נבֿיא; ער וועט מתפּלל זיין פאַר דיר, און דו וועסט לעבּען; און אויב דו וועסט ניט אומקעהרען, זיי וויסען, אַז שטאַרבּען וועסטו און אַלין דאָס דייניגע".

און אַבֿימלך האָט זיך געפעדערט אין דער פריה און האָט צונויפגערופען אַלע זיינע קנעכט און האָט זיי דערצעהלט די אַלע רייד, און די מענשען האָבען זיך זעהר דערשראָקען. און אַבֿימלך האָט גערופען אַבֿרהמ'ען און געזאָגט צו איהם: „וואָס האָסטו אונז געטאָן? און מיט וואָס האָב איך געזינדיגט אַנטקעגען דיר, וואָס דו האָסט געבּראַכט אויף מיר און אויף מיין מלוכה אַזאַ גרויסע זינד? מעשים, וואָס ווערען ניט געטאָן, האָסטו מיט מיר געטאָן." און אַבֿימלך האָט געזאָגט צו אַבֿרהמ'ען: „וואָס האָט דיך געבּראַכט, דו זאָלסט

טון אַזאַ זאַך?" האָט אַבֿרהם געזאָגט: „איך האָב געטראַכט: עס איז אין דעם אָרט ניטאָ קיין מורא פאַר גאָט, און מען וועט מיך הרג'ען פון וועגען מיין ווייב. און זי איז אין דער אמת'ן אויך מיינע אַ שוועסטער. זי איז די טאָכטער פון מיין פאָטער, אָבער ניט פון מיין מוטער — און זי איז געוואָרען מיינע אַ ווייב. און אַז ווען גאָט האָט מיך אַוועקגעפיהרט פון מיין פאָטערס הויז אויף דער וואַנדערשאַפט, האָב איך צו איהר געזאָגט: דאָס איז די גענאָד, וואָס דו זאָלסט טון מיט מיר: אין וואָסער אָרט מיר וועלען קומען, זאָג וועגען מיר: ער איז מיינער אַ ברודער". און אַבֿימלך האָט גענומען שאָף און רינדער, קנעכט און דינסטען און האָט געגעבען אַבֿרהמ'ען און האָט איהם אומגעקערט שרה'ן, זיין ווייב. און אַבֿימלך האָט געזאָגט: „אָט מיין לאַנד איז פאַר דיר, לעב, וואו עס געפעלט דיר". און צו שרה'ן האָט ער געזאָגט: „אָט האָב איך געגעבען דיין ברודער טויזענט זילבערנע שקלים, זאָל דאָס דיר זיין פאַר אַן אויגען־צודעק* פאַר אַלעמען, וואָס זיינען מיט איך, און דו ביזט פאַר אַלעמען פאַרענטפערט". און אַבֿרהם האָט מתפלל געווען צו גאָט, און גאָט האָט אויסגעהיילט אַבֿימלכ'ן, די ווייב זיינע און די דינסטען זיינע, און זיי האָבען געבוירען, ווייל יהוה האָט פריהער פאַרשלאָסען יעדער מוטער־לייב אין אַבֿימלכ'ס הויז פון וועגען שרה'ן, אַבֿרהמ'ס ווייב.

און יהוה האָט זיך דערמאָנט אָן שרה'ן, ווי ער האָט צוגעזאָגט, און ער האָט געטאָן מיט שרה'ן, ווי ער האָט גערעדט. און שרה איז טראָגעדיג געוואָרען און האָט געבוירען פאַר אַבֿרהמ'ען אויף זיין עלטער אַ זוהן אין דער בעשטימטער צייט, ווי גאָט האָט איהם פאָראויסגעזאָגט. און אַבֿרהם האָט אַ נאָמען געגעבען זיין ניי־געבוירענעם זוהן, וואָס עס האָט איהם געבוירען שרה, -- יצחק. און אַבֿרהם האָט מל געווען יצחק'ן, זיין זוהן, ווען ער איז אַלט געווען אַכט טעג, ווי גאָט האָט איהם פאַרזאָגט. אַבֿרהם איז אַלט געווען הונדערט יאָהר, ווען עס איז ביי איהם געבוירען געוואָרען יצחק, זיין זוהן. און שרה האָט געזאָגט: „אַ געלעכטער האָט מיר גאָט אָנגעמאַכט; ווער עס וועט נאָר דערהערען וועגען מיר, וועט זיך צעלאַכען". און זי האָט געזאָגט: „ווער האָלט דאָס געזאָגט אַבֿרהמ'ען, אַז שרה וועט וויגען קינדער?! און דאָך האָב איך איהם געבוירען אַ זוהן אויף זיין עלטער". דאָס קינד איז געוואַקסען, און מען האָט איהם אַנטוועהנט, און אַבֿרהם האָט געמאַכט אַ גרויסען מאָלצייט אין דעם טאָג, ווען מען האָט אַנטוועהנט יצחק'ן.

די פארטרייבונג פון הגר און ישמעאל.

און שרה האָט דערזעהן דעם זוהן פון הגר דער מצרית, וואָס יענע האָט געבוירען אַבֿרהמ'ען, אַז ער מאַכט זיך לוסטיג, — האָט זי געזאָגט צו אַבֿרהמ'ען: „טרייב אַרויס די דינסט און איהר זוהן, און דער זוהן פון דער דאָזיגער דינסט זאָל ניט זיין קיין יורש צוזאַמען מיט מיין זוהן יצחק'ן". האָט דאָס אַבֿרהמ'ען זעהר פאַרדראָסען פאַר זיין זוהן, נאָר גאָט האָט געזאָגט צו אַבֿרהמ'ען: „זאָל דיר ניט פאַרדריסען פאַרן יונגעל און פאַר דער דינסט. אַלץ, וואָס שרה וועט דיר זאָגען, הער זי צו, ווייל נאָר די פון יצחק געבוירענע וועלען גערופען

* אַן אויגען־צודעק דאָס הייסט אַ געלט־אויסקויף פאַרן בעליידיגטען כבוד.

װערען דיינע קינדער. אָבער אויך דעם זוהן פון דער דינסט װעל איך פאַר אַ גרויסען פאָלק מאַכען, װייל ער שטאַמט פון דיר". און אברהם איז אויפגעשטאַ-נען פריה, האָט גענומען ברויט און אַ לאָגעל װאַסער און געגעבען הגר'ן און דאָס קינד האָט ער אַרויפגעלעגט אויף איהר אַקסעל און האָט זי אָפּגעלאָ-זען. זי איז אַװעק און האָט געװאַנדערט אין מדבר פון באר-שבע. און עס איז אויסגעגאַנגען דאָס װאַסער פון לאָגעל. זי האָט אַנידערגעװאָרפען דאָס קינד אונטער איינעם פון די בוימלעך, איז אַװעק און האָט זיך געזעצט פון דער װייטען, אויף אַ מהלך פון אַ בויגען-שאָס, װייל זי האָט געזאָגט: „זאָל איך ניט זעהן דעם טויט פון קינד". [און זי האָט זיך געזעצט פון דער װייטען], דאָס קינד האָט זיך צעװיינט אויפ'ן קול. און גאָט האָט דערהערט דעם קול פון דעם יונגעל, און אַ מלאך פון גאָט האָט זיך אָפּגערופען פון הימעל צו הגר'ן און איהר געזאָגט: „װאָס איז מיט דיר, הגר? האָב ניט קיין מורא. װאָרום גאָט האָט געהערט דעם יונגעלס קול פון דאָרטען, װאו ער ליגט; שטעה אויף, הייב איהם אויף און האַלט איהם צו מיט דיין האַנט, דען איך װעל איהם מאַכען פאַר אַ גרויסען פאָלק". און גאָט האָט אויפגעעפענט איהרע אויגען, און זי האָט דערזעהן אַ ברונים װאַסער און זי איז צוגעגאַנגען, האָט אָנגעפילט דעם לאָגעל מיט װאַסער און האָט אָנגעטרונקען דעם יונגעל. און גאָט איז געװען מיט'ן יונגעל, ער איז אויסגעװאַקסען, האָט אָנגעהויבען לעבען אין מדבר און איז געװאָרען אַ בויגען-שיסער, און ער האָט געלעבט אין מדבר פארן, און זיין מוטער האָט איהם גענומען אַ װייב פון לאַנד מצרים.

אברהמ'ס בונד מיט אבימלכ'ן.

און דערזעלביגער צייט האָט אַבימלך מיט פיכול'ן, זיין חיל-אָנפיהרער, געזאָגט צו אברהמ'ען: „מיט דיר איז גאָט אין אַלץ, װאָס דו טוסט נאָר, און אָט שװער מיר ביי גאָט, אַז דו װעסט ניט אָפּנאַרען ניט מיך, ניט מיין זוהן, ניט מיין אייניקעל, און װי איך האָב מיט דיר געטאָן גוטס, אַזוי װעסטו טון מיט מיר און מיט דעם לאַנד, װאָס דו װאוינסט דערין". און אברהם האָט געזאָגט: „איך שװער". און אברהם האָט פאָרגעװאָרפען אַבימלכ'ען פון װעגען דעם ברונים, װאָס עס האָבען פאַרכאַפּט אַבימלכ'ס קנעכט. און אַבימלך האָט גע-זאָגט: „איך װייס ניט, װער עס האָט אַזאַ זאַך געטאָן, און דו האָסט מיר אויך ניט געזאָגט, און איך האָב גאָרנישט ניט געהערט ביז היינט". און אברהם האָט גענומען שאָף און רינדער און האָט זיי איבערגעגעבען אַבימלכ'ען, און זיי האָ-בען ביידע געשלאָסען אַ בונד. און אברהם האָט אַװעקגעשטעלט זיבען שעפּס-לאַך בעזונדער. און אַבימלך האָט געזאָגט צו אברהמ'ען: „װאָס זענען דאָס פאַר זיבען שעפּסעלאַך, װאָס דו האָסט דאָס אַװעקגעשטעלט בעזונדער?" און ער האָט געענטפערט: „װייל די זיבען שעפּסעלאַך דאַרפסטו נעמען ביי מיר, כדי דאָס זאָל מיר זיין פאַר אַ בעװייז, אַז איך האָב געגראָבען דעם ברונים". דער-פאַר האָט ער אַ נאָמען געגעבען יענעם אָרט „באר שבע"*, (דער ברונים פון

* לויט דער לעגענדע שטאמט דער נאָמען „באר שבע" פון װאָרט „שבועה"; עס איז אָבער אויך מעגליך, אַז ער שטאַמט פון װאָרט „שבעה" (זיבען) און װייזט אָן, אויף זיבען קװאַלען אָדער אויף אַ װאַסער עס איז געשעהניש, װאָס דערביי האָט געשפּילט אַ ראָלע די צאָהל זיבען, עס איז כדאי צו בעמערקען אַז צװישען דעם װאָרט „שבועה" און דער צאָהל 7 איז

שבועה), ווייל דאָרטען האָבען זיי ביידע געשוואָרען. און זיי האָבען געשלאָסען דעם בונד אין באר שבע, און אבימלך און פיכול, זיין אָנפיהרער, האָבען זיך איבערגעהויבען און זיך אומגעקעהרט אין לאַנד פלשתים. און ער האָט אַיינגעפלאַנצט אַ טאמאריסקען־בוים ביי באר שבע און איינגערופען דאָרטען אין נאָמען פון יהוה, דעם איביגען גאָט, און אברהם האָט געלעבט אַלס פרעמדער אין לאַנד פלשתים אַ לאַנגע צייט.

אברהמ'ס דינער נעמט פאר יצחק'ן א ווייב פון מעסאָפּאטאמיען.

אברהם איז שוין געווען אַלט און בעיאָהרענט, און יהוה האָט געבענשט אברהמ'ען מיט אַלצדינג. און אברהם האָט געזאָגט צו זיין קנעכט, דעם עלטסטען פון זיין הויז, וואָס געוועלטיגט איבער אַלין, וואָס ביי איהם: לעג אַוועק דיין האַנט אונטער מיין דיך און שווער מיר ביי יהוה, דעם גאָט פון הימעל און דעם גאָט פון דער ערד, אַז דו וועסט ניט נעמען קיין ווייב פאַר מיין זוהן פון די טעכטער פון די כנענים, וואָס איך וואוין צווישען זיי, נאָר אַז דו וועסט געהן אין מיין לאַנד, און מיין געבורטס־אָרט, און דו וועסט נעמען אַ ווייב פאַר מיין זוהן יצחק." און עס האָט געזאָגט צו איהם דער קנעכט: „אפשר וועט ניט וועלען יענע פרוי געהן מיט מיר אין דעם לאַנד אַריין, זאָל איך דען צוריקפיהרען דיין זוהן אין לאַנד, פון וואַנען דו ביסט אַרויסגעקומען?" אברהם האָט צו איהם געזאָגט: „היט זיך דערפון, צוריקצופיהרען מיין זוהן אַהינצו! יהוה, דער גאָט פון הימעל, וועלכער האָט מיך גענומען פון מיין פאָטערס הויז און פון מיין געבורטס־אָרט, וועלכער האָט מיט מיר גערעדט און מיר געשוואָרען מיט די ווערטער: „דיינע קינדער וועל איך אָפּגעבען דאָס לאַנד" — ער וועט שיקען זיין מלאך פאַר דיר, און דו וועסט נעמען אַ ווייב פאַר מיין זוהן פון דאָרטען. און ווען די פרוי וועט ניט וועלען געהן נאָך דיר, וועסטו ריין זיין פון אָט דער שבועה מיינער. אָבער דו זאָלסט ניט צוריקפיהרען מיין זוהן אַהינצו". און דער קנעכט האָט אַוועקגעלעגט זיין האַנט אונטער דעם דיך פון אברהם זיין האַר און האָט איהם געשוואָרען אויף דער זאַך. און דער קנעכט האָט גענומען צעהן קעמלען פון זיין האַרס קעמלען און האָט זיך געלאָזען אין וועג אַריין; און האַנט האָט ער אויך געהאַט אַלערליי גוטס פון זיין האַר. און ער איז אויפגעשטאַנען און איז אַוועקגעגאַנגען קיין ארם נהרים, אין נחור'ס שטאָדט אַריין, און האָט זיך אָפּגעשטעלט מיט די קעמלען הינטערן שטאָדט ביים ברונים אָבענד־צייט, ווען די פרויען געהען אַרויס שעפּען וואַסער. און ער האָט געזאָגט: „יהוה, דו גאָט פון אברהם מיין האַר! טרעף מיר היינט צו און טו גענאָד מיט דעם האַר מיינעם אברהמ'ען. אָט שטעה איך ביים וואַסער־קוואַל, און די טעכטער פון די שטאָדט־איינוואוינער געהען אַרויס אָנצושעפּען וואַסער. און עס וועט זיין, אָט די מיידעל, וואָס איך וועל זאָגען צו איהר: „בייג אָן דיין קרוג, און איך וועל זיך אָנטרינקען", און זי וועט ענטפערן: „טרינק און איך וועל דיינע קעמלען אויך אָנטרינקען", — זי האָסטו דאָס בעשטימט

בכלל ביי די אַמאָליגע בני ישראל געווען ניט נאָר אַ שפּראַכליכער, נאָר אויך אַן אינעווייניגסטער צוזאַמענהאַנג, וואָס האָט אפשר אַ מיטאָלאָגישען יסוד. פאַרגלייך אַן ערך אין דערזעלביגער ערצעהלונג די זיבען שעפּסעלאַך אַלס עדות פון דער שבועה.

פֿאַר דיין קנעכֿט, פֿאַר יצחק'ן, — און דורכדעם וועל איך וויסען, אַז דו האָסט געטאָן חסד מיט מיין האַר, מיט אבֿרהמ'ען".

און עס איז געווען, איידער ער האָט דאָס נאָך געענדיגט צו רעדען, איז אַרויס רבֿקה. — וועלכֿע איז, געבוירען געוואָרען פֿון [בתואל דעם זוהן פֿון] מלכה, דער ווייב נחור'ס, דעם ברודער אבֿרהמ'ס — מיט איהר קרוג אויפ'ן אַקסעל. די מיידעל איז געווען זעהר שעהן, יונגפֿערליך, און קיין מאַנסביל האָט זי ניט געקאָנט. זי איז אַראָפּ צום קוואַל, האָט אָנגעפֿילט איהר קרוג און איז אַרויסגעקומען. און דער קנעכֿט איז צו איהר געלאָפֿען אַנטקעגען און געזאָגט: „גיב מיר אויסזופּען אַ ביסעל וואַסער פֿון דיין קרוג". און זי האָט איהם געענטפֿערט: „טרינק, מיין האַר", און האָט זיך געאַיילט און האָט אַראָפּגעלאָזען דעם קרוג אויפ'ן האַנט און האָט איהם אָנגעטרונקען. און אַז זי האָט געענדיגט איהם אָנטרינקען, האָט זי געזאָגט. „איך וועל אויך פֿאַר דיינע קעמלען אָנשעפּען, ביז זיי וועלען זיך אָנטרינקען". און זי האָט געשווינד אויסגעליידיגט איהר קרוג אין קאָרעטע אַריין און איז געלאָפֿען צום ברונים אָנשעפּען און האָט אָנגעשעפּט פֿאַר אַלע זיינע קעמלען. און דער מאַן וואונדערט זיך אויף איהר און שווייגט, וועלענדיג וויסען, צי האָט יהוה בעגליקט זיין וועג, צי ניט. ווען די קעמלען האָבען אויפגעהערט צו טרינקען, האָט דער מאַן גענומען אַ גאָלדענעם נאָז-רינג פֿון אַ האַלבֿען שקל וואָג און צוויי בראַסלעטען פֿאַר איהרע הענט אין וואָג פֿון צעהן שקלים גאָלד און האָט געזאָגט: „וועמעס טאָכֿטער ביסטו — זאָג מיר נאָר, צי איז דאָ אין דיין פֿאָטערס הויז אַן אָרט צום איבערנעכֿטיגען". זי האָט געזאָגט צו איהם: „איך בין די. טאָכֿטער פֿון [בתואל דעם זוהן פֿון] מלכה, וואָס זי האָט געבוירען נחור'ן". און זי האָט ווייטער געזאָגט: „שטרוי, און שפּייז איז ביי אונז דאָ גענוג. און אויך אַן אָרט אויף איבערצונעכֿטיגען". און דער מאַן האָט זיך געקנידהט און געבויגען פֿאַר יהוה און געזאָגט: „געבענשט זאָל זיין יהוה, דער גאָט פֿון מיין האַר אבֿרהם, וועלכֿער האָט ניט פֿאַרמידען פֿון מיין האַר זיין גענאָד און זיין אמת. אויף אַזאַ וועג האָט מיך יהוה געבראַכֿט צו פֿיהרען אין הויז אַריין פֿון מיין האַרס ברודער". איז די מיידעל געלאָפֿען און האָט דערצעהלט אין איהר מוטערס-הויז, וואָס עס איז געשעהן.

און ביי רבֿקה'ן איז געווען אַ ברודער מיט'ן נאָמען לבֿן. און אָט ווען ער האָט דערזעהן דעם רינג און די בראַסלעטען אויף די הענט ביי זיין שוועסטער און ווען ער האָט דערהערט די ערצעהלונג פֿון רבֿקה, זיין שוועסטער: אַזוי און אַזוי האָט מיט מיר גערעדט דער מאַן, — איז לבֿן אַרויסגעלאָפֿען צו דעם מאַן דרויסען ביי'ם קוואַל. און ער איז געקומען, ערשט ער זעהט, ער שטעהט נעבען די קעמלען ביי'ם קוואַל. האָט ער געזאָגט: „קום, דו געבענשטער פֿון יהוה, וואָס שטעהסטו אין דרויסען? איך האָב פֿריי געמאַכֿט דאָס הויז און אַן אָרט געמאַכֿט פֿאַר די קעמלען". און דער מאַן איז אַריין אין הויז, און לבֿן האָט אויסגעשפּאַנט די קעמלען און האָט זיי געגעבען שטרוי און שפּייז, און ער האָט געבראַכֿט וואַסער אויף וואַשען די פֿיס פֿאַר איהם און די מענשען, וואָס מיט איהם; און מען האָט דערלאַנגט פֿאַר איהם עסען. אָבער ער האָט געזאָגט: „איך וועל ניט עסען, ביז איך וועל ניט דערצעהלען

מיין אָנגעלעגענהייט". און ער האָט איהם געענטפערט: „דערצעהל". דאַן האָט ער געזאָגט: „אַבֿרהמ'ס קנעכט בין איך. און גאָט האָט פיל געבענשט מיין האַר, און ער איז געוואָרען גרויס. געגעבען האָט ער איהם שאָף און רינדער, זילבער און גאָלד, קנעכט און דינסטען, קעמלען און איזלען. און שׂרה, מיין האַרס ווייב, האָט געבוירען פאַר מיין האַר איהר זיין עלטער אַ זוהן, און ער האָט איהם אָפּגעגעבען זיין גאַנצען פאַרמעגען. און מיין האַר האָט מיך פאַרשוואָרען מיט די ווערטער: „דו זאָלסט ניט נעמען קיין ווייב פאַר מיין זוהן פון די טעכטער פון די כּנענים, וואָס איך לעב אין זייער לאַנד; נאָר דו זאָלסט געהן אין מיין פאָטערס הויז, צו מיין משפּחה און זאָלסט פון דאָרטען נעמען אַ ווייב פאַר מיין זוהן". האָב איך געזאָגט צו מיין האַר: „אפשר וועט יענע פרוי ניט געהן נאָך מיר?" האָט ער געזאָגט: „יהוה, פאַר וועמעס אויגען איך האָב מיין וועג דורכגעמאַכט, וועט שיקען מיט דיר זיין מלאך, און ער וועט בעגליקען דיין וועג, און דו וועסט נעמען אַ ווייב פאַר מיין זוהן פון מיין משפּחה און פון מיין פאָטערס הויז. נאָר דאַן וועסטו זיין ריין פון מיין שבֿועה, ווען דו וועסט געהן צו מיין משפּחה; אויב זיי וועלען דיר ניט געבען, וועסטו דאַן זיין ריין פון מיין שבֿועה". און איך בין געקומען היינט צום קוואַל און געזאָגט: „יהוה, דו גאָט פון מיין האַר אַבֿרהם, אויב דו בעגליקסט מיין וועג, וואָס איך געה אין איהם, איז אָט שטעה איך ביים קוואַל, זאָל יענע מיידעל, וואָס וועט אַרויסגעהן שעפּען און איך וועל זאָגען צו איהר: „גיב מיר טרינקען אַ ביסעל וואַסער פון דיין קרוג", און זי וועט מיר ענטפערן: „טרינק דו, און אויך דיינע קעמלען וועל איך אָנטרינקען" — זאָל זי זיין די פרוי, וואָס גאָט האָט בעשטימט פאַר מיין האַרס זוהן". און איידער איך האָב נאָך געענדיגט צו זאָגען דאָס פאַר זיך, ערשט עס געהט אַרויס רבֿקה מיט איהר קרוג אויף איהר אַקסעל. זי איז אַראָב צום קוואַל און אָנגעשעפּט, און איך האָב צו איהר געזאָגט: „טרענק מיך אָן!" האָט זי געשווינד אַראָפּגענומען פון זיך דעם קרוג און געזאָגט: „טרינק, און אויך דיינע קעמלען וועל איך אָנטרינקען". און איך האָב געטרונקען, און אויך די קעמלען האָט זי אָנגעטרונקען. און איך האָב זי געפרעגט: „וועמעס טאָכטער ביסטו?" און זי האָט געענטפערט: „איך בין די טאָכטער פון [בתואל, דעם זוהן פון] נחור, וואָס עס האָט איהם געבוירען מלכּה", און איך האָב אָנגעטאָן דעם רינג אויף איהר נאָז און די בראַסלעטען אויף איהרע הענט און איך האָב זיך געקניהט און געבויגען און געדאַנקט יהוה, דעם גאָט פון מיין האַר אַבֿרהם, וועלכער האָט מיך געפיהרט איפן ריכטיגען וועג צו נעמען די טאָכטער פון מיין האַרס ברודער פאַר זיין זוהן. און אָט זאָגט איצט, צי ווילט איהר טון גענאָד און אמת מיט מיין האַר? אויב ניט, זאָגט מיר, וועל איך זיך ווענדען רעכטס אָדער לינקס".

און עס האָט געענטפערט לבֿן [און בתואל] און געזאָגט: „פון יהוה איז אַרויס דאָס אַלץ, מיר קאָנען דיר ניט זאָגען ניט שלעכטס, ניט גוטס. אָט איז רבֿקה פאַר דיר, נעם זי און געה. זאָל זי זיין אַ ווייב פאַר דעם זוהן פון דיין האַר, ווי יהוה האָט געזאָגט". ווען אַבֿרהמ'ס קנעכט האָט דער-

הערט ווייערע רייד, האָט ער זיך געבויגען ביז צו דער ערד פאַר יהוה, און האָט אַרויסגענומען זילבערנע און גאָלדענע כלים און קליידער און האָט זיי איבערגעגעבען רבקה׳ן, און איהר ברודער און איהר מוטער האָט ער געגעבען מתנות, און זיי האָבען געגעסען און געטרונקען, ער און די מענשען, וואָס מיט איהם. זיי האָבען איבערגענעכטיגט, זיינען אויפגעשטאַנען אין דער פריה, און ער האָט געזאָגט: „לאָזט מיך אָפּ צו מיין האַר“. נאָר איהר ברודער און איהר מוטער האָבען געזאָגט: „זאָל די מיידעל נאָך זיין מיט אונז אַ טאָג צעהן, דערנאָך וועסטו געהן“. ער האָט צו זיי אָבער געזאָגט: „ניט האַלט מיך אויף, יהוה האָט דאָך בעגליקט מיין וועג. לאָזט מיך אָפּ, און איך וועל געהן צו מיין האַר“. זיי האָבען געזאָגט: „לאָמיר רופען די מיידעל און פרעגען ביי איהר“. און מען האָט גערופען רבקה׳ן און זי געפרעגט: „דו וועסט געהן מיט אָט דעם מענשען?“ זי האָט געענטפערט: „איך וועל געהן!“ און זיי האָבען געבענשט רבקה׳ן און געזאָגט צו איהר:

אונזער שוועסטער, עס זאָלען פון דיר אַרויסקומען
צעהנדליגער טויזענטער,
און דיינע קינדער זאָלען ירש׳ען
די טויערן פון זייערע שונאים!

און רבקה איז אויפגעשטאַנען און איהרע דינסטען מיט איהר, און האָבען זיך געזעצט אויף די קעמלען און זיינען אַוועק נאָך דעם מאַן. און דער קנעכט האָט מיטגענומען רבקה׳ן און איז אַוועקגעגאַנגען. און יצחק האָט זיך דאַן אומגעקעהרט פון מדבר באר לחי ראי, ווייל ער האָט דאַן געוואוינט אין דרום-לאַנד. בשעת׳ן אָבענד-אָנקומען איז יצחק אַרויס שפּאַצירען אין פעלד און האָט אויפגעהויבען זיינע אויגען און דערזעהן, ערשט קעמלען קומען אָן. רבקה האָט אַ קוק געגעבען, האָט דערזעהן יצחק׳ן און זיך אַראָפּגערוקט פון קעמעל. און זי האָט געזאָגט צום קנעכט: „ווער איז דער דאָזיגער מענש, וועלכער געהט איבערן פעלד אונז אַנטקעגען?“ דער קנעכט האָט געזאָגט: „דאָס איז מיין האַר!“ און זי האָט גענומען דעם שלייער און זיך איבערגעדעקט.— און דער קנעכט האָט דערצעהלט יצחק׳ן אַלץ, וואָס ער האָט געטאָן, און יצחק האָט זי אַריינגעפיהרט אין געצעלט [פון שרה זיין מוטער]. און ער האָט זי ליב בעקומען, און יצחק האָט זיך געטרייסט אין זיין טרויער נאָך זיין מוטער.—

בראשית קאַפּיטעל י״ב, י״ג, כ׳, כ״א, כ״ד.

———

## VII. די ישראלשע שבטים פאַר דער בעזעצונג פון ארץ ישראל.

דאָס לעבען אין מצרים.

בערך אין מיטען פון צווייטען יאָהרטויזענט פאַר דער קריסטליכער תקופה האָט אַ טייל פון די העבּרעאישע שבטים פאַרלאָזען זיין אַלטע היים, דעם דרום-קאַנט פון ארץ-ישראל, כדי איבערצוּוואַנדערן אין דאָס שכנישע מצרישע פּאַשטע-לאַנד, וואָס האָט געטראָגען דעם נאָמען גושן. זיי זיינען דאָרטען געבליבען, וואָס זיי זענען פריהער געווען, — פּאַסטוכער פון שעפּסען און ציגען. הגם זיי האָבען געלעבט אין דער מצרישער מלוכה און אָנערקענט די מצרישע

איבערהעריטאַפּט, האָבן זיי דאָך אָבגעהיט די אייגנאַרטיקייט פֿון זייער ראַסע, זייער שפּראַך, דעם פּאַטריאַרכאַלישן סדר פֿון זייער לעבן, און זייערע פּשוטע, פּרימיטיווע לעבנס-מנהגים.

מיט דער צייט איז אָבער פֿאָרגעקומען אַ שינוי אין דער באַהאַנדלונג פֿון די פֿרעמדע געסט. מען האָט זיי גענייט צו ערפֿילן די צוואַנגס-אַרבעטן ביי די בנינים, וואָס פּרעה האָט דעמאָלט געלאָזט בויען אין גושן. דאָס איז געווען פֿאַר-איינס אױך אַ מיטעל צו פֿאַרניכטן זייער אייגנאַרטיקייט; זיי זיינען געווען פֿרייע פּאַסטוכער, און צו שווערע אַרבעט ניט געוועהנט. די-זעלביגע אַרבעט, וואָס איז פֿאַר מצרי געווען אַ געוועהנליכע זאַך, איז געווען פֿאַר זיי עפּיס ניט-געוועהנליכעס און ניט-נאַטירליכעס, נאָר אַ פּרוּוו זיי אָפּ-צושוואַכן און אַן אָנפֿאַל אױף זייער פֿרייהייט און כּבֿוד.

משה.

אין דער צייט פֿון פּרעניות און שווערער אַרבעט איז זיי געקומען צו הילף אַ ליכטיגע פּערזענליכקייט, אַ גרויסער, געטליכער מאַן, וואָס די נויט פֿון דער צייט האָט אים דערוועקט און ערצויגן — משה. ער האָט דאָס אייגנאַרטיגע לעבן פֿון זיינע ברידער און זייער באַזונדער פֿאַרהאַלטונג צו די מצרים דערהויבן צו דער מדרגה פֿון אַ פֿאָלקס-רעליגיע, הורבּדעם וואָס ער האָט זיי דערמאָנט אָן דעם גאָט פֿון זייערע אָבֿות, וועלכער באַטייליגט זיך אין זייער צער און ליידן און וועלכער וויל זיי איצט באַפֿרייען פֿון מצרישן יאָך. ער האָט זיי ערצויגן און ענטוויקעלט אין זיי דעם איינהייטליכן פֿעסטן ווילן, צוריק זיך אומצוקעהרן אין זייער אַלטער היים אַריין, צו זייערע ברידער אין מדבר.

די אויסוואַנדערונג פֿון מצרים. קדש.

אין דער צייט, ווען אַ שווערע מגפֿה איז באַפֿאַלן מצרים, האָבן די העברעער ביינאַכט אַרויסגעוואַנדערט פֿון גושן מיט ווייב און קינד, מיט זייערע שאָף און זייער גאַנצן גוטס און געלאָזן זיך אין וועג צו דער סיני-האַלב-אינזעל. פּרעה אַליין האָט בּלמר'שט זיי ערלויבט אַרויסצו-וואַנדערן און צום סוף זיי אַפֿילו אונטערגעאײַלט צו דעם. פֿונדעסטוועגן האָט דאָס גיכער אויס-געזעהן ווי אַן אַנטלויפֿען, ווי אַ בשתיקה אָפּגערעדטע און צוגעגרייטע אַרויס-וואַנדערונג.

נאָך אַ וואַנדערונג פֿון עטליכע טעג זיינען זיי אָנגעקומען קיין קדש, וואָס איז געלעגן אין מזרח-זייט קעגענאיבער גושן, האַרט אױף דער דרומ-דיגער גרעניץ פֿון ארץ ישׂראל, און האָבן זיך דאָרטן באַזעצט. זיי זיינען דאָרטן געבליבן אַ לענגערע צייט אױף אַזאַ אופֿן, אַז אין קדש האָבן זיי געהאַט זייער צענטער און פֿון דאָרטן פֿלעגן זיי וואַנדערן אין אַלע זייטן מיט זייערע שאָף איבער אַ גרויסן ווייטן שטח. פֿאַר אַ קולטור-פֿאָלק וואָלט אַזאַ אַרט לעבן געווען אוממעגליך, אָבער די בעדערפֿעניסען פֿון די גושן-פּאַסטוכער, וואָס זיינען געווען וועניג לויט זייער צאָהל און פֿון פֿאַרצייטן גע-וועהנט צום לעבן אין מדבר, האָבן זיך געלאָזט דאָ באַפֿרידיגן. עס איז מעגליך, אַז, זיצענדיג אין קדש, האָבן זיי שוין געמאַכט נסיונות אַריינצונעמען דאָס פֿרוכטבאַרע לאַנד צו צפֿון-זייט, אָבער עס לאָזט זיך שווער גלייבן, אַז זיי

האָבען שוין לכתחילה געהאַט די כּוונה אײַנצונעמען גאַנץ ארץ־ישׂראל, וואָס האָט, זייענדיג אונטער דער הערשאַפֿט פֿון די כּנענייטע מלכים, פֿאָרגעשטעלט אַ בעדייטענדען פּאָליטישען כּח אין פֿאַרגלייך מיט די ישׂראלישע וואַנדערער.

די אויסוואַנדערונג פֿון קדש. די ערשטע נצחונות אויפ'ן מזרח־זייט פֿון ירדן.

זייער אויסוואַנדערונג פֿון קדש איז געווען דער פּועל יוצא פֿון געוויסע היסטאָרישע געשעהענישען פֿון יענער צייט. אין מזרח־זייט פֿון ירדן האָבען די אֱמורים אָפּגעשטויסען די בני־עמון פֿון דעם אונטערשטען טייל טייך יבּוק, און בּיי די בני־מואָב האָבען זיי צוגענומען דעם צפֿונ'דיגען טייל פֿון זייער לאַנד ביז צום אַרנון. אויף דער הויכעניש קעגענאיבער יריחו איז אויסגעוואַקסען חשבּון און איז געוואָרען די הויפּט־שטאָדט פֿון זייער קעניג סיחון. פֿון דאַנען האָבען זיי זיך געוואָלט לאָזען ווייטער צו דרום צו. די קליינע העברעאישע מלוכות, וואָס זיינען געלעגען אויפ'ן גרעניץ פֿון ארץ ישׂראל און אַראַביען, האָבען אַלע געמוזט גוט פֿיהלען די סכּנה. און דאָ זיינען אין דער רעכטער צייט אָנגעקומען די בני ישׂראל, וואָס פֿאַר זיי איז אין משך פֿון דער צייט ענג געוואָרען דער מדבּר פֿון קדש. אָהן שום ספק זיינען זיי מיט דעם הסכּם פֿון די בני־עמון און די בני־מואָב, וואָס זייער לאַנד איז געלעגען אין דער מיטען, אַרויסגעטראָטען אין מלחמה קעגען די אמורים און האָבען חרובֿ געמאַכט די מלוכה פֿון סיחון. נאָך דעם איז דאָס לאַנד אין דרום־זייט פֿון אַרנון געבליבען פֿעסט אין די הענט פֿון די בני־מואָב, אָבער אין צפֿון־זייט פֿון אַרנון האָבען זיך בעזעצט די זיגער אַליין; אויף אַזאַ אופֿן האָבען זיי פֿאַרנומען דאָס לאַנד, וואָס איז רייך מיט לאָנקעס, און האָבען געוואוינט אין שכנות פֿון זייערע ברודער־שבטים. פֿון איצט אָן האָבען די נחלאות פֿון די העברעאישע פֿעלקער פֿאָרגעשטעלט איין גאַנצען טעריטאָריאַלען שטח.

דער חיל, וואָס איז אַרויס פֿון קדש, כּדי מלחמה צו האַלטען מיט סיחון'ען, איז געוויס בעשטאַנען ניט בלויז פֿון די, וואָס זיינען אַליין אַרויס פֿון מצרים, אָדער פֿון זייערע קינדער. ישׂראל איז נאָך דעמאָלט ניט געווען קיין פֿאַרטיג פֿאָלק. בשעת זיינע וואַנדערונגען האָט ער נאָך איבערגעלעבט די תּקופֿה פֿון איבערבילדונג. ער האָט זיך נאָך ניט אויסגעשיידט פֿון די קרובֿישע עלעמענטען, וועלכע האָבען זיך מיט איהם אונטערוועגס פֿאַראייניגט (ערבֿ רבֿ, שמות י"ב, 38), נאָר ער האָט זיך, פֿאַרקעהרט, מיט זיי צו־ביסלעכווייז פֿאַרבונדען אין צונויפֿגעוואַקסען. ערשט בשעת זייער לעבען צוזאַמען אונטער דער פֿיהרונג פֿון משה, האָט זיך ביי די איינצעלנע שבטים, וואָס האָבען שפּעטער פֿון זיך פֿאָרגעשטעלט דאָס פֿאָלק, אָנגעהויבען צו ענטוויקלען דאָס געפֿיהל פֿון איינהייט. עס איז שווער צו זאָגען, צי זיינען די שבטים געווען פֿאַראייניגט צווישען זיך שוין פֿאַר דער צייט פֿון משה. דערפֿאַר איז אָבער קיין ספק ניט, אַז בשעת זייער וואַנדערונג איבערן מדבּר, און יעדענפֿאַלס פֿאַר דער אײַננעמונג פֿון ארץ ישׂראל, איז געשלאָסען געוואָרען צווישען די שבטים אַן אַלגעמיינער בונד. דערפֿון איז אָבער נאָך ניט געדרונגען, אַז אין קדש האָבען שוין אַלע צוועלף שבטים געלעבט צוזאַמען; די „קינדער" פֿון

יעקבֿ׳ס „קעבס־ווייבער"* דן און נפתּלי, גד און אָשר זיינען צו איהם געווען ניט אַזוי נאָהענט, ווי די „קינדער" פון לאה און רחל; עס איז מעגליך, אַז אָט די פיר שבֿטים זיינען ערשט שפּעטער צוגעקומען און זיינען געווען ניט פון ריין־ישׂראלישער אָפּשטאַמונג. פון די עלטערע שבֿטים האָבען זעקס (ראובֿן, שמעון, לוי, יהודה, יששׂכר, זבֿולון) געשטאַמט פון לאה׳ן, נאָר יוסף און דער, ווי עס זעהט אויס, שפּעטער צוגעקומענער בנימין, האָבען גע־שטאַמט פון רחל׳ען. דער שבֿט יוסף איז געווען ליט זיין צאָהל און ליט זיין מאַכֿט אַזוי גרויס, ווי אַלע איבעריגע שבֿטים צוזאַמען, און ליט זיין גייסטיגער ענטוויקלונג און זיין בעדייטונג איז ער געשטאַנען פיל העכֿער פאַר די איבעריגע.

די ווירקונג פון דער כנענישער קולטור. ישׂראל׳ס גייסטיגער אחדות־געפיהל.

ווען די בני ישׂראל האָבען זיך בעזעצט אין לאַנד, האָבען זיי דאָרטען געפונען אַ בעפעלקערונג, וואָס איז געשטאַנען העכֿער פאַר זיי ליט איהר צאָהל און ליט איהר קולטור און וואָס זיי האָבען זי ניט פאַרטיליגט, נאָר פּאַמעלאַך אינטערגעוואָרפען און אַסימילירט. אַדאַנק דער קרובֿ׳עשאַפט און דער גייסטיגער נאָהענטקייט פון די ראַסען איז די פאַרמישונג פאָרגעקומען זייער לייכֿט; הגם די זיגער האָבען איבערגענומען פיל מדות ביי די בעזיגטע, קיין כנענים אָבער זיינען זיי ניט געוואָרען. ניט געקוקט אויף זייער קליינער צאָהל און אויף דער יונגקייט פון זייער קולטור, האָבען זיי דאָך ריין אָפּ־געהיט זייער נאַציאָנאַלע אייגענאַרט. בכֿן איז קלאָר, אַז ביי זיי איז בע־שטאַנען אַן אינעווייניגסטע גייסטיגע איינהייט אַ סך פריהער, איידער זי האָט זיך אויסגעדריקט אין דער געשטאַלט פון אַ פּאָליטישער איינהייט. דער מקור פון דער איינהייט ליגט פאַרבאָרגען אין ווייטען לעגענדען־רייכֿען עבֿר ביז משה׳ן. און משה ווערט בעטראַכֿט ווי איהר ענטדעקער און בעגרינדער, ווי דער, וואָס האָט געמאַכֿט פונ׳ם טיפען געפיהל אַ היסטאָרישען כּח.

יהוה אלס דער יסוד פון נאַצי־אָנאַלער אחדות. משה—אַלס איהר שעפער.

דער יסוד, וואָס אויף איהם האָט זיך אין אַלע צייטען געשטיצט דער געדאַנק פון ישׂראל׳ס אַחדות, איז געווען דער גלויבען: יהוה איז הער גאָט פון ישׂראל, און ישׂראל איז דאָס פאָלק פון יהוה. דעם דאָזיגע גלויבען האָט משה ניט אויסגעטראַכֿט, נאָר ער האָט געווירקט, אַז ער זאָל ווערען דער יסוד פון דער נאַציע און פון איהר געשיכֿטע. די שווערע נויט און דער יאָך פון די פאַרקנעכֿטעטע ישׂראלישע משפּחות, צוזאַמען מיט די זכֿרונות פון דער אַמאָליגער פרייהייט און בעוועגליכֿקייט, האָבען געבראַכֿט דערצו, אַז זיי זאָלען זיך אַרויסרייסען פון דער דריקענדיגער סבֿיבֿה, זיך בעפרייען און זיך אויפגיסען אין דעם געפיהל פון אמת׳ער נאַציאָנאַלער אַחדות.

משה איז געווען דער מייסטער פון דעם דאָזיגען אַחדות־געפיהל, און נאָכֿדעם, אַז ער האָט בעפרייט די העברעער פון זייער נויט אין מצרים,

* וועגען דער עטנאָגראַפישער בעדייטונג פון די ווערטער: „קינדער", „קעבס־ווייבער" און אַנדערע,—זעה אויבען קאַפּיטעל V.

האָבען זיי, — ווי עס ליגט אין דער מענשליכער נאַטור, — אָנגעהויבען זיך צו איהם צו ווענדען ביי יעדער געפאַהר און נויט, וואָס זיי איז אויסגעקומען איבערצולעבען, און האָבען איהם פאַרטרויט אַלע זייערע ענינים, וואָס זיי זיינען אַליין ניט געווען בכח איינצואָרדנען. מחמת זיין אויסגערעכענטקייט, מחמת זיין טיפען פּראַקטישען פאַרשטאַנד, וואָס ער האָט אַרויסגעוויזען אין אַלע זיינע מעשים, מחמת דעם אָנזעהן, וואָס ער האָט געהאַט ביים פאָלק, האָט איהם דאָס פאָלק געמאַכט פאַר זיין פיהרער, עצה־געבער און ריכטער. ביי זיין הערציגער איבערגעגעבענקייט דעם פאָלק און ביי זיין בעשיידענער האַלטונג, האָט ער געפיהרט און געמשפּט דאָס פאָלק אָהן וואָסערע עס איז פּערזענליכע פניות, און אַפילו ניט אין אייגענעם נאָמען, נאָר אין נאָמען פון יהוה, דעם גאָט פון ישראל. ביי דעם הייליגען קוואַל פון קדש איז געווען דער אָרט פון געריכט, און דורך די ליפּען פון שופט האָט זיך געהערט דער קול פון יהוה׳ס גערעכטיגקייט, — אַליין איז ער גאָרנישט ניט געווען אויסער. אַדאַנק זיין משפּט׳ן און דערקלערען זיינען קלאָרער און פעסטער געוואָרען די רעכטליכע מנהגים פון פאָלק, און יהוה, דער גאָט פון ישראל, איז אויף אַזאַ אופן געוואָרען פאַר־איינס אויך דער גאָט פון רעכט און גערעכטיגקייט, דער תמצית און דער יסוד פון דעם פאָלקס מאָראַלישע השגות, דער בעזונדערער כח פון נאַציאָנאַלען געוויסען.



און אויף דעם גלייכען שטייגער, ווי דאָס פאָלקס־לעבען איז ענטשטאַנען, האָט עס זיך ווייטער ענטוויקעלט. קודם כל האָבען די הצטרכות׳ען פון געשיכטליכען לעבען געבראַכט דערצו, אַז דאָס פאָלק זאָל דערקענען זיך און יהוה, זיין גאָט. דעם וויכטיגסטען אָרט אין דער געשיכטע פאַרנעמען אין יענער צייט די מלחמות. ישראל (ישר־אל) הייסט, גאָט פיהרט מלחמה, יהוה איז דער מלחמה־פיהרענדיגער אל, וואָס נאָך איהם רופט זיך דאָס פאָלק, און דער מלחמה־לאַגער איז געווען די וויג פון פאָלק און זיין עלטסטער היילינטום. דאָ איז געווען ישראל צוזאַמען מיט יהוה, דאָ האָט ער געקעמפט פאַר יהוה און יהוה פאַר איהם. איז אַמאָל אין אַ צייט פון שלום אָפּגעשוואַכט געוואָרען דער צוזאַמענהאַנג צווישען דעם פאָלק און דעם גאָט פון מלחמה, אַזוי האָבען איהם גייע פיינדליכע אָנפאַלען ווייטער איפגעוועקט און געשטאַרקט. אַלע מאָל פלעגט זיך ישראל׳ס דערוואַכונג אָנהויבען, בשעת דער דערוואַכונג פון יהוה. יהוה׳ס גייסט האָט דערוועקט יעדעס מאָל די מענער, וועלכע האָבען זיך געשטעלט אין דער שפּיץ פון פאָלק, בעגייסטערטע דורך זיין הייליגען רוח. אין זיי האָט זיך פאַרקערפּערט די פיהרענדיגע קראַפט פון יהוה, ער האָט מלחמה געהאַלטען דורך זיי. יהוה איז אַרויס מיט די חילות אויפ׳ן מלחמה־פעלד, אין זייער התלהבות האָט זיך געפיהלט דער דערביי־זיין פון יהוה. יהוה האָט ענדליך, פון הימעל אַראָפּ בעשלאָסען דעם גורל פון דער מלחמה, וואָס האָט זיך געפיהרט אויף דער ערד. דערביי איז ער שטענדיג געשטאַנען אויף ישראל׳ס צד. אַלס נאַציאָנאַלער גאָט איז ער אויסען געווען נאָר די אינטערעסען פון זיין פאָלק, הגם זיין כח — דערויף איז ער דאָך אַ גאָט — האָט זיך אויסגעשפּרייט ווייט איבער די גרעניצען פון זיין פאָלק.

יהוה'ס ווירקען אין די ברייטע פאָלקסשיכטען. דער ארון הברית.

אַזוי **איז** יהוה שוין פון דער ערשטער צייט אָן געווען אַ ווירקענדיגער, בעוועגענדיגער כח, אַ לעבעדיגער גאָט פאַר ישראל. נאָר זיין ווירקען אויף די ברייטע שיכטען פון פאָלק רייסט זיך איבער אָפט אויף אַ משך פון מעהרערע דורות. זיין ווירקען טראָגט בכלל מעהר דעם כאַראַקטער פון אַ שטורעם, וואָס קומט אָן אין אויסערגעוועהנליכע פאַלען, איידער פון אַ רו־היגער, פלאַנמעסיגער, טאָג־טעגליכער השפעה. אָבער הגם די גייסטיגע, האַר־ציגע פאַרבינדונג צווישען פאָלק און גאָט פלעגט פאָרקומען שטענדיג אין די צייטען פון די העכסטע איפּרעגונגען, פון סכנות און נצחונות, פלעגט דאָך אויך אין די צווישען־צייטען זיין כח ניט אינגאַנצען בטל ווערען אין פאָלק, אַזוי ווי די מענשליכע פיהרער האָבען אין שלום־צייט ניט אינגאַנצען פאַר־לאָרען זייער ווירקונג אויפ'ן פאָלק, וואָס זיי האָבען געהאַט בשעת דער מלחמה פונקט אַזוי איז געווען אויך מיט דעם גייסטיגען פיהרער, מיט יהוה. ער האָט געהאַט אין הייליגען געצעלט* אַ מין שטענדיגען קיניגליכען היף, וואָס אַרום האָבען זיך איינגעקליבען זיינע דינער און פאַרעהרער. דאָ האָט איהם יע־דער געקאָנט געפינען אויך אין די שטילע צייטען פון דער געשיכטע, ווען זיין קול האָט זיך ניט געהערט אין די פאָלקס־מאַסען. זיין הויפּט־הייליגטום -- אין אפשר דער איינציגער הייליגטום — איז געווען אין דער צייט פון משה ביים אַזוי גערופענעם ארון הברית; דאָס איז געווען אַ בעוועגליכער הייליגער סימבאָל, וואָס האָט בעגלייט דאָס פאָלק אין זיין וואַנדערער־און מלחמה־לעבען. האָט זיך אָבער דער אָרון אומגעקעהרט פון מלחמה־פעלד אין לאַגער אַריין, אַזוי האָט ער געדינט פאַר אַ צייכען, אַז יהוה איז צווישען פאָלק, פאַר אַ „וואוינאָרט פון יהוה". די פאָרשטעלונג ווענען יהוה איז געווען ענג פאַרבונדען מיט'ן אָרון. דער אָרון איז געווען דעריבער דער מיטעלפונקט פון יהוה'ס פאַר־עהרונג, דער גייסטיגער צענטער פאַר זיינע דינער און פאַרעהרער. ווען דער ארון פלעגט זיך ריהרען פון אָרט, פלעגט מען אויסרופען אַזוי (במדבר י, 35):

בעזעץ זיך, יהוה,
און זאָלען צעשפּרייט ווערען די פיינד דיינע,
און זאָלען זיך צעלויפען דיינע שונאים פאַר דיר!

און ווען דער ארון פלעגט זיך אומקעהרען אויף זיין אָרט, פלעגט מען אויסשרייען:

בעזעץ זיך, יהוה.
און בענש
די צענדליגער טויזענטער פון ישראל.

ווי עס זעהט אויס, האָט מען דעם אָרון פאַרצייטען פאָרגעשטעלט, ווי

* אין געצעלט האָט זיך געפונען דער אָרון מיט די לוחות (שמות ל"ג, 7); אָט דעם איינפאַכען געצעלט דאַרף מען ניט צונויפמישען מיט דער לעגענדאַרישער פאָרשטעלונג וועגען משכן, וועלכע איז אויפגעקומען דערנאָך.

אַ טרוין, וואָס אויף אים איז געזעסען אַן אומגעזעהענער יהוה, און וואָס פֿון איהם האָט ער אָנגעפֿיהרט די מלחמות*.

דער גאָטעס-דינסט און דאָס געריכט.

דער גאָטעס-דינסט האָט געהאַט דעמאָלט אַ בעזונדערס וויכטיגע בעדייטונג, ווייל מיט אים איז געווען פֿאַרבונדען דאָס הייליגע געריכט-האַלטען, די תורה פֿון יהוה**. נאָך משה'ס טויט האָט זיך דאָס געריכט געפֿיהרט אין הייליגטום דורך די, וואָס האָבען זיך ביי איהם ערצויגען און פֿון איהם איבערגענומען די גייסטיגע הנהגה פֿון פֿאָלק. ווען די פֿאַרשטאַנדיגקייט און די קאָמפעטענץ פֿון די ריכטער האָבען ניט געקלעקט, פֿלעגט מען זיך ווענדען צו דער גאָטהייט, דאָס הייסט אין הייליגטום אַריין, צו זיינע דינער. אָבער ניט נאָר ביי רעכטס-פֿראַגען, נאָר אויך ביי אַלערליי אַנדערע שוועריגקייטען, בשעת מען האָט ניט געוואוסט, ווי אַזוי צו בענעהן זיך, פֿלעגט מען „פֿרעגען יהוה'ס מויל" דורכדעם, וואָס מען פֿלעגט זיך אַן עצה האַלטען מיט די כהנים. די כהנים פֿלעגען ענטפֿערן אויף די פֿאָרגעלעגטע פֿראַגען אַמאָל לויט זייער השגה, אַמאָל על פּי גורל. ניט פֿון אַ פֿעסטען, פֿאַר אַלע פֿאַלען בעשטימטען געזעץ, ניט פֿון קלאָרע לעבענס-כללים האָבען זיי געשעפּט זייערע מיינונגען, נאָר פֿון יהוה, דעם גרויסען, אונענדליך-פֿליסענדיגען קוואַל; ניט בכּח זייגען זיי געווען דורכצופֿיהרען אין לעבען איבער געוואַלד דאָס וואָרט יהוה'ס, זיי האָבען געקאָנט נאָר לערנען, אָנווייזען און דערקלערן. זייער אַוטאָריטעט איז געווען אַ געטליכער, אָדער, ווי מיר וואָלטען איצט זאָגען, אַ מאָראַלישער. זייער גרויסער כּח איז בעשטאַנען דערין, וואָס זיי האָבען פֿריי און ניט-געצוואונגען פֿאַרשפּרייט און געפֿיידיגט יענע אידעע, וואָס האָט אין אַ שטילער, בעהאַלטענער, ניט בעשטימטער פֿאָרם געלעבט אין פֿאָלק, ווי אַ טייל פֿון זיין גייסטיגען פּרצוף.

מלחמה און רעכט זיינען געווען הלקים פֿון דער אמונה, איידער זיי האָבען אָנגענומען די פֿאָרם פֿון צוואַנג און פֿון אַ בירגערליכער אָרדנונג. ווי ביז דאַן, אַזוי איז אויך שפּעטער געבליבען בעשטעהן דער פּאַטריאַרכאַלישער סדר פֿון די משפּחות און שבטים; די שטענדיגע הנהגה איז געווען אין די הענט פֿון די זקנים און שבט-פֿיהרער. זיי פֿלעגען בשעת אַ מלחמה געבען די בעפֿעהלען די פֿאָלקס-מאַסען, וואָס זיינען געשטאַנען אונטער זייער פֿיהרונג, אין

די פֿאָלקס-מאַסען, וואָס זיינען געשטאַנען אונטער זייער פֿיהרונג, און אין דער צייט פֿון שלום זיינען זיי געווען זייערע שופטים און עצה-געבער. נאָר אַזאַ צעשפּאָלטענע, אומבעהאָלפענע הנהגה באַנקראָטירט אַליין מעהר און מעהר, וואָס וויכטיגער, גרעסער און אַחריות'דיגער עס זיינען געוואָרען די אויפֿ-

* זעה אונטען דעם קאַפּיטעל: „די תנ"ך — ערצעהלונגען וועגען דער מלחמה מיט די פּלשתּים.

** אונטער דעם וואָרט „תּורה" פֿאַרשטעהט מען אין יענער צייט די אַבסטראַקטע פֿאָרשטעלונגען איבער די לעבענס-כללים, וואָס האָבען זייער מקור אין געטליכען אַווטאָריטעט. אויף אַזאַ אופֿן איז די דאָזיגע תּורה נאָר אַ התחלה פֿון יענער „תּורה", וואָס מיר האָבען פֿאַר אונז אין חומש און וואָס האָט בעקומען איהר פֿולשטענדיגע איצטיגע פֿאָרם ערשט בערך טויזענט יאָהר נאָך משה'ן, אין פֿערטען יאָהרהונדערט פֿאַר דער קריסטליכער תּקופֿה.

גאַבען, וואָס די געשיכטע האָט געשטעלט פאַר'ן פאָלק. אַלץ עפּטער האָט זיך אין יענער צייט אָנגעהויבען הערען דער רוף צו יהוה, וועלכער איז געווען די לעצטע אינסטאַנץ, די לעצטע הילף, וואָס צו איהר האָט מען זיך אַלץ מעהר געמוזט ווענדען, וואָס וועניגער עס זיינען געווען מסוגל צו העלפען די ערדישע פיהרער פון פאָלק.

יהוה—דער גאָט פון ישראל און דער גאָט פון דער וועלט.

דער גלויבען, אַז יהוה איז דער גאָט פון ישראל, האָט נאָך דעם אַלעמען בעטייט, אַז אַלע נאַציאָנאַלע שטרעבונגען, הן אין פאָלק גופא, הן בנוגע צו אַנדערע פעלקער, טראָגען אויף זיך דעם שטעמפּעל פון הייליגקייט. עס איז נאָך לגמרי ניט געדרונגען דערפון, אַז דער אַלמעכטיגער בעשעפער פון הימעל און ערד האָט לכתחילה נאָר מיט'ן פאָלק ישראל אַליין געשלאָסען זיין בונד, כדי ער זאָל איהם דערקענען און דינען צו איהם. ניט פון אַלטע צייטען אָן איז יהוה בעטראַכט געוואָרען אַלס דער וועלט-גאָט, און ערשט דערנאָך איז ער געוואָרען דער נאַציאָנאַלער גאָט פון ישראל; נאָר פאַרקעהרט, ער איז פון אָנהויב אָן געווען דער גאָט פון ישראל, און איז ערשט אַ סך שפּעטער געוואָרען אַ וועלט-גאָט. אין דעם אַזוי גערופענעם פּאַרטיקולאַריזם, דעם גלויבען אין דער באַזונדער השגחה פון יהוה אויף די ענינים פון זיין פאָלק ישראל, איז געלעגען דער סוד פון איהר אומגעווענליכער נאָהענטקייט צו דער מענשליכער נאַטור און צו די ממשות'דיגע בעדערפענישען פון מענשען, איהר אויסלייזונג פון דעם אומפּרוכטבאַרען שפּיל פון דער מיטאָלאָגיע, איהר שטאַרקע איינמערקזאַמקייט אויף די מאָראַלישע אויפגאַבען פון דער מענשהייט. אַלס גאָט פון פאָלק איז יהוה געוואָרען דער גאָט פון רעכט און גערעכטיגקייט, און אַלס גאָט פון רעכט און גערעכטיגקייט, איז ער אָנערקענט געוואָרען אַלס די העכסטע און לסוף די איינציגע מאַכט אין הימעל און אויף דער ערד.

Wellhausen—Skizzen und Vorarbeiten, Heft I.

---

## VIII די תנ"ך-ערצעהלונגען וועגען דער וואַנדערונג איבער'ן מדבר און וועגען די ערשטע מלחמות מיט די אמורים.

פון חורב צום ירדן.

דאָס זיינען די ווערטער, וואָס משה האָט גערעדט צו אַלע בני ישראל אויף יענער זייט ירדן [אין מדבר, אויף דעם פּליין אַנטקעגען סוף, צווישען פּאָרן, תפל, לבן, חצרות און די-זהב. אויף אַ מהלך פון עלף טעג גאַנג פון חורב, איפ'ן וועג פון באַרג שעיר צו קדש ברנע]. אין פערציגסטען יאָהר, אין ערשטען טאָג פון עלפטען חודש האָט משה גערעדט פאַר די בני ישראל אַלץ, וואָס יהוה האָט איהם פאַרזאָגט וועגען זיי, נאָך זיין נצחון איבער סיחון, דעם קעניג פון אמורי, וועלכער האָט געלעבט אין חשבון, און איבער עוג, דעם קעניג פון בשן, וועלכער האָט געלעבט אין עשתרות [אין אדרעי].

אויף יענער זייט ירדן, אין מואב-לאַנד האָט משה אָנגעהויבען צו דערקלערען די תורה און האָט אַזוי געזאָגט: יהוה, אונזער גאָט, האָט אונז גערעדט אויפ'ן חורב אַזוי: גענוג שוין איך צו לעבען ביי דעם באַרג, הויבט

זיך אויף, לאָזט זיך אין וועג אַריין און גייט אין די בערג פון די אמורים און די אַלע זייערע שכנים, וואָס אין ירדן־טאָל (ערבה), אין די בערג און נידעריגע ערטער, אויפן דרום און ביים ברעג פון ים, קיין לאַנד כנען און צום לבנון ביז צום גרויסען טייך, דעם טייך פרת. אָט איך גיב אייך איבער דאָס לאַנד, געהט און נעמט איין דאָס לאַנד, וואָס יהוה האָט געשוואָרען אייערע עלטערן אברהם, יצחק און יעקב, צו געבען עס זיי און זייערע קינדער נאָך זיי.

און איך האָב אייך געזאָגט דעמאָלט אַזוי: „איך קאָן אַליין ניט טראָגען אַלע זאָרגען וועגען אייך. יהוה, אייער גאָט, האָט אייך פאַרמעהרט, און איהר זייט היינט ווי די שטערן אין הימעל פיל; יהוה, דער גאָט פון אייערע עלטערן, זאָל אייך מעהרען אין טויזענט מאָל מעהר, ווי איהר זייט איצט, און זאָל אייך בענטשען, ווי ער האָט צו אייך גערעדט. ווי קאָן איך אַליין איבערטראָגען אייערע מיה, אייער לאַסט און אייערע קריגערייען?... קלייבט זיך אויס אייערע קלוגע, פאַרשטאַנדיקע און געניטע מענער לויט אייערע שבטים, און איך וועל זיי בעשטימען פאַר עלטסטע איבער אייך. איהר האָט מיר געענטפערט און געזאָגט: גוט איז די זאַך, וועלכע דו האָסט פאָר־געלעגט צו טאָן. און איך האָב גענומען די אָנפיהרער פון אייערע שבטים, מענער קלוגע און געניטע, און האָב זיי בעשטימט פאַר עלטסטע איבער אייך, הארען איבער טויזענטער, הארען איבער הונדערטער, הארען איבער פופציגער, הארען איבער צעהנדליגער און אויפזעהער לויט אייערע שבטים. און איך האָב דאַן פאַרזאָגט אייערע ריכטער אַזוי: הערט אויס אייערע ברידער און משפט מיט יושר, ווי צווישען אַ ברודער מיט אַ ברודער, אַזוי אויך צווישען אַ ברודער און אַ פרעמדען; ניט זייט נושא פנים אין משפט, הערט אויס דעם קליינעם ווי דעם גרויסען, האָט פאַר קיינעם ניט מורא, ווייל דער משפט איז פון גאָט; און יעדער זאַך וואָס וועט אייך זיין שווער, וועט איהר צו מיר ברענגען, און איך וועל זי אויסהערען. און איך האָב אייך דאַן פאַרזאָגט אַלץ, וואָס איהר האָט צו טאָן.

די שלוחים פון די שבטים לאָזען זיך אַוועק אויספאָרשען ארץ ישראל.

און מיר האָבען זיך געלאָזען געהן פון חורב און זיינען געגאַנגען איבער דעם גרויסען און שרעקליכען מדבר, וואָס איהר האָט געזעהן אויפ'ן וועג צום באַרג פון אמורי, ווי עס האָט אונז פאַרזאָגט יהוה, אונזער גאָט. און ווען מיר זיינען געקומען ביז צו קדש ברנע, האָב איך צו אייך געזאָגט: מיר זיינען געקומען ביז צום באַרג פון אמורי, וואָס יהוה, אונזער גאָט, גיט אונז אָפּ. זעה, אָט גיט דיר אָפּ יהוה, דיין גאָט, דאָס דאָזיגע לאַנד, געה בעהערש עס, ווי עס האָט דיר געזאָגט יהוה, דער גאָט פון דיינע עלטערן, ניט האָב קיין מורא און ניט שרעק זיך. אָבער איהר זייט אַלע צו מיר צוגעגאַנגען און געזאָגט: לאָמיר שיקען פריהער מענשען, וועלכע זאָלען אונז אויספאָרשען דאָס לאַנד און ברענגען אונז אַ ידיעה וועגען דעם וועג, וואָס איבער איהם דאַרפען מיר געהן און וועגען די שטעדט, וואָס אין זיי וועלען מיר קומען. די זאַך איז מיר געפעלען, און איך האָב גענומען פון צווישען אייך צוועלף מענשען, צו איין מענשען פון יעדען שבט. זיי זיינען אַוועק, האָבען זיך אויפגעהויבען אויפ'ן באַרג, זיינען צוגעגאַנגען ביז'ן אשכול־טאָל, האָבען איהם בעטראַכט,

האָבּען מיט זיך גענומען פרוכט פון לאַנד, האָבּען זיי אַרויפגעטראָגען צו אונז און אונז געבּראַכט די ידיעה מיט די ווערטער: „גוט איז דאָס לאַנד, וואָס יהוה, אונזער גאָט, גיט אונז". אָבּער איהר האָט ניט געוואָלט גערן און האָט זיך געשטעלט אַנטקעגען דעם פאַרזאָג פון יהוה, אַייער גאָט, און האָט געמורמעלט אין אַייערע געצעלטען און געזאָגט: „פון שנאה צו אונז האָט אונז יהוה אַרויסגעפיהרט פון לאַנד מצרים, כדי צו איבּערגעבּען אונז אין די הענט פון אמורי, אַז ער זאָל אונז פאַרטיליגען. וואוהין געהען מיר? אונזערע בּרידער האָבּען אונז אָפּגעשוואַכט די הערצער, זאָגענדיג: דאָס פאָלק איז גרעסער און העכער פאַר אונז, די שטעדט זיינען גרויסע און מיט פעסטונגען בּיז צום הימעל, און אויך די ענקים* האָבּען מיר דאָרטען געזעהן. און איך האָבּ צו אַייך געזאָגט: ניט פאַלט אַראָפּ און ניט שרעקט זיך פאַר זיי, יהוה, אַייער גאָט, וואָס געהט פאַר אַייך,—ער וועט מלחמה האַלטען פאַר אַייך, ווי ער האָט דאָס געטאָן אין מצרים פאַר אַייערע אויגען. און [אין מדבּר, וואָס דו האָסט געזעהן, וואו יהוה האָט דיך געטראָגען, ווי אַ מענש טראָגט זיין זוהן] איבּערן גאַנצען וועג, וואָס איהר זייט דורכגעגאַנגען, בּיז איהר זייט געקומען צו דעם אָרט. נאָר בּיי דעם אַלעמען גלויבּט איהר ניט אין יהוה, אַייער גאָט, וועלכער איז געגאַנגען אין וועג פאַר אַייך, כדי אויסצוזוכען פאַר אַייך אַן אָרט צום רוה: בּייטאָג – אין וואָלקען, כדי צו ווייזען אַייך דעם וועג, און בּיינאַכט אין פייער.

הוח׳ס צאָרן. און יהוה האָט דערהערט דעם געוויש פון אַייערע רייד, איז ער דער־צאָרענט געוואָרען און האָט געשוואָרען אַזוי: קיינער פון די דאָזיגע מענשען פון דעם שלעכטען דור וועט ניט זעהן דאָס גוטע לאַנד, וואָס איך האָבּ געשוואָרען צו געבּען אַייערע עלטערן. [נאָר כלב, דער זוהן פון יפונה, וועט עס זעהן; איהם וועל איך געבּען דאָס לאַנד, וואָס ער האָט דעריף געטראָטען, איהם און זיינע קינדער, דערפאַר וואָס ער האָט געפאָלגט יהוה. און אויך אויף מיר איז יהוה דערצאָרענט געוואָרען איבּער אַייך און האָט געזאָגט: אויך דו וועסט ניט קומען אַהין. יהושע דער זוהן פון נון, וואָס שטעהט פאַר דיר, ער וועט אַהין קומען; שטאַרק איהם, וואָרים ער וועט ישראל'ן איבּער איהם מאַכען געוועל־טיגען. און אַייער קליין־געזינד, וואָס איהר האָט געזאָגט, וועגען זיי, אַז זיי וועלען אַריינפאַלען פאַר אַ רויבּ צו די שונאים] און אַייערע קינדער, וואָס ווייסען ניט איצט ניט פון גוטס און ניט פון שלעכטס, זיי וועלען קומען אַהינצו, זיי וועל איך עס געבּען, און זיי וועלען איבּער דעם געוועלטיגען. איהר אָבּער קעהרט זיך אום און לאָזט זיך איבּערן מדבּר אויפ'ן וועג צום ים סוף. און איהר האָט געענטפערט מיר מיט די ווערטער: „מיר האָבּען געזינדיגט פאַר יהוה, מיר וועלען געהן און מלחמה האַלטען, ווי עס האָט אונז פאַרזאָגט יהוה, אונזער גאָט". און איהר האָט אָנגעגורט יעדערער זיין געוועהר און איהר האָט זיך ערלויבּט אַרויפצוגעהן אויפ'ן בּאַרג. נאָר יהוה האָט צו מיר געזאָגט: „געהט ניט אַרויף און פיהרט ניט קיין מלחמה, ווייל איך בּין ניטאָ צווישען

*ענקים—אַ פאָלק, וואָס די בּני ישראל האָבּען עס געהאַלטען פאַר אַ פאָלק פון ריזען.

אײך, און איך ניט, װעלען אײך בײקומען די שונאים אײערע. און איך האָב דאָס אַזױ גערעדט צו אײך, אָבער איהר האָט ניט געפאָלגט און האָט זיך געשטעלט אַנטקעגען דעם באַפעהל פון יהוה און מיט עקשנות זענט איהר אױפן באַרג אַרױף. און עס זײנען אַרױסגעקומען קעגן אײך די אמורים, װאָס האָבן געלעבט אױף יענעם באַרג און זײ האָבען אײך נאָכגעיאָגט װי ביהנען און געשטױסען אײך פון שעיר ביז חרמה. און איהר האָט זיך אומגעקערט און געװײנט פאַר יהוה, אָבער יהוה האָט ניט געהערט אײער יאָמער און האָט זיך צו אײך ניט צוגעקערט.

(און איהר האָט געמוזט בלײבען אין קדש די גאַנצע לאַנגע צײט, װאָס איהר זענט דאָרטען אָפּגעװען.

און מיר האָבען זיך אומגעקערט און זיך געלאָזען אין מדבר צום ים־סוף, װי יהוה האָט מיר געזאָגט, און אַ צײט־לאַנג זײנען מיר געגאַנגען, אַרומרינגלענדיג דעם באַרג שעיר. און יהוה האָט מיר אַזױ געזאָגט: גענוג אײך צו געהן אַרום דעם באַרג, קערט זיך אױף צפון און דעם פאָלק פאַרזאָג אַזױ: „איהר געהט פאַרבײ דעם געביט פון אײערע ברידער, בני־עשו, װאָס װאױנען אין שעיר און זײ װעלען זיך שרעקען פאַר אײך, נאָר היט זיך זײער און לאָזט זיך ניט אַרײן מיט זײ אין קײן קריג, װאָרים איך װעל אײך ניט געבען פון זײער לאַנד אַפילו קײן טראָט־פוס, װײל דעם באַרג שעיר האָב איך אָפּגעגעבען פאַר אנחלה עשון; שפײז קױפט בײ זײ פאַר געלט און עסט: און װאַסער קױפט בײ זײ פאַר געלט און טרינקט. װײל יהוה, דײן גאָט, האָט דאָך דיך געבענטשט אין אַלע דײנע טואונגען. דערקאָן זיך אָן דײנע װאַנדערונגען איבער אָט דעם גרױסען מדבר; פערציג יאָהר איז יהוה, דײן גאָט מיט דיר; האָט קײן זאַך ניט געפעלט.

דער דורכגאַנג איבער די נחלאות פון מואב און עמון.

און מיר זײנען געגאַנגען דורכן געביט פון אונזערע ברידער, די בני עשו, װאָס װאױנען אין שעיר, דורך ערבה, אילת און עציון גבר; און האָבען זיך אָפּגעקערט און זײנען דורכגעגאַנגען דעם מדבר פון מואָב, און יהוה האָט צו מיר געזאָגט: „ניט פאַרהאַלט זיך פײנדליך צו מואָב'ן און ניט פאַרפיהר מיט איהם קײן מלחמה, װײל פון זײן לאַנד װעל איך דיר גאָרנישט ניט געבען פאַר אַ ירושה, דען די זיהן פון לוט האָב איך געגעבען ער פאַר אַ ירושה. [פריהער האָבען דאָרטען געלעבט די אימים, אַ פאָלק אַ גרױס, צאָהלרײכס און געװאוקסיגס, װי די ענקים; און זײ רעכענען זיך, פונקט װי די ענקים, פאַר רפאים; די בני מואָב רופען זײ אָבער אָן: אימים. און אױפ'ן שעיר האָבען פריהער געלעבט די חרים, נאָר די בני עשו האָבען זײ פאַרטריבען, פאַרטיליגט און בעזעצט זיך אָנשטאָט זײ, פונקט װי ישראל האָט געטאָן מיט זײן ירושה־לאַנד, װאָס יהוה האָט איהם געגעבען].

און איצט שטעהט אױף און געהט דורך דעם זרד־טאָל. און מיר זײנען דורכגעגאַנגען דעם זרד־טאָל. און מיר זײנען געװען אין װעג פון קדש ברנע, ביז מיר זײנען אַריבער דעם זרד־טאָל — אַכט און דרײסיג יאָהר, ביז עס איז בײ אונז פון לאַגער אױסגעשטאָרבען דער גאַנצער דור מלחמה־מענער,

די ידוה האָט זיי געשוואָרען. און אויך יהוה'ס האַנט איז געווען קעגען זיי און ער האָט זיי פֿאַרטיליגט, פֿאַרלענדט פֿון לאַגער, ביז זיי זיינען אַלע אונטערגעגאַנגען.

און ווען עס זיינען שוין אויסגעשטאָרבען פֿון פֿאָלק אַלע מלחמה־מענער, האָט יהוה געזאָגט צו מיר אַזוי: „דו געהסט איצט אַריבער דעם געביט פֿון די בני מואָב, פֿאַרביי ער, און דו וועסט דורכגעהן פֿאַרביי די בני עמון; ניט פֿאַרהאַלט זיך פֿיינדליך צו זיי און ניט פֿאַרפֿיהר מיט זיי קיין מלחמה, ווייל פֿון לאַנד פֿון די בני־עמון וועל איך דיר גאָרנישט ניט געבען פֿאַר אַ ירושה, דען איך האָב דאָס אָפּגעגעבען פֿאַר אַ ירושה די זיהן פֿון לוט. [אויך דאָס דאָזיגע געהערט צום רפֿאים־לאַנד, פֿריהער האָבען אין איהם געלעבט די רפֿאים; די בני עמון אָבער רופֿען זיי אָן: זמזומים. דאָס איז געווען אַ גרויס, צאָהלרייך און געוואַקסיג פֿאָלק, ווי די ענקים. אָבער יהוה האָט זיי פֿאַרטיליגט אַזוי, אַז די בני עמון האָבען פֿאַרנומען זייער לאַנד און זיך בעזעצט אָנשטאָט זיי, פּונקט ווי ער האָט געטאָן פֿאַר די בני עשו, וואָס וואוינען אין שעיר, פֿאַרטיליגענדיג די חרים; אַזוי האָבען זיי פֿאַרנומען זייער לאַנד און האָבען זיך בעזעצט אָנשטאָט זיי ביז אויף היינטיגען טאָג. און די עוים, וואָס זיינען געזעסען אין זייערע ישובים ביז צו עזה, זיינען פֿאַרטיליגט געוואָרען דורך די כפֿתורים, וואָס זיינען אָנגעקומען פֿון כפֿתור און האָבען זיך בעזעצט אָנשטאָט זיי].

די מלחמות מיט די אמורישע מלכים.

הויבט זיך אויף, לאָזט זיך אין וועג אַריין און געהט דורך דעם טייך אַרנון; זעה, איך ענטפֿער איבער אין דיין האַנט סיחון'ען, דעם קיניג פֿון חשבון, דעם אֶמורי און זיין לאַנד; הויב אָן איינצונעמען און פֿאַרפֿיהר מיט איהם אַ מלחמה. פֿון איצט אָן וועל איך אָנהויבען אָנצוּוואַרפֿען אַ שרעק און ציטערניש פֿאַר דיר אויף אַלע פֿעלקער אונטערן הימעל. די, וואָס וועלען הערען וועגען דיר, וועלען פֿאַרציטערט ווערען און זיך דערשרעקען פֿאַר דיר".

און איך האָב געשיקט שלוחים פֿון מדבר קדמות צו סיחון'ען, דעם קיניג פֿון חשבון, מיט רייד פֿון שלום אַזוי צו זאָגען: „לאָז מיך דורכגעהן דורך דיין לאַנד, נאָר איבערן וועג וועל איך געהן, איך וועל זיך ניט אָפּקערען ניט רעכטס ניט לינקס. שפּייז וועסטו מיר פֿאַר געלט פֿאַרקויפֿען, און איך וועל עסען, וואַסער וועסטו מיר פֿאַר געלט געבען, און איך וועל טרינקען — נאָר לאָז מיך דורכגעהן צופֿוס, ווי עס האָבען מיר ערלויבט די בני עשו, וואָס וואוינען אויפֿ'ן שעיר, און די בני מואָב, וואָס וואוינען אין ער — ביז איך וועל אַריבערגעהן דורכ'ן ירדן אין לאַנד אַריין, וואָס יהוה, אונזער גאָט, גיט אונז". נאָר סיחון, דער קיניג פֿון חשבון, האָט אונז ניט געוואָלט דורכלאָזען, ווייל יהוה, דיין גאָט, האָט זיין גייסט געמאַכט האַרט און זיין האַרץ איינגעשפּאַרט, כדי איהם איבערצוענטפֿערן אין דיין האַנט, ווי דאָס איז געשעהן. און יהוה האָט געזאָגט צו מיר: „זעה, איך האָב אָנגעהויבען דיר אָפּצוגעבען סיחון'ען און זיין לאַנד, הויב אָן איינצונעמען זיין לאַנד". און סיחון איז אַרויסגעטראָטען אַנטקעגען אונז מיט זיין גאַנצען פֿאָלק און געפֿיהרט אַ מלחמה ביי יהצה. און יהוה, אונזער גאָט, האָט איהם איבערגעגעבען אין אונזערע הענט, און 40

מיר האָבן צעשלאָגן איהם, זיינע זיהן און זיין גאַנצען פאָלק. און מיר האָבן דעמאָלט איינגענומען אַלע זיינע שטעדט און איבערגעגעבן צום שווערד אַלע שטעדט, מאַנסביל, ווייבער און קינדער—איף קיינעם זיך ניט דערבאַרימט. נאָר ווייער פיך און די גוטס פון די שטעדט, וועלכע מיר האָבן איינגענומען, האָבן מיר זיך גענומען אַלס רויב. פון ערער, וואָס ביים ברעג פון טייך ארנון, און פון דער שטאָדט, וואָס אין טאָל, ביז צום גלעד, איז ניט געווען פאַר אונז ניט געוועזן קיין בעפעסטיגטע שטאָדט, וואָס איז געוועזן פאַר אונז צוטריטלאַך אַלץ האָט אונז איבערגעגעבן יהוה, אונזער גאָט. און מיר האָבן זיך אָבגעקעהרט און געלאָזען זיך צו בשן צו און עס איז אַרויסגעטראָטען אַנטקעגען אונז עוג, דער קיניג פון בשן, מיט זיין פאָלק מלחמה צו האַלטען מיט אונז ביי אדרעי. און יהוה האָט געזאָגט צו מיר: „האָב ניט קיין מורא פאַר איהם, ווייל איך וועל איבערגעבן אין דיינע הענט איהם, זיין גאַנצען פאָלק און זיין לאַנד, און דו וועסט מיט איהם זיך בעגעהן אַזוי, ווי דו האָסט זיך בעגאַנגען מיט סיחונ'ען, דעם קיניג פון אמורי, וואָס איז געזעסען אין השבון. און יהוה, אונזער גאָט, האָט איבערגעגעבן אין אונזערע הענט אויך עוג'ען, דעם קיניג פון בשן, און זיין גאַנצען פאָלק. און מיר האָבן איהם צעשלאָגען, ביז עס איז ביי איהם ניט געבליבען קיין לעבעדיגער נפש. און מיר האָבן דאַן אָפּגענומען אַלע זיינע שטעדט; עס איז ניט געווען קיין שטאָדט, וועלכע מיר זאָלען ניט האָבן אָפּגענומען. זעכציג שטעדט—די גאַנצע געגענד אַרגוב, אין דער מלוכה פון עוג דעם קיניג פון בשן. דאָס אַלץ זיינען געווען שטעדט בעפעסטיגטע מיט הויכע ווענט, מיט טויערן און ריגלען ניט גערעכנט די פיל אָפענע שטעדט, און מיר האָבן זיי אַלע איבערגעגעבן צום שווערד, ווי מיר האָבן זיך בעגאַנגען מיט סיחונ'ען, דעם קיניג פון אמורי—פאַרטיליגט אין יעדער שטאָדט די מאַנסביל, ווייבער און קינדער. נאָר די גאַנצע פיך און די גוטס פון די שטעדט האָבן מיר גערויבט פאַר זיך.

די צעטיילונג פון איינגענומענעם לאַנד.

אזוי האָבן מיר דאַן אָפּגענומען ביי די צוויי אמורישע מלכים דאָס לאַנד איף יענעם זייט ירדן, וואָס פון טייך אַרנון ביזן באַרג הרמון, [די צידונים רופען דעם חרמון — שריון, און די אמורים רופען איהם אָן — שניר]. אַלע שטעדט פון דעם פליין, דעם גאַנצען גלעד און בשן ביז קיין כלכה און אדרעי, די שטעדט פון עוג, דעם קיניג פון בשן. [און עוג, דער קיניג פון בשן, איז דער איין-איינציגער איבערגעבליבענער פון די רפאים; זיין באַזאַלט-קבר געפינט זיך נאָך איצט אין רבה פון עמון, זיין לענג — אין מענליכע איילען — איז ניין איילען, און זיין ברייט — פיר איילען]. אָט דאָס לאַנד האָבן מיר דאַן אָפּגעירשנט, אָנגעהויבען פון ערער, וואָס ביים טייך ארנון. א האַלבען גלעד מיט זיינע שטעדט האָב איך אָפּגעגעבן דעם שבט ראובן און גד. דעם איבעריגען גלעד, גאַנץ בשן און די געגענד ארגוב, די מלוכה פון עוג, האָב איך געגעבן דעם האַלבען שבט מנשה. [אָט דאָס גאַנצע בשן-לאַנד הייסט זיך: דאָס לאַנד פון די רפאים. יאיר, דער זוהן פון מנשה, האָט גענומען די גאַנצע געגענד אַרגוב, ביז צום ט'עניך פון דעם גשורי

און מעכתי און האָט אָנגערופֿען דעם בשן נאָך זיין נאָמען — די נחלאות פֿון יאיר. אַזוי רופֿען זיי זיך אָן ביז היינטיגען טאָג]. און מכירן האָב איך געגעבען דעם גלעד. און די שבטים ראובן און גד האָב איך געגעבען די געגענד פֿון גלעד ביז צום אַרנון־טייך, ביז דעם מיטען פֿון זיין טאָל, פֿאַר אַ דרום־גרעניץ און ביזן יבק־טייך, דעם גרעניץ פֿון די בני עמון. און אַלס אַ גרעניץ איך די ערבה און דעם ירדן, פֿון ים כנרת ביזן מדבר־ים, דעם געזאַלצענעם ים.

און איך האָב אייך דאַן אַזוי פֿערזאָגט: „יהוה, אייער גאָט, האָט אייך געגעבען דאָס לאַנד צו געוועלטיגען איבער איהם. אַלע מלחמה־פֿעהיגע מענער גערט בעוואָפֿענט פֿאָראויס פֿאַר אייערע ברידער, די בני ישראל, נאָר אייערע ווייבער, אייערע קינדער און אייער פֿיך — איך וויים דאָך, אַז איהר האָט פֿיל פֿיך — זאָלען בלייבען אין אייערע שטעדט, וואָס איך האָב אייך געגעבען, ביז יהוה וועט לאָזען רוהען אייערע ברידער אַזוי ווי אייך, און זיי וועלען בעהערשען דאָס לאַנד, וואָס יהוה, אייער גאָט, גיט זיי אויף יענעם זייט ירדן. דאַן וועט יעדערער פֿון אייך זיך קאָנען אומקעהרען צו זיין נחלה, וועלכע איך האָב אייך געגעבען“. [און יהושע'ן האָב איך דאַן פֿאַרזאָגט אַזוי: „דיינע אויגען האָבען געזעהן אַלץ, וואָס יהוה, אייער גאָט, האָט געטאָן מיט די צוויי מלכים; דאָסועלבע וועט יהוה טון מיט אַלע מלוכות, וועלכע דו וועסט פֿאַרבייגעהן; גיט שרעק זיך פֿאַר זיי, ווייל יהוה, אייער גאָט, ער האַלט פֿאַר אייך מלחמה].

און איך האָב זיך דאַן געבעטען ביי יהוה מיט די ווערטער: „מיין האַר, יהוה, דו האָסט אָנגעהויבען ווייזען דיין קנעכט דיין גרויסקייט און דיין שטאַרקע האַנט. ווער איז אַזאַ גאָט אין הימעל און אויף דער ערד, וואָס זאָל קאָנען טון אַזעלכע, ווי דיינע מעשים און דיינע גבורות? לאָז מיך נאָר אַריבערגעהן און זעהן דאָס לאַנד, וואָס אויף יענעם זייט ירדן, יענע שענע בערג און דעם לבנון“, — נאָר יהוה איז געווען דערצאָרנט אויף מיר פֿון אייערטוועגען און האָט מיר ניט צוגעהערט; און יהוה האָט צו מיר געזאָגט: „גענוג דיר, דו זאָלסט מעהר ניט רעדען אַזעלכע ווערטער. געה אַרויף אויפֿן שפּיץ פֿון פּסגה און הויב אויף דיינע אויגען קיין מערב, דרום, צפון און מזרח און קוק זיך אָן מיט דיינע אויגען, ווייל אַט דעם ירדן וועסטו ניט אַריבערגעהן. און פֿאַרזאָג יהושע'ן און שטאַרק איהם און מונטער איהם אויף, וואָרום ער וועט פֿירע'ן דאָס פֿאָלק און ער וועט זיי מאַכען אַרבען דאָס לאַנד, וואָס דו זעהסט“.

דברים א׳—ג׳.

# ג. די ערשטע יאָהרהונדערטער פון פעסטען לעבען.

## IX די בעזעצונג פון ארץ ישראל.

אר״י אַזהויב שופט״ים־צ

נאָך משה׳ס טויט — דערצעהלט דער תנ״ך — האָט יהוה געזאָגט צו יהושע׳ן, דעם זוהן פון נון: „שטעה אויף און געה אַריבער, דו און דאָס גאַנצע פאָלק, איף יענעם זייט ירדן, אין דאָס לאַנד, וואָס איך האָב געשוואָרען צו געבען די בני ישראל. יעדער אָרט, וואָס דו וועסט נאָר טרעטען אויף איהם, וועט איך געהערען אין דאָס גאַנצע לאַנד פון מדבר און ביז צום גרויסען ים וועט איבערגעגעבען ווערען דורך דיר פאַר אַ נחלה די בני ישראל“.

אין אַזוי קומט באמת פאָר — ווי עס דערצעהלט אונז דער ספר יהושע — דער ערשטער אָנפאַל איפ׳ן מערב פון ארץ ישראל אונטער דער אָנפיהרונג פון יהושע. אַ נצחונות־רייכען גאַנג מאַכען די בני ישראל איבערן גאַנצען לאַנד, ניט בעגעגענענדיג כמעט קיין ווידערשטאַנד מצד די כנענים, און גלייך נאָך דעם ווערט דאָס איינגענומענע לאַנד צעטיילט דורך יהושע׳ן צווישען די „צוועלף שבטים“ פון ישראל.

אין דער אמת׳ן איז אָבער ארץ ישראל נאָך יהושע׳ס טויט, דאָס הייסט, אין יאָנהויב פון דער אַזוי גערופענער שופטים־צייט, נאָך לגמרי ניט געווען אונטער דער בולשטענדיגער ממשלה פון די ישראל׳שע שבטים. כדי איינצונעמען דאָס לאַנד, זיינען געמאַכט געוואָרען נאָר די ערשטע טריט, וואָס האָבען אָבער געהאַט די גרעסטע בעדייטונג פאַר דער צוקונפט*. ישראל האָט צייט געהאַט נאָר צו בעזעצען זיך פעסט אין לאַנד, און דאָס נאָר אין בעשטימטע טיילען זיינע, וואו איז געווען ביי זיך שטאַלץ און שטאַרק און ענטשלאָסען ניט אָפּצוטרעטען אָהן קאַמף פון די פאַרנומענע פּאָזיציעס. ביי אַזאַ מצב איז איהם נאָך פאָרגעשטאַנען אַ לאַנגע בעפעסטיגונגס־אַרבייט; איף יאָהרהונדערטער. אויף יאָהרהונדערטער.

כדי זיך אין דעם צו איבערצייגען, איז גענוג נאָר צו וואַרפען אַ בליק איף דעם פּאָליטישען און קולטורלען מצב פון כנען, ווי עס מאָלט איהם דער ספר שופטים. איך קאָנען אונז גוט קומען צו הילף די רעזולטאַטען פון די

* בעזונדער קלאָר שילדערט דאָס אונז די געשיכטע פון שבט דן, וועלכער האָט צום סוף פון דער שופטים־צייט נאָך ניט געהאַט קיין נחלה צווישען די ישראלשע שבטים.

ניט־לאַנג געמאַכטע אויסגראָבונגען אין תל־אל־אמרנא*. די געפונענע דאָקומענטן געהערן אין פלוג צו אַ פריהערדיגער תקופה, נאָר זיי שטעלן אונז אויך פאָר די לאַגע פון לאַנד אין דער צייט, ווען עס קומען אין איהם אָן די ישראלשע וואַנדערער.

די כנענים אין דער תקופה, ווען די בני ישראל בעזעצען דאָס לאַנד

די אַלטע אַיינוואוינער פון ארץ ישראל, די כנענים, זיינען פון די פריהסטע צייטען אָן צעפאַלען אויף איינצעלנע געמיינדעס. אַ געוויסע נטיה צו אָפּזונדערונג איז געלעגען שוין, ווי עס זעהט אויס, אין בלוט פון דעם דאָזיגען צווייג פון דער שמיטישער ראַסע. אין אַ געוועהנטליכער, רוהיגער צייט זיינען זיי אַפילו ניט געווען פאַראייניגט אין אַ בונד פון שטעדט אָדער מלוכות, נאָר זיי האָבען פאָרגעשטעלט אָפּגעזונדערטע שטעדט — רעפובליקען אָדער שטעדטישע מאָנאַרכיעס, וואָס האָבען זיך אָפּט פאַרהאַלטען פיינדליך איינע צו די אַנדערע און געפיהרט צווישען זיך מלחמות. נאָר אין בעזונדערס נויטיגע פאַלען האָבען זיי געקענט זיך פעסט פאַראייניגען און דאַן פלעגען זיי ווערען אַ געפעהרליכער כח פאַר ישראל'ן. זיי זיינען שוין לאַנג איבערגעגאַנגען צו דער ערד־אַרבייט און על פי רוב צו אַ שטאָדטישען לעבען. מיט ערד־אַרבייט האָבען זיי זיך פאַרנומען אויף די פרוכטבאַרע פליינען און אויף די פעלדער פון די טאָלען. דורך זייערע שטעדט זיינע דורכגעגאַנגען וויכטיגע האַנדעלס־וועגען, וואָס אַדאַנק זיי, האָבען זיי שוין אין יענער תקופה דערגרייכט צו אַ געוויסער קולטורעלער הויך, און עס האָבען זיך ביי זיי ענטוויקעלט אַפילו אַ לוקסוס און די מיט איהם שטענדיג פאַרבונדענע ירידה פון דער זיטליכקייט. אין דער קריגס־קונסט זיינען זיי ניט אין ערך העכער געשטאַנען פאַר די בני־ישראל. זיי פלעגען בענוצען מלחמה־רייטוועגען, וואָס די בני ישראל פלעגען זיך ניט קאָנען דערמאָנען וועגען זיי אָהן שרעק, און האָבען געהאַט גוט־בעפעסטיגטע שטעדט. אַזעלכע שטעדט ווערען זעהר אָפּט דערמאָנט אין תנ"ך, און דאָס ברענגט אונז צו דער השערה, אַז די כנענים זיינען געווען גוט בעהאַוונט אין דער בעפעסטיגונגס־קונסט; די אויסגראָבונגען פון דער לעצטער צייט בעשטעטיגען די דאָזיגע השערה.

ישראל האָט פון זיין זייט ניט געקאָנט זיך בערימען מיט אַן ענטווי־

* דער אין תל־אֶל־אמרנה געפונענער ארכיוו שטעלט פאַר די קאָרעספּאָנדענץ צווישען די וואַסאַלע מלכים אין סוריאַ מיט זייערע הארען אין מצרים. די דאָזיגע קאָרעספּאָנדענץ איז פון XV־טען יאָהרהונדערט פאַר דער קריסטליכער תקופה. אין די בריוו בעקלאָגען זיך די מלכים פון סוריא אויף די אָנפאַלען מצד די אָנגעקומענע „חבירי" (אשוריש: עברים—העברעער) און בעטען ביי די פרעה'ס הילף קעגען די דאָזיגע איינוואנדערער; דאָס זיינען געווען, ווי עס זעהט אויס, די פאָדערשטע מחנות פון די ישראלשע שבטים, וועלכע האָבען גראָד אין יענער צייט אָנגעהויבען אריינצודרינגען קיין כנען. פון די בריוו איז אויך קענטיג, אז כנען שטעלט פאָר אין דער תקופה א שורה פון צעוואָרפענע מלוכות, וועלכע פלעגען פיהרען קריג איינע מיט די אנדערע און פארלאַנגען הילף ביי די פרעה'ס איינע אנטקעגען די אנדערע.—אָבער אין דער צייט איז די מצרישע מלוכה אָפּגעשוואַכט געוואָרען און איז געווען געצוואונגען צו לאָזען איהרע סירישע וואסאלען אליין איינצואָרדנען זייערע מחלוקתן צווישען זיך און צו פיהרען צוזאמען די מלחמה קעגען דער אלץ וואקסענדיגער סכנה מצד די „חבירי".

קעלטער קרינס-קינסט, דערפֿאַר אָבער האָט ער אין זיך געטראָגן אַ ניט-גע־ריהרטע ענערגיע פֿון אַ יונגען פֿאָלק און אַ פֿעסטען מוט פֿון אַ מדבר-זוהן.

די געגענדען, וועלכע זיינען געבליבען אין רשות פון דער פריהערדיגער בעפֿעלקערונג.

דאָס, וואָס ישראל האָט ביזן אָנהויב פֿון דער שופֿטים-צייט דערגרייכט, איז לייכטער צו בעשטימען פֿון דער נעגאַטיווער זייט, דאָס הייסט, דערקלערענ־דיג דאָס, וואָס ער האָט ניט דערגרייכט, איידער פֿון דער פּאָזיטיווער. וואָרום עס איז אונז געבליבען אַ גאַנצע רשימה פֿון די געגענדען, וועלכע זיינען אין דער ערשטער צייט ניט איינגענומען געוואָרען דורך די בני-ישראל (שופֿטים א')*. דאָס זיינען געווען קודם כל די בעפֿעסטיגטע ברעג-שטעדט פֿון די פּלשתּים און פֿעניקיער.

איך די נחלאות פֿון די פֿעניקיער האָבען די בני ישראל, ווי ווייט מיר ווייסען, אַפֿילו ניט ערלויבט זיך צו מאַכען אַן אָנפֿאַל, און אויך די פּלשתּים'שע שטעדט זיינען געמאַכט געוואָרען נאָר איינציגע ניט-געלונגענע אָנפֿאַלען. דעמזעלביגען גורל האָבען געהאַט די אָנפֿאַלען אויף די בעפֿעסטיג־טע שטעדט אין מיטען לאַנד גופֿא. און די דאָזיגע אינעווייניגסטע שטעדט, וואָס זיינע געבליבען אין די הענט פֿון די פֿריהערדיגע איינוואוינער, האָבען זיי גע־געבען די הערשאַפֿט איבער דעם טאָל יזרעאל, וועלכער האָט געשפּילט אַזאַ גרויסע ראָל אין זין פֿון מלחמה און האַנדעל. דורך איהם איז דורכגעגאַנגען אין יענער צייט דער וויכטיגסטער האַנדעלס-וועג און אויף איהם איז געווען אויסגעבויט אַ גאַנצע שורה זיכערע פֿעסטונגען, וואָס האָבען איהם אַרומגענומען, ווי מיט אַן אייזערנעם רינג, אַשטייגער: תּענך, מגדו, בית שאָן. אַחוץ דעם האָט דער טאָל יזרעאל פֿאַרשאַפֿט אַ פֿרייען פּלאַץ פֿאַר די כנעני'שע מלחמה-ריטוועגען, און אַדאַנק דעם אַלעמען זיינען די כנענים געבליבען הערווייל די בעלי-הבתים פֿון דעם צענטראַל-לאַנד.

די צעווארפענע קייט פון די ישראל'שע נחלאות.

דער דאָזיגער מצב פֿון לאַנד איז געווען געפֿעהרליך פֿאַר די בני ישראל, ווייל אַחוץ אַלעמען האָט דער גרויסער טאָל יזרעאל, וועלכער איז געווען פֿאַר זיי פֿאַרשלאָסען, אָפּגעריסען די מעכטיגע און וויכטיגע שבטים, וואָס אין מיטעלסטען ארץ ישראל, פֿון די צפֿון'דיגע שבטים: נפֿתּלי, אשר, זבולון און יששכר. דערצו האָבען נאָך די דאָזיגע שבטים ניט אינגאַנצען געהאַט איינגענומען די צפֿון'דיגע געגענדען אויפ'ן שפּוע פֿון לבנון און חרמון: אַ טייל פֿון לאַנד איז געווען נאָך אין די הענד פֿון די פֿעניקיער, פֿון אַנדערע כנעני'שע שבטים און פֿון די חתּים. אויף אַזאַ אופֿן זיינען די שבטים פֿון מי־טעלסטען טייל לאַנד געווען אָבגעטיילט פֿון זייערע ברודער-שבטים אין צפֿון-זייט דורך אַ געשלאָסענער שורה פֿון כנענישע נחלאות, וועלכע האָבען זיך אָנגעהויבען ביים כרמל און דערגרייכט ביז צום ירדן. און נאָך אַ גרעסערע מחיצה האָט זיי אָפּגעטיילט פֿון זייערע ברידער אין דרום-זייט: די נחלאות פֿון די כנענים האָבען זיך איך דאָ אַריינגעריסען, ווי אַ שפּיץ, אין דאָס קאָנטינענטאַ־לע ישראל'שע לאַנד. די שטעדט: שעלבים, אַילון, גזר, הר-חרס, יבוס (ירושלים)

* זעה אונטען דעם ארטיקעל „די תנ"ך-ערצהעלונגען וועגען דער איינעמונג פון ארץ ישראל".

אין אַנדערע האָבן געבילדעט די גרעניץ־ליניע. אַזוי זיינען די שבֿטים יהודה און שמעון געווען לגמרי אָפּגעריסען פֿון זייערע ברידער. זיי האָבן געפֿירט אַן אָפּגעזונדערט לעבען, און די פֿאָלקס־געשיכטע שווייגט וועגען זיי אַ צייט. נאָך מעהר, זיי האָבן אַפֿילו ניט אַרויסגעוויזען קיין נטיה צו בעטייליגען זיך אין לעבען פֿון די איבעריגע שבֿטים און העלפֿען זיי אין דער צייט פֿון סכנה. די דבֿורה־ליד דערמאָנט וועגען זיי, אַשטייגער, גאָרניט.

בכֿן, איז עס איז ביז דער שופֿטים־צייט עפּעס געטאָן געוואָרען פֿאַר דער איינעמונג פֿון לאַנד, איז נאָך זעהר פֿיל געבליבען צו טון פֿאַר די שפּעטערדיגע תּקופֿות. אויסער די פֿון אָנהויב איינגענומענע נחלאות אויפֿן מזרח־ברעג פֿון ירדן, דאַרף מען רעכענען פֿאַר די וויכטיגסטע פּלעצער, וואָס די בני ישראל האָבן איינגענומען, דעם דרום־טייל פֿון ירדן־טאָל און די וואַלדיגע הויכקייטען פֿון מיטעלסטען ארץ־ישׂראל. די וויכטיגסטע ישׂראליטישע פּאָזיציעס אין דער צייט זיינען געווען די שטעדט יריחו, עי, בית־לחם און חברון.

די בעציהונג צו די בעזיגטע און יענע געגענדען, וואו די בני ישׂראל האָבן זיך בעזעצט, זיינען געווען פֿאַרשיידען און אָפּהענגיג פֿון די אָרטיגע תּנאים. אָפֿט פֿלעגט מען איינגאַנצען פֿאַרטיליגען דעם פֿיינד*. די רעליגיע איז לא די וואָס זי האָט ניט פֿאַרבאָטען צו בעגעהן זיך אויף אַזאַ אופֿן מיט די פֿרי־העריגע איינוואוינער, נאָר, אַדרבא, זי האָט דאָס בפֿירוש געפֿאָדערט. נאָר פֿאָרט זיינען די פֿריהערדיגע איינוואוינער ניט שטענדיג פֿאַרטיליגט געוואָרען אינגאַנצען. אָפֿט פֿלעגט מען זיי נעמען פֿאַר קנעכט, אָדער שליסען מיט זיי שלום און לעבען מיט זיי צוזאַמען. דער מצבֿ איז געווען מסתּמא אַזאַ: דאָרטען, וואו עס זיינען געווען דערצו גענוג כּחות און מיטלען, פֿלעגט מען די צעשלאָגענע פֿיינד אינגאַנצען אויסהרג׳ען און נאָר ווייניגע פֿלעגט זיך איינ־געבען צו ראַטעווען זיך דורך אַנטלויפֿען. נאָר אָפֿט פֿלעגט אויסקומען, אַז קיינער פֿון די ביידע צדדים פֿלעגט ניט קאָנען גובֿר זיין דעם צווייטען. אין אַזעלכע פֿאַלען פֿלעגט אויסקומען צו מאַכען אַ פּשרה. ביידע צדדים פֿלעגען זיך בעזעצען אין שכנות איינער ביים צווייטען, ביז דער צייט, ווען איינער פֿון זיי פֿלעגט ניט בעקומען די איבערהאַנד. ווי נאָר אַזאַ צייט פֿלעגט קומען, פֿלעגט דער שטאַרקערער צד אָדער אינגאַנצען אַרויסשטויסען דעם שוואַכערן אָדער איהם, לכּל הפּחות, פֿאַרשקלאַפֿען און אונטערדריקען. אייב אָבער דער פּחות פֿלעגט ניט אַרויסצושטויסען דעם שכן פֿלעגט זיך ניט איינגעבען, אָדער ער פֿלעגט לכתּחילה זיין אומגעגליך, פֿלעגט אויסקומען זיי צו שליסען צווישען זיך שלום און לעבען רוהיג יעדערער פֿאַר זיך. די כּנענים זיינען אָפֿט נוטה געווען צו אַזאַ שלום, און היות ווי זיי האָבן זיך געוואָלט בעפֿרייען איין מאָל פֿאַר אַלע מאָל פֿון אַן אָנפֿאַל־סכּנה, האָבן זיי אויך אָפּגעטראָטען שטיקער לאַנד די אָנגעקומענע וואַנדערער. אַ גאַנצע שורה פֿון ישׂראליטישע קאָלאָניעס איז געגרינדעט געוואָרען צווישען די נחלאות פֿון די פֿריהערדיגע איינוואוינער, סיי אין די טאָלען און סיי אויף די בערג. כאַראַקטעריסטיש איז און דעם זין

* זעה יהושע יא, 11—12, שופֿטים י״ז, 25; י״ח, 27.

געווען דער מצב, וואָס איז געשאַפֿען געוואָרען אין שכם (זעה שופטים ט׳ און פֿאַרגלייך בראשית ל״ד). דאָס פרידליכע לעבען צוזאַמען האָט, פֿאַרשטעהט זיך, געבראַכט צו געמישטע התונות און אָפֿט צו אַ לאַנגזאַמער איסמישונג פֿון דער בעפעלקערונג. און דעריבער בעציהט זיך דער תנ״ך, ניט אָהן אַ גרונד, פֿיינדליך צו אַזאַ מין אויסמישונג מיט די כנענים. פֿאַר ישראלים אמונה און פֿאַר זיין נאַציאָנאַלער אייגענאַרטיגקייט האָט דערין אָהן שום ספק געשטעקט אַ סכנה. איסער שכם און יבוס האָבען בענוצט אָט די סיסטעם די צפֿונדיגע שבטים; דאָ האָבען זיך זעהר גיך ענטוויקעלט לעבהאַפֿטיגע האַנדעלס-בעציהונגען און במילא אַ פֿריהליך צוזאַמענלעבען מיט די שכנים, די פֿעניקיער (פֿאַרגלייך בראשית מ״ט, 15).

אַז די איינגעמונג אין די בעזעצונג פֿון ארץ ישראל איז פֿאָרגעקומען ניט פֿאַר איין מאָל, נאָר אַז עס איז געווען דער פּועל יוצא פֿון אַ לאַנגען פּראָצעס, זעהען מיר גענוג קלאָר פֿון די ביבלישע ערצעהלונגען, וועלכע בעשטעטיגען און דערקלערען אונז די דאָזיגע ערשיינונג: „ניט אין איין יאָהר וועל איך איהם פֿאַרטרייבען פֿאַר דיר, אַנדערש וועט דאָס לאַנד ווערען וויסט און עס וועלען זיך מעהרען ביי דיר די ווילדע חיות. ביסלאַכווייז, ביסלאַכווייז וועל איך איהם פֿאַרטרייבען פֿאַר דיר, ביז דו וועסט זיך מעהרען און בעהערשען דאָס לאַנד“. (שמות כ״ג, 29—30). און זעלבען זין דערצעהלט אונז דער היסטאָרישער איבערבליק, וואָס מיט איהם הייבט זיך אָן דאָס בוך דברים: „און ווען יהוה, דיין גאָט, וועט דיך ברענגען אין דאָס לאַנד, וואָס ער האָט געשוואָרען דיינע עלטערן אברהמ׳ען, יצחק׳ן און יעקב׳ן צו געבען דיר, גרויסע און גוטע שטעדט, וואָס ניט דו האָסט זיי געבויט, הייזער פֿולע מיט אַלדאָס גוטס, וואָס ניט דו דאָסט זיי אָנגעפֿילט, אויסגעהאַקטע וואַסער-גריבער, וואָס ניט דו האָסט זיי אויסגעהאַקט, וויינגערטענער און איילבערטען, וואָס ניט דו האָסט זיי געפֿלאַנצט, — היט זיך, טאָמער וועסטו פֿאַרגעסען יהוה׳ן, וואָס האָט דיך אַרויסגעפֿיהרט פֿון לאַנד מצרים, פֿון קנעכט-הויז“.

———

די שופטים אַל פיהרער פון ד שבטים און ניו אלס פיהר־ר פון פאָלק.

מיט׳ן נאָמען „שופֿטים-צייט“ בעצייכענט מען געוועהנליך די גאַנצע צייט צווישען יהושע׳ס טויט און דעם אָנהויב פֿון שאול׳ס קיניגען. ווי האָבען זיך געהאַפֿען אין אָט דער אַלטער צייט די העלדען און פיהרער פֿון דער העראָאישער תקופֿה, איז אונז ניט בעקאַנט. די שפּעטערדיגע תנ״ך-שרייבער בעצייכענען זיי מיט׳ן נאָמען „שופֿטים“ (ריכטער) און שטעלען זיי זיך פֿאָר ווי מענשען, וואָס האָבען אין זייערע הענט געהאַט איך אַ געוויסער צייט די הנהגה פֿון גאַנץ ישראל. די גאַנצע פֿאָרשטעלונג אָבער פון די שופֿטים, ווי הערשער פֿונ׳ם גאַנצען פֿאָלק, וואָס רעגירען צייט זייער לעבען, ווי טעאָקראַטישע פֿאָרגעהער פֿון די מלכים, — איז ניט ווייניגער פרעמד דעם גייסט פֿון יענער תקופֿה, ווי די צווייטע פֿאָרשטעלונג, וואָס איז פֿאַרבונדען מיט דער ערשטער, אַז עס איז כלומרשט געווען אַ גאַנצע, ניט איבערגעריסענע שורה שופֿטים, וואָס הויבט זיך אָן פֿון עתניאל און אהוד און ענדיגט זיך מיט עלי און שמואל.

אין דער אמת׳ען זיינען די העלדען פֿון דער שופֿטים-צייט געווען פֿיהרער

פֿון פֿאָלק נאָר אין די צייטען פֿון רדיפֿות און אָנפֿאַלען. די סכּנה מאַכט זיי פֿאַר העלדען, שמידט אויס זייער מוט און ווילען און זי שטעלט זיי אַוועק אָן דער שפּיץ פֿון זייער שבֿט. אַזוי ווי אין דער תּקופֿה גיעהט זיך נאָך יעדער שבֿט זיין בעזונדערן וועג און זאָרגט זעהר וועניג פֿאַרן גורל פֿון די אַנדערע, אַזוי זיינען די שופֿטים געוועהנליכע קליינע אָרטיגע מלכים, שבֿט־פֿיהרער, וואָס קלייבען צונויף דעם חיל פֿון שבֿט און טרעטען אַרויס קעגען דעם שונא, וועלכער האָט זיך אַריינגעריסען אין לאַנד אויף מלחמה און רויב. נאָר זעלטען, ווען די סכּנה איז זעהר גרויס אָדער ווען דעם שבֿט גיט זיך איין צו דערוועקען דעם געפֿיהל פֿון איינהייט און קרובֿ׳עשאַפֿט ביי די שבֿטים, דאַן הפֿען זיך אָפּ אויף זיין קול אויך אַנדערע שבֿטים, און „דאָס גאַנצע פֿאָלק” גיעהט אַרויס מלחמה האַלטען פֿאַר זיינע אַלגעמיינע אינטערעסען. נאָר דאָס פֿלעגט טרעפֿען זעהר זעלטען, און דער בולט׳סטער ביישפּיל פֿון אַזאַ מין פֿאַראייניגונג פֿון פֿיל שבֿטים איז די בערימטע מלחמה אונטער דער פֿיהרונג פֿון דבֿורה און ברק.

נויטיקייט פון א פאראייניגונג.

אויפֿ׳ן וועג צום אַייננעמען גאַנץ ארץ ישׂראל האָט דאָס פֿאָלק בעגעגענט אויף אַזאַ אופֿן, אויסער אויסווייניגסטע שטערונגען נאָך אויך אינעווייניגסטע, דאָס הייסט, די בֿולשטענדיגע צעוואָרפֿענקייט און צעריסענקייט פֿון די איינצעלנע שבֿטים. די איינציגע העלדען וואָס פֿלעגען זיך בעווייזען אַמאָל ביי יענעם שבֿט, זיינען שוין ניט געווען גענוג. זיי האָבען געקאָנט ברענגען הילף אויף אַ צייט, נאָר זיי האָבען ניט געקאָנט איינהאַלטען אין זייערע הענט די פֿאַרנומענע פּאָזיציעס און זיינען ניט בכּח געווען צו בעפֿרייען דאָס לאַנד פֿון די שטענדיגע אָנפֿאַלען. דערפֿאַר איז פֿאַר ישׂראל׳ן סוף כּל סוף ניט געבליבען קיין אַנדער מיטעל אויף צו בעפֿעסטיגען זיך אין לאַנד, ווי די פֿעסטע פֿאַראייניגונג פֿון אַלע ישׂראל׳שע שבֿטים אין איין מלוכה מיט איין צענטראַלער פּאָליטישער מאַכט.

Kittel—Geschichte des Volkes Israel II 1909

---

## X די כנענישע קולטור אין דער צייט, ווען די בני ישראל זיינען אָנגעקומען אין לאַנד

ער צושטאנד פון דער קולטור ביי די כנענים.

בשעת די בני ישׂראל זיינען אָנגעקומען, האָט אין לאַנד געהערשט שוין אַ בעשטימטע און איינגעשטעלטע קולטור; זיינע איינוואוינער האָבען שוין געהאַט הינטער זיך אַ רייכע און פֿילפֿאַרביגע פֿאַרגאַנגענהייט, און די קולטור־יונגע ישׂראל׳שע וואַנדערער, בעת זיי האָבען זיך בעזעצט אין לאַנד, האָבען במילא געמוזט אַרונטערפֿאַלען אונטער דער השפּעה פֿון דער אָרטיגער בעפֿעלקערונג. די ערשטע יאָהרהונדערטער פֿון ישׂראלס פֿעסטען לעבען אין לאַנד זיינען אַ צייט, וואָס דעמאָלט האָט ער איבערגענומען די כנענישע קולטור און זי פּאַמעלאַך צוגעפּאַסט צו זיין אייגענער פֿאָלקס־פּערזענליכקייט און צו העד

מיטגעבראַכטער, נאָך יונגער, אָבער איינגעאַרטינער און קרעפֿטיגער גייסטיגער ירושה פֿון מדבר סיני.

די כנענים האָבען שוין אין דער צייט איינגאַנצען געהאַט פֿאַרלאָזען דאָס וואַנדער־לעבען און זיך בעזעצט פֿעסט אין לאַנד. זיי זיינען געווען ערד־אַרבייטער, פֿעסט־זיצענדיגע פּאַסטוכער, גערטנער און וויין־גערטנער און האָבען זיך אויך פֿאַרנומען מיט מלאכות און האַנדעל. זיי זיינען געזעסען אין אָפענע דערפֿער און אין שטעדט, וואָס זיינען געווען אַרומגערינגעלט מיט מויערן און אויפגעבויט געוועהנטלאַך אויף די שפּיצען פֿון די בערגלאַך. אין דער קונסט פֿון בעפעסטיגען די שטעדט זיינען זיי געווען גוט בעהאַווינט.

אַדאַנק דער ענטוויקלונג פֿון פֿאַרשיידענאַרטיגע מלאכות, האָבען זיך ביי זיי שוין געוויזען, ווי עס זעהט איצט אויס פֿון די אויסגראָבונגען, התחלות פֿון קונסט, וועלכע האָט זיך ענטוויקעלט לויט אַשוריש־בבלישע מוסטערן, און אין דרום־לאַנד — לויט מצרישע. אין זייער אויסאַרבייטונג פֿון ליימענע כלים איז לייכט צו בעמערקען די ווירקונג פֿון דער אַלט־גריכישער קונסט. אויסער ליים האָבען זיי בענוצט אויף דער אויסאַרבייטונג פֿון מעבעל, כלים און שמוק־זאַכען — שטיין און בראָנז און צו מלחמה־צוועקען האָבען זיי אָנגעהויבען איינצופֿיהרען אייזערנע געוועהר.

אין זייערע דאָקומענטען, אָפּמאַכען און וויכטיגע ידיעות האָבען זיי בענוצט דעם בבלישען כתב און שפּראַך, אויף וועלכער עס האָבען, ווי עס זעהט אויס, די העכערע קלאַסען אויך גערעדט אין געוועהנטליכען לעבען. דאָס פֿאָלק גופֿא האָט גערעדט, פֿאַרשטעהט זיך, אויף דער אייגענער כנענישער שפּראַך, וועלכע האָט, ווי עס זעהט אויס, נאָך ניט געהאַט קיין שריפֿט.

זייער אמונה איז בעשטאַנען אין דער פֿערעהרונג פֿון בעל (זעה ביילד 2), אָדער ריכטיגער פֿון די אָרטיגע בעלים*, און דער גאָטעסדינסט איז בעשטאַנען דאָס הויפּט פֿון קרבנות. די מזבחות זיינען געשטאַנען אויף הויכע ערטער (במות), און נעבען זיי פֿלעגט מען שטעלען שטיין־זיילען פֿון פֿערשיידענע פֿאָרמען (מצבות, זעה בילד 3), וועלכע האָבען זיך גערעכענט פֿאַר דעם וואוין־אָרט פֿון גאָט אָדער פֿאַר זיין פֿאַרקערפּערונג. אַזוי ווי בעל איז געווען דער גאָט פֿון פֿרוכטבאַרקייט, איז געווען געהייליגט צו זיין נאָמען אַלץ, און וואָס עס דריקט זיך אויס די פֿרוכטבאַרקייט פֿון דער ערד: די קוואַלען וואַסער, די בוימער, די פֿעטע בערג־שפּועים; און אַזוי ווי אָן איהם האָט זיך געווענדט די גערעטעניש פֿון די פֿעלדער און גערטענער, פֿלעגט מען איהם שטענדיג נאָכן שניט ברענגען פֿאַר אַ מתנה די בעסטע פּירות פֿון דער ערד. חוץ דעם, האָבען די כנענים פֿאַרעהרט די געטין עשתרות, וועלכע האָט פֿאָרגעשטעלט די ווייבליכע פֿרוכטבאַרקייט; לכבוד איהר פֿלעגט מען פֿלאַנצען ביי די מזבחות בוימער אָדער שטעלען הילצערנע זיילען, וואָס האָבען זיך גערופֿען אַשרות (זעה בילד 4).

די אמונה און דער גאָטעס־דינסט.

* דאָס וואָרט „בעל" הייסט „האר" און איז געווען ניט דער אייגענטליכער נאָמען פֿון איין בעשטימטער גאָטהייט, נאָר אַן אַלגעמיינער נאָמען פֿאַר גאָט בכלל. אין תנ"ך ווערען דערמאָנט אַפֿילע בעלים, וועלכע מען פֿלעגט פֿאַרעהרען אין פֿאַרשיידענע ערטער; למשל: בעל פעור, בעל־זבוב, בעל־ברית און אַזוי ווייטער.

צום גאָטעסדינסט אין הויז און פאַמיליע, צוליב כשוף־צילעך און פאַר קמעות האָבן די כנענים בענוצט קליינע בילדער פון דער געטין עשתרות אין דער געשטאַלט פון אַ פרוי. די דאָזיגע בילדער פלעגן דאָס רוב געבראַכט ווערן פון בבל און מצרים, ווייל, ווי מיר זעהען איצט פון די פיגורען, וואָס זיינען געפונען געוואָרען ביי די אויסגראָבונגען, שטעלען זיי אין דער אמת'ען נאָר פאָר די בבלישע געטין איסטאַר אָדער די מצרישע געטין — איזיס.

דעם בעל גופא פלעגן זיי פאָרשטעלען, חוץ אין דער פאָרם פון די מצבות, אויך אין דער געשטאַלט פון אַן אָקס. מענשען־עהנליכע בילדער



בילד 2: די סטאַטוע פון בעל־חמן, דעם פעניקישען זונען(חמה)־גאָט, אין קארסאגאָ.

פון בעל זיינען אין ארץ ישראל ניט געפונען געוואָרען, הגם אין אַנדערע לענדער, וואו מען האָט דעם בעל פאַרעהרט, האָט מען איהם אָפט געמאָלט אין אַ מענשליכער געשטאַלט.

עס פאַרשטעהט זיך, אַז בעת די בני ישראל זיינען איבערגעגאַנגען צו אַ פעסטען לעבענס־שטייגער און צו ערד־אַרבייט, האָבען זיי פאַר־איינס געמוזט איבערנעמען ביי די כנענים אויך די פאָרמען פון זייער גאָטעסדינסט, וועלכע זיינען געווען אַזוי ענג פאַרבונדען מיט דער נאַטור פון לאַנד, מיט די פעלדער, וויינגערטענער, בערג און טאָלען. אַזוי זיינען זיי אַרונטערגעפאַלען אונטער דער

השפעה פון דער כנענישער אמינה מיט איהר פרעהליכען און ליידענשאפט-ליכען כאראקטער, וועלכער איז געווען לגמרי דער היפוך פון דער שטרענגער און שרעקענדיגער נאטור פון דעם סיני'שען גאט.

Kittel—Die alttestamentliche Wissenschaft 1910.

-----

## XI די תנ"ך-ערצעהלונגען וועגען דער איינגעמונג פון ארץ-ישראל.

נאך יהושע'ס טויט האבען די בני ישראל אנגעפרעגט ביי יהוה*; „ווער פון אונז זאל געהן אויף די כנענים מלחמה צו האלטען מיט זיי? און יהוה

ווי אזוי כנען איז געווארען איינגענומען.



בילד 3: א קאלאנע (מצבה) אויפן ארט פון אן אלטען אדומישען הייליגטום אין פעטרא (אין דרום-זייט פון ים המלח).

האט געזאגט: „זאל געהן יהודה, און איך וועל איבערגעבען דאס לאנד אין זיינע הענט". יהודה האט אבער געזאגט צו שמעונ'ען, זיין ברודער: קום דו

* אנפרעגען ביי יהוה, דאס הייסט, געבען אן ענטפער אויף פארגעלעגטע פראגען,— אויפ'ן שטייגער פון גריכישען אראקעל—איז געווען ביי די בני ישראל פון דער עלטסטער צייט אן די וויכטיגסטע אויפגאבע פון די כהנים. צו דעם צוועק האבען געדינט צוויי גורלות פון ניט-בעקאנטער געשטאלט, וועלכע האבען געטראגען דעם נאמען „אורים" און „תומים". דער

מיט מיר אין מיין נחלה און לאָמיר צוזאַמען מלחמה האַלטען מיט'ן כּנעני, און דערנאָך וועל איך געהן מיט דיר אין דיין נחלה". און שמעון איז געגאַנגען מיט איהם.

און יהודה איז אַוועק, און יהוה האָט איבערגעגעבן די כּנענים און די פּריזים אין זייערע הענט און זיי האָבען צעשלאָגען בּיי בּזק — צעהן טויזענט מאַן. און זיי האָבען זיך צוזאַמענגעטראָפען מיט אַדני־בּזק אין בּזק, מלחמה געהאַלטען מיט איהם און צעשלאָגען די כּנענים און די פּריזים. אַדני בּזק איז אַנטלאָפען, אָבער זיי האָבען איהם נאָכגעיאָגט, איהם געכאַפּט און אָפּגעהאַקט איהם די גראָבע פינגער פון די הענט און פיס. דאַן האָט אַדני־בּזק געזאָגט: „זיבעציג מלכים מיט אָפּגעהאַקטע פינגער פון די הענט און פיס פלעגען קלייבען בּרעקלאַך בּיי מיר אונטערן טיש; ווי איך האָב געטאָן, האָט מיר גאָט אָפּגעגעבן". און מען האָט איהם דערנאָך געבראַכט קיין ירושלים און דאָרטען איז ער געשטאָרבען.



בילד 4: מתפללים פאַר דער אשרה־טיש (לויט אַן אַלט־סעמיטישער אָב־בילדונג.)

און די בּני יהודה זיינען אַוועק אויף ירושלים און האָבען זי איינגענומען און איבערגעגעבן איהרע איינוואוינער דעם שווערד, און די שטאָט דעם פייער. דערנאָך זיינען די בּני יהודה אַרויס אַנטקעגען די כּנענים, וועלכע האָבען געוואוינט אויף די בּערג, אין דרום און אין די נידעריגע ערטער. און יהודה איז אַהין אַנטקעגען די כּנענים, וואָס האָבען געוואוינט אין חבֿרון (חבֿרון האָט פריהער געהייסען קרית אַרבּע) און האָבען צעשלאָגען ששי, אַחימן און תלמי, די זיהן פון ענק. פון דאָרטען איז ער אַוועק קעגען די איינוואוינער פון דבֿיר (דבֿיר האָט זיך אַמאָל גערופען קרית ספֿר), און כּלבֿ האָט געזאָגט: „ווער עס וועט איינעמען קרית ספֿר און בּעהערשען זי, יענעם וועל איך געבען עכסה, מיין טאָכטער, פאַר אַ ווייב". און עס האָט זי איינגענומען עתניאל, דער זוהן פון קנז, דער יונגערער בּרודער כּלבֿ'ס, און כּלבֿ האָט איהם געגעבען עכסה, זיין טאָכטער, פאַר אַ ווייב. ווען מען האָט זי געבראַכט צו איהם, האָט

פשוט'ער טייטש פון די ווערטער איז: „ליכטיגקייט" און „אמת", נאָר פאַר די מאמינים, משמעות, האָבען זיי בעטייט: „יאָ" און „ניין". לויט דער ערצעהלונג פון דער תורה פלעגט מען דאַרפען, כדי צו באַקומען אַן ענטפער, פאָרלעגען אַ גאַנצע שורה פראַגען אין אַזאַ סדר, אַז יעדער מאָל, בשעת עס בעקומט זיך דער ענטפער „יאָ" אָדער „ניין", זאָל אַלץ ענגער ווערען דער קרייז פון די מעגליכע ענטפערן, ביז עס בעקומט זיך צום סוף דער קלאָרער און בעשטימטער ענטפער. פאַרגלייך דעם ענטפער פון דעם גורל ביים פאַרברענען עכנ'ען (יהושע ז', 16—18): עס ווערט אַפריהער בעשטימט דער זינדיגער שבט, דערנאָך די זינדיגע משפחה, דערנאָך דאָס זינדיגע הויז און לסוף דער זינדיגער מענש. אַזוי לייענען מיר ווייטער, אַשטייגער, אין ערשטען בוך שמואל י"ד, 14 (לויט דעם פאַרריכטען, פעסטגעשטעלטען נוסח): „אויב די זינד איז אין מיר אָדער אין יונתנ'ען, דאַן זאָל, יהוה, גאָט פון ישראל, זיך בעקומען—„אורים", און אויב די זינד איז אין דיין פאָלק ישראל, גיב „תומים". אחוץ דעם האָט מען בשעת'ן „אַנפרעגען ביי יהוה" בענוצט דעם אפוד, וועלכער איז געווען, ווי עס ווייזט, אַ שטיק געוואַנט, אויסגענייהט מיט גאָלד, וואָס דערמיט פלעגען ווערען צוגעדעקט די אורים און תומים. ער האָט געשפּילט בכלל אַ וויכטיגע ראָלע אין אַלטען ישראלשען קולט.

ער זי צוגערעדט, זי זאָל בעטען ביי איהר פֿאָטער אַ פֿעלד. זי האָט זיך אַראָפּגעריקט פֿון אייזעל. כלב האָט ביי איהר געפֿרעגט: „וואָס איז מיט דיר?“ זי האָט געענטפֿערט: „גיב מיר אַ מתנה פֿאַרן זעגענען זיך. דו האָסט מיך מתנה געמאַכט אײפּן היציגען דרום־לאַנד, גיב מיר דאָך קוואַלען וואַסער“. און כלב האָט איהר געגעבען אַ קוואַל אויף דער הויכעניש און אַ קוואַל אין טאָל.

און די זיהן פֿון חובב דעם קיני, משה'ס שוועהר, זיינען אַוועק צוזאַמען מיט די בני יהודה פֿון דער פּאַלמען־שטאָט אין מדבר אַריין, וואָס צום דרום פֿון ערד, און זיינען געקומען אַהין און זיך בעזעצט צווישען די עמלקים. און יהודה איז אַוועק מיט שמעון'ען זיין ברודער, און צעשלאָגען די כנענים, וואָס האָבען געלעבט אין צפת, און זיי פֿאַרטיליגט (ויחרימו אותם). דערפֿאַר הייסט די שטאָדט חרמה. יהודה האָט איינגענומען גת מיט איהר געגענד און עקרון מיט איהר געגענד; און יהוה איז געווען מיט יהודה, און ער האָט איינגענומען דאָס בארג־לאַנד. די איינוואוינער פֿון טאָל האָט ער אָבער ניט געקאָנט פֿאַרטרייבען, ווייל זיי האָבען געהאַט אייזערנע רייטוועגען. און מען האָט אָפּגעגעבען כלב'ן חברון, ווי משה האָט פֿאַרזאָגט, און ער האָט פֿאַרטריבען פֿון דאָרטען די דריי זיהן פֿון ענק. אָבער די יבוסים, וואָס האָבען געלעבט אין ירושלים, האָבען די בני יהודה ניט געקאָנט פֿאַרטרייבען. אַזוי זיינען די יבוסים געבליבען לעבען צווישען די בני יהודה אין ירושלים ביז אויף היינטיגען טאָג.

און דאָס הויז פֿון יוסף איז פֿון זיין זייט אַוועק קיין בית אל, און יהוה איז געווען מיט זיי. און דאָס הויז פֿון יוסף האָט געשיקט אויסזעהן בית אל (פֿריהער האָט די שטאָט זיך אָנגערופֿען לוז.), און עס האָבען די אויסזעהער דערזעהן אַ מענשען, וועלכער איז אַרויסגעגאַנגען פֿון שטאָדט און האָבען געזאָגט צו איהם: „בעווייז אונז, ווי קאָן מען אַריינקומען אין שטאָדט, און מיר וועלען דיר טהון גוטס“. ער האָט זיי בעוויזען, ווי מען קאָן אַריינקומען אין שטאָדט, און זיי האָבען איבערגעגעבען די שטאָדט דעם שווערד, און יענעם מענשען און זיין משפחה האָבען זיי פֿאַרשוינט. יענער מענש איז אַוועק קיין חתים־לאַנד, האָט איינגעבויט אַ שטאָדט און אָנגערופֿען זי לוז. אַזוי הייסט זי נאָך ביז איצט.

די רשימה פֿון די ניט־איינגענומענע ערטער.

מנשה האָט ניט פֿאַרטריבען די איינוואוינער פֿון בית שאן און פֿון די אַרומיגע שטעדט, פֿון תענך און פֿון די אַרומיגע שטעדט, די איינוואוינער פֿון דאר און פֿון די אַרומיגע שטעדט, די איינוואוינער פֿון יבלעם און פֿון די אַרומיגע שטעדט, די איינוואוינער פֿון מגדו און פֿון די אַרומיגע שטעדט, און די כנענים האָט זיך איינגעגעבען צו פֿאַרבלייבען אין לאַנד. ווען ישראל האָט זיך אָבער בעפֿעסטיגט, האָט ער די כנענים בעלעגט מיט צינש, נאָר פֿאַרטרייבען האָט ער זיי ניט פֿאַרטריבען. און אפרים האָט ניט פֿאַרטריבען די כנענים, וואָס וואוינען אין גזר. און זבולון האָט ניט פֿאַרטריבען די איינוואוינער פֿון קטרון און די איינוואוינער פֿון נהלל, און די כנענים זיינען געבליבען וואוינען צווישען זיי און זיי זיינען געוואָרען זייערע צינש־צאָהלער.

און אָשר האָט ניט פֿאַרטריבען די אײַנוואוינער פון עכּו, און די אײַנוואוינער פֿון צידון און אויך די אײַנוואוינער פֿון מחלב, פֿון אַכזיב, פֿון אַפיק און פון רחב, אַזוי אַז די בני אשר האָבען געלעבט צווישען די כנענים, די פֿריהערדיגע אײַנוואוינער פֿון לאַנד, ווייל זיי האָבען ניט געקאָנט זיי פֿאַרטרייבען. און נפתלי האָט ניט פֿאַרטריבען די אײַנוואוינער פֿון בית שמש און די אײַנוואוינער פֿון בית ענת, און ער האָט געלעבט צווישען די כנענים, די פֿריהערדיגע אײַנוואוינער פֿון לאַנד, און די אײַנוואוינער פון בית שמש און פֿון בית ענת זיינען געוואָרען זיינע צינס-צאָהלער. און די אמורים האָבען אָפּגעשטויסען די בני דן צום באַרג צו און ניט געלאָזען זיי אַראָפּצוגעהן אין טאָל אַרײַן. און דעם אמורי האָט זיך אײַנגעגעבען צו בלייבען זיצען אין הר חרס, אין אַילון, און שעלבים; נאָר ווען דאָס הויז פֿון יוסף האָט זיי אונטערגעדריקט, זיינען זיי געוואָרען זיינע צינס-צאָהלער.

———

**די מלחמה מיט סיסרא.**

און די בני ישראל האָבען זיך אָנגעהויבען פֿיהרען, ווי עס איז ניט געפֿעלען יהוה, און אהוד איז שוין געווען טויט. און יהוה האָט זיי איבער-געגעבען אין די הענט פֿון יבין, דעם קעניג פון כנען, וואָס האָט געקעניגט אין חצור. זיין חיל-אָנפֿיהרער איז געווען סיסרא, וואָס האָט געלעבט אין חרשת הגוים. און די בני ישראל האָבען געשריען צו יהוה, ווייל ער האָט געהאַט ניין הונדערט אײַזערנע רייטוועגען, און ער האָט שטאַרק אונטערגעדריקט די בני ישראל צוואַנציג יאָהר.

און אין יענער צייט האָט דבורה, די נביאה, די ווייב פון לפידות, גע-משפט די בני ישראל. זי פֿלעגט געוועהנליך זיצען אונטערן פּאַלמען-בוים פֿון דבורה צווישען רמה און בית אל, אין די אפרים-בערג, און צו איהר פֿלעגען די בני ישראל קומען צו געריכט. און זי האָט געשיקט רופֿען ברק'ן דעם זוהן אַבינעם'ס, פון קדש, וואָס אין לאַנד נפתלי, און זי האָט צו איהם געזאָגט: „אַזוי פֿאַרזאָגט יהוה, דער גאָט פֿון ישראל: „געה, הויב זיך אויף אויפֿ'ן באַרג תבור און נעם מיט זיך צעהן טויזענט מאַן פון די בני נפתלי און די בני זבולון. און איך וועל צו דיר ברענגען צו פידרען צום קישון-טייך סיסרא'ן, דעם חיל-אָנפֿיהרער פֿון יבין און זיינע רייטוועגען און זיינע הילות און איך וועל איהם איבערגעבען אין דיינע הענט". ברק האָט צו איהר געזאָגט: „איב דו וועסט געהן מיט מיר, בין איך גרייט צו געהן". זי האָט איהם געענטפֿערט: „געהן וועל איך געהן מיט דיר, נאָר דו וועסט שוין ניט האָבען קיין כבוד אויפֿ'ן וועג, וועלכער שטעהט דיר פֿאָר, ווייל אין די הענט פֿון אַ פֿרוי וועט יהוה איבערגעבען סיסרא'ן." און דבורה האָט זיך געלאָזען און איז אַוועק מיט ברק'ן קיין קדש. ברק האָט צונויפֿגערופֿען זבולון און נפתלי קיין קדש, און עס האָבען זיך אויפֿגעהויבען נאָך איהם צעהן טויזענט מאַן, און דבורה איז געגאַנגען מיט איהם.

און חבר דער קיני האָט זיך אָפּגעטיילט פֿון קין, פון די זיהן חובב'ס, דעם שוועהער פֿון משה, און האָט צעשפּרייט זיין געצעלט ביז צום דעמבען-בוים, וואָס אין צענים נאָהענט פֿון קדש. ווען מען האָט סיסרא'ן אָנגעזאָגט,

אַז ברק, דער זוהן אבֿינעמ'ס, איז אַרויף אויפ'ן באַרג תּבֿור, האָט סיסרא אויפ־
געקליבען אַלע זיינע רייטוועגען, ניין הונדערט אייזערנע רייטוועגען, און דאָס
גאַנצע פאָלק, וואָס איז ביי איהם געווען פון חרשת־הגוים צום קישון־טייך.
און דבֿורה האָט געזאָגט צו ברק'ן: „שטעה אויף, דען עס איז אָנגעקומען
יענער טאָג, ווען יהוה וועט איבערגעבען סיסרא'ן אין זיינע הענט: יהוה אַליין
געהט דאָך פאַר דיר". און ברק איז אַראָפּ פון באַרג תּבֿור און נאָך איהם צעהן
טויזענט מאַן. און יהוה האָט צעטומעלט סיסרא'ן און אַלע זיינע רייטוועגען
און זיין גאַנצען חיל, בשעת ברק'ס אָנפאַל, און סיסרא איז אַראָפּ פון רייטוואָגען
און זיך געלאָזט לויפען צופוס. ברק האָט נאָכגעיאָגט די רייטוועגען און דעם חיל
ביז צו חרשת־הגוים, און עס איז געפאַלען אונטערן שווערד סיסרא'ס גאַנ־
צער חיל — קיינער איז ניט איבערגעבליבען.

סיסרא אָבער איז צופוס געקומען צו לויפען אין געצעלט פון יעל, דער
פרוי פון חבֿר, דעם קיני, ווייל צווישען יבֿין, דעם קיניג פון חצור און
דער פאַמיליע פון חבֿר דעם קיני איז געווען שלום. און יעל איז אַרויס
צו סיסרא'ן אַנטקעגען און האָט געזאָגט צו איהם: „קום אַריין; מיין האַר,
קום אַריין צו מיר, האָב ניט מורא!" ער איז אַריינגעקומען צו איהר אין
געצעלט, און זי האָט איהם צוגעדעקט מיט אַ דעקע. ער האָט ביי איהר גע־
בעטען: „גיב מיר אויסטרינקען אַ ביסעל וואַסער, ווייל איך בין דאָרשטיג".
האָט זי פונאַנדערגעבונדען דעם לאָגעל מיט מילך און האָט איהם אָנגעטרונ־
קען און איהם ווייטער צוגעדעקט. און ער האָט געזאָגט צו איהר: „שטעל זיך
אַנידער ביים טיר פון געצעלט, און ווען ווער עס איז וועט דיך פרעגען
און זאָגען: „איז דאָ קיינער ניטאָ?" — וועסטו ענטפערן: „ניין!" דאַן האָט
יעל, די פרוי פון חבֿר, געכאַפּט אַ פלעקעל פון געצעלט, גענומען אַ האַמער
אין האַנט, איז צו איהם צוגעגאַנגען שטיל, האָט הורכגעשלאָגען מיט'ן פלעקעל
זיין שלייף, אַזוי, אַז ער האָט זיך אַריינגעשניטען אין דער ערד. ער איז
פון מידקייט איינגעשלאָפען — און איז געהרג'עט געוואָרען.

און אָט קומט פונקט אָן ברק, וועלכער האָט זיך געיאָגט נאָך סיסרא'ן.
יעל איז אַרויסגעגאַנגען איהם אַנטקעגען און צו איהם געזאָגט: „קום אַריין,
איך וועל דיר ווייזען דעם מענשען, וועלכען דו זוכסט". ער איז אַריין צו
איהר, ערשט סיסרא ליגט אַ טויטער, און דער פלעקעל איז אין זיין שלייף.

און יענעם טאָג האָט דבֿורה און ברק, דער זוהן פון אבֿינעם, געזונגען דבורה'ס ליד.
אַזוי:

פאַר דאָס, וואָס די אָנפיהרער האָבען געפיהרט ישראל,
פאַר דאָס, וואָס דאָס פאָלק איז געגאַנגען נאָך זיי, — פאַר דאָס לויבט יהוה!
הערט צו, איהר מלכים, פאַרנעמט, איהר האַרען,
פאַר יהוה וועל איך זינגען,
כ'וועל שפּילען פאַר יהוה, דעם גאָט פון ישראל.

יהוה! ווען דו ביסט אַרויס פון שעיר,
ווען דו ביסט אַרויסגעטראָטען פון אדום־פעלד,

האָט די ערד געציטערט, און די הימלען האָבען געטריפט,
און די וואָלקענס האָבען וואַסער געגאָסען.
די בערג האָבען זיך געטריגט פאַרן געזיכט פון יהוה [דאָס איז דער סיני],
פאַרן געזיכט פון יהוה, דעם גאָט ישראלס.

אין די טעג פון שמגר [דעם זוהן פון ענת, אין די טעג פון יעל] זיינען
געוועזן וויסט די וועגען,
און די וועג-געהער זיינען איבער קרומע שטעגען געגאַנגען,
און ס'האָבען איפגעהערט די אַרבייטען פון די ישראלשע דאָרפס-לייט.
ביז איפגעשטאַנען בין איך, דבורה,
ביז איפגעשטאַנען בין איך, אַ מוטער פאַר ישראל.

. . . . . . . . .

קיין שילד, קיין שפיז האָט מען ניט געזעהן
צווישען פערציג טויזענט אין ישראל.
מיין האַרץ איז מיט די אָנפיהרער פון ישראל,
מיט זיי איז דאָס פאָלק פאַר איינס. לויבט יהוה!
איהר, וואָס רייט אויף די ווייסע אייזעלינס,
וואָס זיצט אויף די טעפיכער און וואָס געהט אין וועג, זינגט!

. . . . . . . . .

דערוועק זיך, דערוועק זיך, דבורה,
דערוועק זיך, דערוועק זיך, זינג דאָס ליד.
שטעה אויף, ברק, און פאַנג דיין פאַנג, דו זוהן אבינעמ'ס.

דעמאָלט זיינען זיך צונויפגעקומען די צעשפרייטע צו די אָנפיהרער,
דאָס פאָלק פון יהוה איז ווי אַ העלד געקומען איהם צו הילף;
פון אפרים האָבען זיי זיך אַראָפגעלאָזט אין טאָל,
נאָך דיר — בנימין מיט זיינע מתנות.
פון מכיר זיינען געקומען די עלטסטע
און פון זבולון — די, וואָס האַלטען די אָנפיהרער-רוט.
און די האַרען פון יששכר — מיט דבורה'ן.
און ווי יששכר, אַזוי אויך ברק,
צופוס האָט ער אין טאָל זיך געלאָזען.

ביי די משפחות פון ראובן האָט מען זעהר לאַנג געקלערט.
וואָס זיצסטו צווישען די לאָנקעס,
צוהערענדיג די שפילערייי צווישען די סטאַדעס?
ביי די משפחות פון ראובן איז געווען אַ לאַנגע בעטראַכטונג.

גלעד איז געבליבען הינטער'ן ירדן,
און דן — ער לאָזט זיך ווייט אויף די שיפען.

אָשר איז געזעסען שטיל איפּ'ן ברעג פון ים
און איז רוהיג ביי זיינע האַפענס פאַרבליבען,
זבולון איז אַ פאָלק, וואָס האָט זיך איבערגעגעבען דעם טויט,
און נפתלי — אויף די הויכענישען פון די פעלדער.

עס זיינען אָנגעקומען די מלכים, האָבען געשטריטען,
דעמאָלט האָבען דאָס געשטריטען די כנענישע מלכים,
ביי תענך, ביי די מגדו־וואַסערן,
נאָר קיין זילבער־רויב האָבען זיי ניט גענומען.
פון הימעל האָבען די שטערן געשטריטען,
פון זייערע וועגען האָבען זיי געשטריטען מיט סיסרא;
דער טייך קישון האָט זיי פערשווענקט,
דער אַלט־בערימטער טייך, דער טייך קישון!
דערוועק זיך, מיין גייסט, מיט קראַפט!

דאַן האָבען די פערד־טריט די ערד געשלאָגען בשעת'ן לויפען,
בשעת'ן לויפען פון זייערע העלדען,

שילט מרוז! האָט געזאָגט דער מלאך יהוה'ס,
שילט איהרע איינוואוינער,
דערפאַר וואָס זיי זיינען ניט געקומען צו הילף יהוה,
צו הילף יהוה צווישען די גבורים!

זאָל געבענשט זיין צווישען די פרויען יעל,
די פרוי פון חבר דעם קיני!
וואַסער האָט ער געבעטען, — מילך האָט זי איהם דערלאַנגט,
אין אַ פרעכטיגען בעכער האָט זי איהם דערלאַנגט פעט־מילך.
איהר האַנט האָט זי צום פלעקעל אויסגעשטרעקט,
און איהר רעכטע צום אַרבייטס־האַמער.
זי האָט אַ קלאַפּ געגעבען סיסרא'ן, צעשלאָגען זיין קאָפּ,
צעשפּאָלטען און דורכגענומען זיין שלייף.
[צו איהרע פיס האָט ער זיך אַראָפּגעבויגען און געלעגען,]
צו איהרע פיס האָט ער זיך אַראָפּגעבויגען, געפאַלען,
וואו ער האָט זיך אַראָפּגעבויגען, דאָרטען איז ער געבליבען ליגען אַ צעשלאָגענער.

הינטער פענסטער, קיקט און סרופט אויס
די מוטער סיסרא'ס דורך דער גראַטע:
— פאַרוואָס זאַמט זיך אַזוי זיין רייטוואָגען?
פאַרוואָס הערט מען ניט אַזוי לאַנג די טריט פון זיינע פערד?

די קלײנסטע פֿון איהרע האַרענטעס ענטפֿערט איהר,
און זי אַליין חזר'ט איבער איהרע ווערטער:
— געוויס האָבען זיי שוין געפֿונען און טיילען די רויב,
צו אַ פֿרוי, צו צוויי פֿרויען אויף יעדען קריגס-מאַן,
רויב פֿון פֿאַרביגע קליידער פֿאַר סיסרא,
רויב פֿון פֿאַרביגע קליידער, פֿילפֿאַרביגע,
אַ פֿאַרביגס געוועב, צוויי קאָלירטע טיכער איפ'ן האַלז פֿון דער מלכּה.

אַזוי זאָלען צו גרונד געהן אַלע דיינע פֿיינד, יהוה,
די אָבער, וואָס ליבען דיך — זאָלען זיין גלייך, ווי די זון,
וואָס געהט אויף אין איהר פּראַכט.

————

מיכה פון שבט אפרים בויט א גאָטס-היוז.

עס האָט געלעבט אין די אפֿרים-בערג אַ מענש מיט'ן נאָמען מיכה. ער האָט געזאָגט צו זיין מוטער: „די טויזענט און הונדערט שקלים, וועלכע מען האָט ביי דיר צוגענומען און פֿאַר וועלכע דו האָסט אַרויסגערעדט אַ קללה פֿאַר מיינע אויערן, זיינען ביי מיר, איך האָב זיי גענומען“. זיין מוטער האָט געזאָגט: „זאָל יהוה דיך בענשען, מיין זוהן“. און ער האָט אומגעקעהרט



בילד 6. אַ קליינער סעמיטישער (פעניקישער) טעמפעל פון ליים אויפ'ן אינזעל קיפּראָס. פאר'ן ארייננאנג צוויי קאָלאָנעס מיט קעפּלעך אין דער געשטאַלט פון לאָטאָס-בלומען. אינעווייניג אַ פיגור פון אַ פויגעל מיט אַ ווייבערשען קאָפּ.

זיין מוטער די טויזענט און הונדערט שקלים זילבער. און די מוטער האָט געזאָגט: „דאָס זילבער וועל איך הייליגען פֿאַר יהוה, און אָפּזאָגען זיך פֿון איהם צום נוצען פֿון מיין זוהן. לאָז מען פון איהם מאַכען אַ געשניצט און איינגעגאָסען בילד“ (פּסל ומסכה). אַזוי האָט ער אָפּגעגעבען דאָס זילבער

דער מוטער. און זיין מוטער האָט גענומען צוויי הונדערט שקלים און זיי אָפּגעגעבן דעם גיסער. ער האָט געמאַכט פֿון זיי אַ נעגאָסען און אַ גע־שניצט בילד. עס איז אַוועקגעשטעלט געוואָרען אין מיכה'ס הויז, און עס איז געוואָרען ביי מיכה'ן אַ גאָטס־הויז (זעה בילד 5). און ער האָט געמאַכט אַן אפוד* און תרפים (בילד 6) און האָט בעשטימט איינעם פֿון זיינע זיהן פֿאַר אַ כהן. אין יענער צייט איז ניט געווען קיין קיניג אין ישראל. יעדערער האָט געטאָן אַלץ, וואָס איהם איז געפֿעלען.

און עס איז געווען אַ יונגער מענש פֿון בית לחם אין יהודה־לאַנד, פון שבט יהודה. ער איז געווען אַ לוי און האָט דאָרטען געלעבט ווי אַן אָנגעקומענער. האָט דער מענש איז אַוועק פֿון בית לחם, כדי צו לעבען, וואו עס וועט זיך מאַכען, און איז אויפ'ן וועג געקומען אין די אפרים־בערג אין מיכה'ס הויז. ער האָט געזאָגט צו איהם: „איך בין אַ לוי פֿון בית לחם אין יהודה־לאַנד, און איך געה זיך בעזעצען, וואו עס וועט זיך מאַכען". און מיכה האָט גע־זאָגט צו איהם: „שטעל זיך אָפּ ביי מיר און זיי מיר אַ פֿאָטער און אַ כהן. איך וועל דיר געבען צו צעהן שקלים זילבער אַ יאָהר, די נויטיגע קליידונג און קעסט". און דער לוי איז מרוצה געוואָרען צו בלייבען ביי דעם מענשען.


בילד 6. קליינע הויז־געצען (תּרפים).

און דער יונגער מענש איז ביי איהם געווען ווי זיינער אַ זוהן. און מיכה האָט בעפֿול־מעכטיגט דעם לוי, און דער יונגער מענש איז געוואָרען ביי איהם אַ כהן און איז גע־בליבען אין מיכה'ס הויז. און מיכה האָט געזאָגט: „איצט בין איך זיכער, אַז יהוה וועט מיר זיין צו הילף, וויל פֿאַר אַ כהן איז ביי מיר געוואָרען דער לוי**.

דער שבט דן זוכט פאר זיך א נחלה.

אין יענער צייט איז ניט געווען קיין קיניג אין ישראל. און אין יענער צייט האָט דער שבט דן זיך געזוכט אַ נחלה, וואו זיך צו בעזעצען, וויל ביז דאַן איז איהם ניט אויסגעפֿאַלען קיין נחלה צווישען די ישראל'שע שבטים. און האָט האָבען די בני דן געשיקט פֿון זייער משפחה פינף שטאַרקע מענער פֿון צרעה און פֿון אשתאל אויסצוזעהן דאָס לאַנד און צו דערגעהן וועגען איהם, און זיי האָבען געזאָגט צו זיי: „געהט און זעהט אויס דאָס לאַנד". און זיי זיינען געקומען פֿון אפרים־באַרג צו מיכה'ס הויז און זיינען דאָרטען געבליבען איבער דער נאַכט. ווען זיי זיינען געווען ביי מיכה'ס הויז, האָבען זיי דער־

* זעה די בעמערקונג אויף זייטע 52. עס איז מעגליך, אַז דער נאָמען „אֵפוד" האָט צוויי בעדייטונגען. אחוץ א הייליגען צודעק אָדער מענטעלע, קאָן מען פארשטעהן אונטערן נאָמען „אפוד" אויך א בילד, וואָס איז צוגעדעקט מיט בלעטערדיגען גאָלד און זילבער (אֲפֻדָּה אין ישעיהו ל, 22); פאַרגלייך, אַשטייגער, שופטים ח, 27.

** „לויים"—האָבען זיך אין די עלטסטע צייטען גערופען אין ישראל פּראָפעסיאָנעלע בעדינער, וועלכע האָבען זיך איינגאַנצען אָפּגעגעבען דער הייליגער בעשעפטיגונג. זיי האָבען געקאָנט געהערען צו דעם אָדער צו יענעם שבט. דער לוי, וואָס וועגען איהם רעדט זיך דאָ, איז געווען, אַשטייגער, פון שבט יהודה.

קענט דעם קול פון דעם יונגען מענש, דעם לוי; זיי זענען אַריינגעקומען אַהינצו און געפרעגט ביי איהם: „ווער האָט דיך געבראַכט אַהער? וואָס טוסטו דאָ און צו וואָס ביסטו דאָ?“ ער האָט געזאָגט צו זיי: „אַזוי און אַזוי האָט געטאָן מיכה; ער האָט מיך געדונגען און איך בין ביי איהם געוואָרען אַ כהן“. זיי האָבען איהם געבעטען: „פרעג ביי גאָט און לאָמיר וויסען, צי וועט זיין מיט גליק דער וועג, וואָס מיר וועלען גיין“. דער כהן האָט געזאָגט צו זיי: „געהט בשלום, דער וועג, וואָס איהר וועלט געהן, איז געפעלען יהוה“. און עס זיינען אַוועק יענע פינף מענער, זיי זיינען געקומען קיין ליש, האָבען דערזעהן, אַז דאָס דאָרטיגע פאָלק לעבט רוהיג, אויפ׳ן שטייגער פון די צידונים, שטיל און פרידליך, ניט ליידענדיג קיין נויט און קיין זאַך, וואָס עס איז דאָ אויף דער ערד און פאַרמעגענדיג מותרות. פון די צידונים האָבען זיי געלעבט ווייט, און מיט אַרם האָבען זיי ניט געהאַט קיין געשעפטען. און זיי האָבען זיך אומגעקעהרט צו זייערע ברידער קיין צרעה און אשתאל, און זייערע ברידער האָבען צו זיי געזאָגט: „מיט וואָס זייט איהר געקומען?“ זיי האָבען געענטפערט: „שטעהט אויף, און לאָמיר געהן אויף זיי; מיר האָבען געזעהן דאָס לאַנד, עס איז אמת גוט. איהר קווינקעלט נאָך? ניט פאַרציהט! געהט און נעמט יענעס לאַנד! ווען איהר וועט קומען אַהין, וועט איהר געפינען אַ זאָרגלויז פאָלק, און דאָס לאַנד האָט זיך דאָרטען צעשפרייט אויף אַלע זייטען. יאָ, גאָט האָט עס איבערגעגעבען אין אונזערע הענט. דאָס איז אַן אָרט, וואו עס פעהלט גאָרנישט פון אַלצדינג, וואָס עס איז דאָ אויף דער ערד“.

די מלחמה־ארויסטרעטונג פון די בני דן; די בערויבונג פון מיכה׳ס גאָטס־הויז.

און עס האָבען זיך פון דאָרטען געלאָזען 600 מאַן פון דער משפחה פון דן, פון צרעה און אשתאל, בעוואָפענטע מיט מלחמה־געוועהר. זיי זיינען אַוועק און אויסגעשטעלט זייער לאַגער אין קרית יערים, אין לאַנד יהודה. דעריבער הייסט יענער אָרט נאָך ביז היינט דער לאַגער פון דן, — הינטער קרית יערים. פון דאָרטען האָבען זיי זיך געלאָזען אין די אפרים־בערג אַריין און זיינען געקומען ביז׳ן הויז פון מיכה. און די פינף מענער, וואָס זיינען געגאַנגען אויסזעהן דאָס לאַנד, האָבען זיך געווענדעט צו זייערע ברידער און געזאָגט צו זיי: „ווייסט איהר דען, אַז אין איינעם פון די היזער איז דאָ אַן אפוד, תרפים, אַן אויסגעשניצט און אויסגעגאָסען בילד? און אויב אַזוי, בעטראַכט, וואָס האָבען מיר צו טהון“. און זיי האָבען זיך אָפּגעקעהרט אַהין, זיינען אַריין אין הויז פון דעם יונגען מענשען דעם לוי, אין מיכה׳ס הויז, און האָבען איהם געפרעגט, וואָס מאַכט ער. די זעקס־הונדערט בעוואָפענטע בני דן האָבען זיך געשטעלט בייס טויער, און יענע פינף מענער, וואָס זיינען געגאַנגען אויסזעהן דאָס לאַנד, זיינען אַוועק, זיינען אַריין אַהינצו, האָבען גענומען דעם אפוד און די תרפים און דאָס אויסגעשניצט און אויסגעגאָסען בילד. דער כהן האָט זיי געפרעגט: „וואָס טוט איהר?“ זיי האָבען איהם געזאָגט: „שווייג, לעג צו די האַנט צו דיין מויל, קום מיט אונז און זיי אונז אַ פאָטער און אַ כהן. צי איז דיר בעסער צו זיין אַ כהן אין הויז פון אַן איינצעלנעם מענשען אָדער צו זיין אַ כהן אין אַ שבט און אַ משפחה פון ישראל?“ דער

כּהן האָט זיך דערפרעהט, האָט גענומען דעם אפוד, די תּרפים און דאָס איינגעשניצטע בילד און איז אַוועק מיט אַלעמען. זיי האָבען זיך פאַרקעהרט זייערע אַוועק און האָבען אַוועקגעשיקט די פיך און די וועגענער פאָראויס. זיי זענען שוין געווען אויף אַ גרויסען שטח פון מיכה'ס הויז, יוען די איינ־וואוינער פון די הייזער, וואָס אין שכנות מיט מיכה'ס הויז, האָבען זיך איינ־געקליבען און זיך געלאָזט יאָגען נאָך די בני דן און האָבען זיי נאָכגעשריען. און די בני דן האָבען זיך אַ קעהר געטאָן און געזאָגט צו מיכה: „וואָס איז מיט דיר? וואָס האָסטו אויפגעקליבען דאָס פאָלק?" ער האָט געזאָגט: „דעם גאָט, וועלכען איך האָב זיך געמאַכט, און דעם כּהן האָט איהר בּיי מיר צוגענומען און זייט אַוועק. וואָס בּלייבּט דען בּיי מיר? און איהר פרעגט נאָך: וואָס איז מיט דיר?" — די בני דן האָבען געזאָגט צו איהם: „מיר זאָלען מעהר ניט הערען דיין קול, ווען ניט וועלען צאָרניגע מענשען אָנפאַלען אויף אייך, און דאַן וועט פון דיר און פון דיין פאַמיליע גאָרנישט ניט איבּער־בּלייבען". און די בני דן זיינען אַוועק אין זייער וועג. מיכה אָבער, זעהענדיג, אַז זיי זענען שטאַרקער פון איהם, איז אַוועק צוריק און האָט זיך אומגע־געקעהרט אין זיין הויז.

דער היילינגטום אין דן.

און זיי האָבען גענומען דעם גאָט, וועלכען מיכה האָט געמאַכט, און דעם כּהן, וועלכער איז געווען בּיי איהם, און זיינען געקומען קיין ליש, צו אַ רוהיגען און זאָרגלויזען פאָלק, האָבען איהם צעשלאָגען הרכ'ן שווערד און די שטאָדט איבּערגעגעבען דעם פייער. און עס איז ניט געווען קיינער, וועלכער זאָל העלפען, ווייל זי איז ווייט פון צדון און מיט אָרם האָט זי ניט גע־האַט קיין געשעפט; זי האָט זיך געפונען אין טאָל, וואָס בּיי בּית רחוב. דער־נאָך האָבען זיי אויפגעבּויט די שטאָט, און האָבען זיך בּעזעצט אין איהר, און האָבען זי אָנגערופען — דן, נאָכ'ן נאָמען פון זייער פאָטער דן, דעם זוהן פון ישראל. און פריהער האָט זיך די שטאָט גערופען ליש. און די בני דן האָבען אַוועקגעשטעלט בּיי זיך דאָס געשניצטע בּילד און יונתן דער זוהן פון גרשון, דעם זוהן פון משה, ער און זיינע זיהן זיינען געווען כּהנים בּיים שבט דן בּיז דער צייט, ווען די בני ישראל זיינען פאַרטריבּען געוואָרען פון יע־נעם לאַנד. און עס איז בּיי זיי געשטאַנען דאָס געשניצטע בּילד, וואָס מיכה האָט געמאַכט, די גאַנצע צייט, וואָס דאָס גאָטס־הויז האָט זיך געפונען אין שילה.

שופטים 1, 4—5, 17—18.

## XII די אַנטשטעהונג פון דער קיניגליכער הערשאַפט בּיי די בּני ישראל און איהר כאַראַקטער.

דער איבּערגאַנג צו ערד־אַרבּייט און די ענטשטע־הונג פון קיניג־טום.

די ענטשטעהונג פון פאָלקס־קיניגטום בּיי די בני ישראל קאָן מען אין פולג דערקלערען שוין דורך דעם אַליין, וואָס זיי זיינען איבּערגעגאַנגען פון אַ וואַנדער־לעבען צו דער בּעשעפטיגונג מיט ערד־אַרבּייט; ווייל די אינעווייניגסטע אָרדענונג, וואָס איז בּעשטאַנען בּיי דעם וואַנדער־שבט בּשעת זיין אָנקומען אין לאַנד, איז פאַר קיין פאַל ניט געווען צוגעפאַסט צו די אַל־טעגליכע בּעדערפענישען פון אַן ערד־אַרבּייטער־בּעפעלקערונג.

די אינעוויינ־יגסטע אָרדענונג ביי די וואַנדער־שבטים.

נאָך ביי היינטיגען טאָג זעהען מיר, וואָס פֿאַר אַן אינעוויינגסטע אָר־דענונג עס בעשטעהט ביי די שמיישע וואַנדער־שבֿטים, די בעהאינער אין סוריא און אין מעסאָפּאָטאַמיען, — יעדער שבֿט צעפֿאַלט איף אַ גרויסער צאָהל איינ־צעלנע משפּחות, וואָס איטליכע פון זיי בעזאָרגט איהרע ענינים פאַר זיך. ווע־גען די אַלגעמיינע בעדערפֿענישען פֿון שבֿט זאָרגען די עלטסטע פֿון די משפּחות (ביי אונז אַמאָל די ראשי בית אָבֿ). בעזונדערס וויכטיגע פֿראַגען, וועלכע בע־רידערן טיף די אינטערעסען פֿון דעם גאַנצען שבֿט, ווערען בעטראַכֿט און גע־געלייזט דורך דער פֿאַרזאַמלונג פֿון אַלע וואָפֿען־פֿעהיגע מענער פֿון שבֿט. זיי בעשליסען שטענדיג וועגען שלום און מלחמה; און ווי נאָר זיי דריקען אויס זייער ווילען צו פֿאַרגיסען זייער בלוט פֿאַר די הצטרכֿות'ען פֿון שבֿט, ווערט באַלד פֿון דער פֿרעהליכער פֿאַרזאַמלונג אַ קעמפֿענדיגער היל. אָבער איך איינציגע פֿאַמיליעס אָדער חלקים פֿון שבֿט האָבען דאָס רעכֿט און די פֿרייהייט אַריינצולאָזען זיך אין אַ מלחמה מיט זייערע איסוויינסטע שונאים, ווען דאָס פֿאַרלאַנגט נאָר זייער מצבֿ. דאָס רעכֿט פֿון יעדען איינציגען חבֿר פֿון שבֿט ווערט אָפּגעהיט און געשיצט דורך די דורות לאַנגע מנהגים אין מהות, זיין לעבען — דורך דער בלוט־נקמה, וועלכע ווערט בעטראַכֿט ווי אַ מצוה און אַ הייליגער חובֿ פֿון געטריישאַפט און ברידערליכֿקייט.

אַזאַ מין סדר איז איפּ'ן בעסטען שטייגער צוגעפּאַסט צו די בעדער־פֿענישען פֿון אַ וואַנדער־שבֿט. ער גיט דעם שבֿט די ברירה צווישען שלום און מלחמה און נעמט ניט צו ביי די יהידים זייער פֿרייהייט און בעוועגליכֿקייט, צו וועלכֿער זיי זיינען געוועהנט. די בעדערפֿענישען פֿון ערד־אַרבייטער בע־פֿרידיגט אָבער אַזאַ סדר לגמרי ניט: ווייל דער ערד־אַרבייטער איז צוגעבונדען צו דער קרקע; ער בעדאַרף ניט, ווי דער וואַנדערער, אַלע וויילע און גיך בייטען זיין וואוינונגס־אָרט. ער הענגט אָפּ פון זיין נחלה און קאָן ניט אַזוי לייכֿט, ווי דער וואַנדערער, אָפּזאָגען זיך פון איהר, מקריבֿ זיין זיינע אייגענע אינטערעסען לטובֿת הכלל. פֿון דער אַנדער זייט לעבט ער מעהר אָפּגעזונדערט פון זיינע חבֿרים און ניט אַזוי לייכֿט און גיך בעקומט ער הילף פֿון זיינע שכֿנים און דאָרפֿס־לייט, ווי עס בעקומט זי דער וואַנדערער מצד די מיטגלידער פֿון זיין שבֿט.

דאָס אַליין האָט אַ גרויסע בעדייטונג בשעת אַן אָנפֿאַל פֿון פֿיינדלי־כֿע שכֿנים. דער וואַנדער־שבֿט, ווען אַפֿילו ער וואַנדערט אין משך פֿון יאָה־רען איף אַן אומבעגרעניצטען שטח, דאָך קאָן ער אין אַ טאָג פֿון סכנה זיך לייכֿט איפּקלייבען אין איין געשלאָסענער מחנה. זיין גאַנץ פֿערמעגען, וואָס איז אַזוי בעוועגליך, ווי ער אַליין, קאָן לייכֿט אין משך פֿון איינ־יגע מי־נוטען אָנגעלאָדען ווערען איף די קעמלען און בעהאַלטען ווערען. אַן איבער־פֿאַלענע מחנה קאָן דעריבער גיך זיין גרייט צו מלחמה און מיט כלי־זין אין דער האַנט בעגעגענען דעם שונא; און ווען אַפֿילו עס שטעלט זיך אַרויס, אַז דער לעצטער איז שטאַרקער פֿון איהם, האָט ער דעם פֿרייען וועג צו אַנטלויפֿען: זיין גאַנצע גוטס טראָגט ער מיט זיך.

געוועהנליך קאָנען זיינע סטאַדעס ביי איהם אָפּגעהיטעט ווערען, אָבער

אין משך פון דער מלחמה קאָן ער דעם אָנוועהר צוריק אָפּנעמען אָדער ער קאָן פֿון זיין זייט בעפאַלען אַ צווייטען שבֿט אין אַוועקפֿירען זיין שאָף. חעריבער זעהען די מלחמות פֿון די וואַנדער־שבֿטים גיכער אויס ווי קליינע איבערפאַלען און געשלעגערייען. און עס איז זעהר שווער אַ וואַנדער־שבֿט אינגאַנצען צו צעשלאָגען; זיינע צעריסענע און צעזייטע טיילען פעראייניגען זיך ווייטער, היילען זיך אויס פֿון די בעקומענע קלעפּ, וואַקסען אויס און ווערען ווידער אַ נייע סכנה פֿאַר זייערע בעזיגער. דאָס קאָן מען ריכטיגער פון אַלץ זעהן פון דער געשיכטע פֿון דעם שבֿט עמלק.

די לעבענס־בעדרפעניסען פֿון אַן ערד־ארבייטער־שבט.

גאַנץ אַנדערש קומט דאָס פאָר ביי די ערד־אַרבייטער. הן זעהן זיי לעבען ווי יחידים, הן ווען זיי בעזעצען זיך גאַנצע דערפערווייז, איז זייער שווערסטער און וויכטיגסטער חובֿ צו פאַרטיידיגען זייער פאַרמעגען. אַנטלויפֿט דער ערד־אַרבייטער, פאַרלירט ער אַלץ, ווערט ער פאַרטריבען, ווערט זיין גאַנצער קיום צעשטערט. זיינע גיטער קאָן ער ניט אַזוי לייכט צוזאַמענעמען, זיינע חבֿרים קאָן ער ניט אַזוי גיך צונויפֿקלייבען, כּדי זיך מיט פאַראייניגטע כּחות צו פֿאַרטיידיגען. ניט שטענדיג קאָנען זיי איהם באַלד קומען צו הילף. יעדערער פון זיי דאַרף קודם כּל פאַרטיידיגען זיין אייגענעם הויף, זיין פֿעלד און זיין נחלה, וועלכע זיינען איהם נעהנטער און טייערער פֿון דעם שכנ'ס נחלה און פֿעלד. ווען עס קומט דעריבער אָן גיך און ניט געריכטעהייד אַ פרייע מחנה וואַנדערער, ווערט דער פייער דורך איהר אויסגעריבט, איידער מען קומט איהם צו הילף. און פֿאַר אַ קורצער צייט איז שוין דער וואַנדער־שבֿט ווידער פערשוואונדען, איידער מען דאַט נאָך צייט געדאַט צונויפצושטעלען אַ מחנה, וועלכע זאָל איהם נאָכיאָגען. מיט זיך האָט ער אָבער שוין אויך אַוועקגענומען די תּבֿואה פֿון די פעלדער און אַוועקגעטריבען די סטאַדעס שאָף.

אין ווען נאָר אַ גרויסער וואַנדער־שבֿט לאָזט זיך אויף אַזעלכע אָנפאַלען, קאָן ער לייכט איסרויבען אַ גאַנצע געגענד און דורך אַן אומערוואַרטעטען אָנפֿאַל אומברענגען אַ גאַנצע שטאָט. אויב ביים ערדאַרבייטער־פאָלק, וואָס וואוינט אין שכנות פֿון אַ וואַנדער־שבֿט, בעשטעהט אַ פאַטריאַרכאַלער סדר, וועט ער קיינמאָל ניט קאָנען לעבען גאַנץ זיכער און אין בעסטען פֿאַל וועט ער זיך מוזען קויפען די זיכערקייט דורך אַ דערנידעריגענדען צינס. זיין שוואַכקייט און הילפלאָזיגקייט רייצט נאָך מעהר די יוגענד פון וואַנדער־שבֿט צו ווייטערדיגע אָנפֿאַלען, און דערהויפּט ציהט זיי צו זיך דאָס ברויט פון די פֿעלדער, וואָס איז שטענדיג אין דוחק ביי וואַנדערער.

די לאגע פון די בני ישראל.

אין אַזאַ לאַגע זיינען געווען אויך די בני ישראל, וועלכע האָבען פֿון דרום־און מזרח־זייט געוואַט אין שכנות וואַנדערנדיגע שבֿטים. אין דעריבער האָט שוין דער איבערגאַנג צו דער ערד־אַרבייט במילא געמוזט פֿיהרען צו אַ נייעס, זיכערן געזעלשאַפטליכען סדר, צו דעם שבֿט־קיניגטום, צו דער פאַראייניגונג פון גאַנצען שבֿט אונטער דער פיהרונג פֿון אַ מעכטיגער און געניטער פערזענליכקייט. און אין דער אמת'ן זעהען מיר, ווי די הערשאַפט פון ירובעל אין עפרה און דער פֿאָלקס־קיניגטום פֿון שאול שטעהען אין אַן ענגען צוזאַמענהאַנג מיט אַזעלכע אָנפאַלען.

נאָר דאָס זיינען געווען ניט מעהר ווי צוויי איינצעלנע ערשיינונגען אין פאָלקס־לעבען, און זיי ווערען איינגעשלונגען צווישען די פערשיידענאַרטיגע שטרעבונגען און בעוועגונגען. עס איז דעריבער קיין ספק ניט, אַז אין געזעלשאַפטליכען לעבען זיינען געווען נאָך וויכטיגע סבות, וועלכע האָבען אויך פון זייער זייט געפיהרט צו דער ענטשטעהונג פון קיניגטום. די היסטאָרישע לאַגע, וועלכע האָט גורם געווען, אַז עס זאָל געבוירען ווערען דער קיניגטום, איז געווען אַ בעזונדערס שווערע.

די ישראלשע איינוואַנדערער האָט זיך ניט איינגעגעבען איינצונעמען דעם גאַנצען שטח צום מערב־זייט פון ירדן. נאָך די ערשטע גלענצענדע מלחמות, וואָס דורך זיי איז איינגענומען געוואָרען דאָס לאַנד, איז אָנגעקומען די צייט פון צוריקשטויסונג. די אַלטע איינוואוינער פון לאַנד האָט זיך איינגעגעבען אָפּצונעמען צוריק איינציגע נחלאות. די ישראלשע שבטים, וועלכע זיינען געווען צעזייהט איבער אַ גרויסען געאָגראַפישען שטח און פּאָליטיש צווישען זיך ניט פעראייניגט, זיינען געווען געצוואונגען נאָר צו פאַרטיידיגען זיך קעגען זייערע אָנפאַלער. אַלע אָנפאַלען פון די וואַנדער־פעלקער אויף די ישראלשע נחלאות זיינען בעצם געווען ניט אַנדערש, ווי נסיונות צו פערנעמען אויף דאָס ניי דעם מערב־זייט פון ירדן. פון מזרח־זייט רייסען זיך אַריין אין תחום פון לאַנד די העבּרעאישע שבטים עמון און מואָב, פון מערב־זייט פרובט זיך דאָס מלחמה־פאָלק, די פלשתים, ישראל'ן צו אונטערדריקען.

אין אַזאַ שווערער און קריטישער צייט איז דער אַלטער פאַמיליען־סדר ניט מעהר בכח צו העלפען דעם פאָלק, און די איינהייט פון דער אמונה איז נאָך וועניג, כדי זי זאָל דאָס פאָלק קאָנען אויף לאַנג פאַרבינדען צו איינהייטליכע מעשים. דעם פאָלק האָט געפעהלט אַ געניטער, פּראָפעסיאָנעלער פיהרער, וועלכער זאָל קאָנען אין נאָמען פון איין גרויסען מלוכה־ציל אויפזאַמלען און פעראייניגען אַלע קריגס־כחות פון פאָלק אָפּט אויך קעגען די קליינע אינטערעסען פון די איינציגע משפחות.

עס איז דאַן פאָרגעקומען אין ישראל אַ גאַנצע שורה פון נאַציאָנאַלע בעוועגונגען, וועלכע האָבען געפיהרט צום זעלבען ציל, געהאַט דעמזעלבען פועל יוצא. זיי האָבען זיך אָנגעהויבען אין צפון־לאַנד און זיך פון דאָרטען פאַרשפרייט איבערן דרום, און זיך מיט יעדען טאָג געשטאַרקט און ענטוויקעלט. די ערשטע בעוועגונג, וואָס וועגען איהר ווערען מיר געוואָהר, קומט אַרויס פון יששכר, און איהרע אָנפיהרער זיינען דבורה און ברק, וואָס זיי גיט זיך איין צו פעראייניגען צו אַ מוטיגען ווידערשטאַנד כמעט אַלע שבטים, וואָס אויפ'ן מערב־זייט פון ירדן. זי געהט אָבער פאַרביי אָהן צו בעשאַפען אַ שטענדיגען שבט־קיניגטום. די צווייטע בעוועגונג קומט אַרויס פון מנשה (ירובעל)*, זי שאַפט אַ שבט־קיניגטום, וואָס בלייבט בעשטעהן אין משך פון

* אויספיהרליך וועגען דעם פרוב צו שאפען אין ישראל א מלוכה־מאכט, וואָס זאָל איבער־געהן בירושה פון פאָטער צום זוהן, דערצעהלען אונז די קאפּיטלען 6—9 פון בוך שופטים. פונקט ווי שפּעטער ביי שאול'ן (זעה שמואל א' קאפּיטעל י"א), האָט אויך גדעונ'ען (ירובעל'ן) געדינט פאַר אַן ערשטען יסוד צו זיינע נסיונות צו פאַרנעמען די מלוכה דאָס, וואָס איהם

צוויי דורות, אָבער נאָך אַלץ ניט קיין פֿאָלק־קיניגטום. דאָס לעצטע הערט געשאַפֿען ערשט דורך דער דריטער נאַציאָנאַלער בּעוועגונג, וועלכע קומט אַרויס פֿון בּנימין און געדויערט נאָר אַ משך פֿון צוויי דורות (שאול, איש־בּעל). די וויכטיגסטע און שטאַרקסטע בּעוועגונג איז די פֿערטע, וועלכע געהט אַרויס פֿון יהודה (דוד), אין וואָס דורך איהר ווערט דערגרייכט דער העכסטער פּונקט פֿון די בּעוועגונגען. שוין בּיי דעם דריטען דור פֿון דער יהודה'שער דינאַסטיע הויבּט זיך אָן ווידער די ירידה. דער מיטעלפּונקט פֿון דער מדינה איז צו וויט נאָך דרום אַריבּערגעטראָגען געוואָרען (ירושלים), דער נאַציאָנאַלער קערפּער פֿערלירט זיין גלייכגעוויכט און ווערט צעבּראָכען. די צעשפּאַלטונג פֿון דער מלוכה אין צוויי ניט גלייכע טיילען דערנעהנטערט זי צו איהר אונטערגאַנג.

B. Stade.—Geschichte des Volkes Israel I, 1889.

## XIII. די תּנ"ך־ערצעהלונגען וועגען דער מלחמה מיט די פּלשתּים און וועגען שאול'ס אַרויפֿטרעטען אויפֿן מלוכה־שטול.

דער נצחון פֿון די פּלשתּים. דער אָרון יהוה'ס אין לאַנער פֿון די בּני ישראל.

און די פּלשתּים האָבּען זיך אויפֿגעקליבּען מלחמה צו האַלטען מיט די בּני ישראל. און ישראל איז אַרויסגעטראָטען אַנטקעגען די פּלשתּים אויף מלחמה און האָט צעשפּרייט זיין לאַגער בּיי אבן־עזר, און די פּלשתּים האָבּען גערוהט בּיי אַפֿק. און עס האָבּען זיך די פּלשתּים אויסגעשטעלט אַנטקעגען ישראלין. די געשלעג האָט זיך צעשפּילט, און די בּני ישראל זיינען צעשלאָגען געוואָרען דורך די פּלשתּים, וועלכע האָבּען אַוועקגעלעגט אויפֿ'ן פֿעלד בּערך פֿיר טויזענט מאַן. ווען דאָס פֿאָלק האָט זיך אומגעקעהרט אין לאַגער אַריין, האָבּען די זקנים פֿון ישראל געזאָגט: „פֿאַרוואָס האָט יהוה געלאָזען די פּלשתּים אונז היינט דערשלאָגען? לאָמיר נעמען פֿון שילה דעם אָרון פֿון אונזער גאָט*, און ער וועט זיין צווישען אונז און וועט אונז ראַטעווען פֿון אונזערע פֿיינד". און דאָס פֿאָלק האָט געשיקט קיין שילה, און מען האָט געבּראַכט פֿון דאָר־

האָט זיך איינגעגעבּען אָבּשלאָגען דעם פֿיינדליכען אָנפֿאַל פֿון די מדינים. די מלוכה־מאַכט האָט זיך אָבער ניט לאַנג געהאַלטען אין ירובעלס משפּחה, און שוין זיין זוהן אבימלך איז נאָך אַ דריי־יאָהריגער מלוכה איבּער ישראל (זעה: שופטים ט, 22) געפֿאַלען פֿאַר אַ קרבּן פֿון די אינעווייניגסטע חלוקי־דעות. מיט איהם איז אונטערגעגאַנגען די משפּחה פֿון ירובעל און האָט זיך פֿאַרענדיגט דער ערשטער פּרוב צו שאַפֿען אַ שטענדיגע מלוכה־מאַכט איבּער די צעזייהטע שבטים פֿון ישראל.

* אין דער ערצעהלונג האָט זיך קלאָר אויסגעדריקט דער פֿאַרצייטיגער קוק אויפֿן אָרון, ווי אויפֿן טרוין פֿון יהוה. אַלס אַזעלכען פֿאַרבּייט מען איהם אָפֿט מיט יהוה גופֿא. דער נאָמען „אָרון פֿון יהוה'ס בּונד", וואָס איז ערטערווייז אריינגעשטעלט אין פֿריהערדיגען נוסח, שפּיגעלט אין זיך אָפּ דעם שפּעטערדיגען קוק אויפֿן אָרון, ווי אויף דעם אָרט, וואו עס היטען זיך אָב די לוחות מיט די אָנגעצייכענטע געבּאָטען פֿון יהוה, דאָס הייסט „די לוחות פֿון בּונד", וואָס איז געשלאָסען געוואָרען צווישען יהוה און ישראל.

טען דעם אָרון [פֿון בונד] פֿון יהוה צבֿאות *, [וואָס זיצט איבער די כּרובֿים]; און דעם אָרון [פֿון געטליכֿען בונד] האָבּען בּעגלייט די צוויי זיהן פֿון עֵלי, חפני און פּנחס. ווען דער אָרון [פֿון יהוה'ס בונד] איז אָנגעקומען אין לאַגער, האָט גאַנץ ישׂראל אויפֿגעהויבען אַזעלכֿע הילכֿיגע פֿרייד=געשרייען, אַז די ערד האָט געבּרומט. ווען די פּלשתּים האָבּען דערהערט דעם פֿרייד=געשריי, האָבּען זיי געזאָגט: „וואָס זיינען דאָס פֿאַר אַ הילכֿיגע געשרייען אין לאַגער פֿון די עבֿרים?“ און ווען זיי זיינען דערגאַנגען, אַז דער אָרון פֿון יהוה איז אָנגעקומען אין לאַגער, האָבּען זיי זיך דערשראָקען, ווייל זיי האָבּען פֿאַר זיך געזאָגט: „גאָט איז געקומען צו זיי אין לאַגער!“ און זיי האָבּען אויסגעשריען: „ווער איז אונז! ווייל אַזאַ זאַך איז נאָך בּיז איצט ניט געווען, וועה איז אונז! ווער וועט אונז ראַטעווען פֿון דער האַנט פֿון דער מעכֿטיגער גאָטהייט? דאָס איז דאָך דיזעלבּיגע גאָטהייט, וואָס האָט געפּלאָגט די מצרים מיט אַלערליי שטראָפֿען און מיט דער פּעסט. זאַמעלט זיך אויך מיט קרעפֿטען און שטאַרקט זיך, פּלשתּים, כּדי איהר זאָלט ניט זיין אין קנעכֿטשאַפֿט בּיי די עבֿרים, פּונקט אַזוי ווי די זיינען בּיי אייך געווען אין קנעכֿטשאַפֿט; זייט דאָך מוטיג און קעמפֿט מיט זיי“.

דער אָרון ווערט גענומען געפֿאַנגען.

און די פּלשתּים האָבּען געקעמפֿט און די בּני ישׂראל זיינען צעשלאָגען געוואָרען און צעלאָפֿען זיך יעדער אין זיין געצעלט. די מפּלה איז געווען זעהר אַ גרויסע, און עס זיינען געפֿאַלען פֿון דער ישׂראל'שער זייט דרייסיג טויזענט פֿוס=געהער. און דער געטליכֿער אָרון איז צוגענומען געוואָרען, און בּיידע זיהן פֿון עלי, חפני און פּנחס, זיינען געטויט געוואָרען.

דער גורל זיינער אין פּלשתּים=לאַנד.

די פּלשתּים האָבּען גענומען דעם געטליכֿען אָרון און געבּראַכֿט איהם פֿון אבֿן=עזר קיין אשדוד. און די פּלשתּים האָבּען גענומען דעם געטליכֿען אָרון און איהם אַריינגעטראָגען אין טעמפּעל פֿון דגון און איהם אַוועקגעשטעלט נעבּען דגון (זעה בּילד 7). נאָר ווען די איינוואוינער פֿון אַשדוד זיינען אויפֿ'ן צווייטען טאָג אין דער פֿריה געקומען אין טעמפּעל פֿון דגון, האָבּען זיי דערזעהן, ווי דגון ליגט אויף דער ערד געבּויגען פֿאַר'ן אָרון פֿון יהוה. און זיי האָבּען גענומען דגון און צוריק איהם אַוועקגעשטעלט אויף זיין אָרט. נאָר אויפֿ'ן אַנדערן טאָג ליגט דגון ווייטער אויף דער ערד, געבּויגען פֿאַר'ן אָרון פֿון יהוה; דער קאָפּ פֿון דגון און בּיידע הענט זיינע ליגען אָבּגעהאַקט אויפֿ'ן שוועל, און נאָר דער גוף איז פֿון איהם געבּליבּען. דערפֿאַר טרעטען ניט די כּהנים פֿון דגון און אַלע, וואָס גייען אַריין אין טעמפּעל

* „יהוה צבאות“, יהוה, דער גאָט פון די חילות, — האָט אין דער עלטערער צייט בעדייט: יהוה, וואָס פיהרט אָן די חילות פון ישראל. שפּעטער, מיט דער ענטוויקלונג פון רעליגיעזען בעוואוסטזיין, האָט דער נאָמען בעקומען די בעדייטונג פון אַן אָנפיהרער איבער די הימעלשע חילות, דאָס הייסט איבער די שטערן און די מלאָכים. בכלל האָט מען אין דער עלטערער צייט געגעבען יהוה פארשיידענע ביינעמען, וועלכע האָבען אָנגעוויזען אויף זיין קריגערישען כאַראַקטער, אשטייגער: „יהוה דער קריגסמאַן, (שמות טו, 3), דערפאַר הייסען אויך די מלחמות פון ישראל—„יהוה'ס מלחמות“ אין די עלטסטע זאַמלונג פון די ישראלשע העלדען=געזאַנגען טראָגט דעם נאָמען: „דאָס בוך פון יהוה'ס מלחמות“.

פֿון דגון, ביז אויף הײַנטיגען טאָג, מיט'ן פֿוס אויפֿ'ן שוועל פֿון דגון אין אשדוד.

און עס איז שווער געווען גאָט'ס האַנט איבער די אײַנוואוינער פֿון אַשדוד, און ער האָט זיי געפּלאָגט מיט פֿײַניגענדיגע וואונדען אין אשדוד און אין דער סביבה. און ווען די אײַנוואוינער פֿון אַשדוד האָבען פֿאַרשטאַנען, אין וואָס די זאַך איז, האָבען זיי דערקלערט: זאָל דער אָרון פֿון ישראל'ס גאָט ניט בלײַבען מעהר בײַ אונז, ווײַל זײַן האַנט איז שווער איבער אונז און איבער דגון, אונזער גאָט. און זיי האָבען געשיקט און צונויפֿגעקליבען צו זיך אַלע פּלשתּימ'שע מלכים און געזאָגט: „וואָס זאָלען מיר טון מיט'ן אָרון פֿון ישראל'שען גאָט?" און יענע האָבען געזאָגט: „זאָל דער אָרון פֿון ישראל'שען גאָט איבערגעהן קיין גת". און מען האָט אָבגעשיקט דעם אָרון פֿון ישראל'שען גאָט אַהינצו. נאָר נאָך דעם, אַז זיי האָבען איהם אָבגעשיקט, איז גאָט'ס האַנט געווען איבער דער שטאָט, און עס איז געוואָרען אַ געוואַלדיגער טומעל, און ער האָט געפּלאָגט די אײַנוואוינער פֿון שטאָט פֿון קליין ביז גרויס, און עס זײַנען בײַ זיי געוואָרען וואונדען. און זיי האָבען אָבגעשיקט דעם געטליכען אָרון קײַן עקרון, נאָר די אײַנוואוינער פֿון עקרון האָבען יעדערער אויסגעשריען: „מען האָט מיר אונטערגעוואָרפֿען דעם אָרון פֿון ישראל'שען גאָט, כּדי איבערצוגעבען דעם טויט מיך און מײַן פֿאָלק". און זיי האָבען געשיקט צונויפֿרופֿען אַלע פּלשתּי'שע מלכים און געפֿאָדערט: „שיקט אָב דעם אָרון פֿון ישראל'שען גאָט; זאָל ער זיך אומקעהרען אויף זײַן אָרט און ניט אומברענגען מיך און מײַן פֿאָלק; דען אַ טויטשרעק האָט אַרומגעכאַפּט די גאַנצע שטאָט, און שרעקליך שווער איז געווען איבער זיי די געטליכע האַנט. די, וועלכע זײַנען ניט געשטאָרבען, זײַנען געפּלאָגט געוואָרען מיט וואונדען, און דער געשריי פֿון דער שטאָט האָט דערגרייכט ביז צום הימעל.



בילד 7: דאָס בילד פון פלשתּישען גאָט דגון.

אלס בעשעפער פון די ברואים, וואָס לעבען אין ים, פלעגט מען איהם אויסמאָלען מיט פיש-שאָלעכץ און מיט א פיש (דג) אלס א צייכען. דערפון נעמט זיך זיין נאָמען דגון.

דער אָרון קעהרט זיך אום צו די בני ישראל.

און אַזוי איז אָבגעווען דער אָרון פֿון יהוה אין תּחום פֿון פּלשתּים-לאַנד זיבען חדשים. און אָט האָבען די פּלשתּים צונויפֿגערופֿען די כּהנים און די זעהערס און געזאָגט: „וואָס זאָלען מיר טון מיט'ן אָרון פֿון יהוה? לערנט אונז, ווי זאָלען מיר איהם אָבשיקען אויף זײַן אָרט". יענע האָבען גע-

זאָגט: „אויב איהר ווילט אָבשיקען דעם אָרון פון ישראל׳ס גאָט, זאָלט איהר איהם ניט אָבלאָזען מיט גאָרנישט, נאָר ברענגט איהם מתנות". און זיי האָבען געפרעגט: „וואָס פאַר אַ מתנות דאַרפען מיר איהם ברענגען?" יענע האָבען געזאָגט: „נאָך דער צאָהל פון די פלשתי׳שע מלכים [פינף גאָלדענע וואונדען און] פינף גאָלדענע מייז*, ווייל איינע און דיזעלביגע שטראָף איז אָנגעשיקט געוואָרען אויף אייך און אויף אייערע מלכים".

און זיי האָבען געטאָן אַזוי: האָבען גענומען צוויי אָבגעקעלבטע בהמות און אײַנגעשפּאַנט זיי אין אַ וואָגען און זייערע קעלבער האָבען זיי פאַרהאַלטען אין דער היים. און האָבען אַוועקגעשטעלט אויפ׳ן וואָגען דעם אָרון פון יהוה און אַ קאַסטען מיט גאָלדענע מייז [און די בילדער פון וואונדען] און די בהמות זיינען אַוועק גלייך איבערן וועג קיין בית-שמש; זיי זיינען אַלץ געגאַנגען איבערן גלייכען וועג, געשריען און געברומט, אָבער זיי האָבען זיך ניט אָבגעקעהרט ניט רעכטס, ניט לינקס. און די פלשתי׳שע מלכים זיינען נאָך זיי נאָכגעגאַנגען, ביז צום גרעניץ פון בית שמש. די אײַנוואוינער פון בית שמש האָבען געשניטען ווייץ אין טאָל, זיי האָבען אַ קוק געטאָן און דערזעהן דעם אָרון פון יהוה און האָבען זיך דערפרעהט, דערזעהענדיג איהם. ווען דער וואָגען איז אָנגעקומען אין פעלד פון יהושע פון בית שמש, האָט ער זיך אָבגעשטעלט. דאָרטען איז געווען אַ גרויסער שטיין. און זיי האָבען צעשפּאָלטען דעם וואָגען אויף האָלץ און די בהמות האָבען זיי געבראַכט פאַר אַ קרבן יהוה׳ן, אַלס פייער-אָפּפער**. און די פינף פלשתי׳שע מלכים האָבען געזעהן דאָס און האָבען זיך אומגעקעהרט דעמזעלבען טאָג קיין עקרון. אַן עדות דערצו איז נאָך ביז היינטיגען טאָג דער גרויסער שטיין, וואָס אויף איהם האָבען זיי אַוועקגעשטעלט דעם אָרון פון יהוה אויפ׳ן פעלד פון יהושע פון בית שמש.

און די זיהן פון יכניה האָבען זיך ניט געפרעהט צוזאַמען מיט די אײַנוואוינער פון בית שמש, און ער האָט פון זיי צעשלאָגען זיבעציג מאַן (פופציג טויזענט מאַן). און דאָס פאָלק האָט געטרויערט, פאַרוואָס גאָט האָט געשיקט אויפ׳ן פאָלק אַזאַ גרויזאַמע מפלה. און עס האָבען געזאָגט די אײַנוואוינער פון בית שמש: „ווער קאָן בײַשטעהן אַנטקעגען יהוה, דעם הייליגען גאָט, און צו וועמען וועט ער פון אונז געהן?" און זיי האָבען אַוועקגעשיקט שלוחים צו די אײַנוואוינער פון קרית יערים און געהייסען איבערגעבען: „די פלשתים האָבען אומגעקעהרט דעם אָרון פון יהוה, קומט און נעמט איהם צו זיך". און עס זיינען געקומען די אײַנוואוינער פון קרית יערים און האָבען איהם געבראַכט אין הויז פון אַבינדב אויפ׳ן בערגעל און אלעזר׳ן, זיין זוהן, האָבען זיי געהייליגט דערצו, אַז ער זאָל אָבהיטען דעם אָרון.

---

* די מייז האָבען געדאַרפט דינען פאַר אַ פאַרקערפערונג פון די אָנגעשיקטע וואונדען.

** „פייער-אָפּער" (עוֹלָה), — איז געווען אַ קרבן, וואָס פלעגט אינגאַנצען פאַרברענט ווערען אין פייער, צום אונטערשייד פון „שָׁלוֹם-קָרבן", (שְׁלָמִים אָדער זֶבַח שְׁלָמִים) ביי וועלכען מען פלעגט פאַרברענען נאָר אַ טייל פון דער קָרבַּן-בְּהֵמָה, און די איבעריגע פלייש פלעגט בענוצט ווערען צום עסען.

שאול בשעת'ן זוכען די אייזעלינס.

עס האָט געלעבּט אין גבעה, אין בּנימין־לאַנד, איינער מיט'ן נאָמען קיש, דער זוהן פון אַביאל, דעם זוהן פון צרור, דעם זוהן פון בּכורת, דעם זוהן פון אַפיה, אַ בּנימין־מאַן, אַ פאַרמעגליכער מענש. בּיי איהם איז געווען אַ זוהן מיט'ן נאָמען שאול, פון אומגעוועהנליכער שענקייט, און עס איז ניט געווען קיין שענערער פאַר איהם צווישען די בּני ישראל. ער איז געווען מיט אַ קאָפּ העכער פאַר אַלעמען. איינמאָל זיינען פאַרלאָרען געגאַנגען די אייזעלינס בּיי קיש, שאולס פאָטער, און קיש האָט געזאָגט צו שאולן, זיין זוהן: „נעם מיט זיך איינעם פון די דינער און לאָז זיך אַוועק, געה, זוך אויף די אייזעלינס“. און זיי זיינען אויסגעגאַנגען די בּערג אפרים און אַרומגענומען דאָס לאַנד שליש, אָבּער זיי האָבּען זיי ניט געפונען און זיי האָבּען זיך געלאָזען קיין לאַנד שעלבים, נאָר דאָרטען זיינען זיי אויך ניט געווען און זיי זיינען דורכגעגאַנגען אין די נחלאות פון בּנימין, האָבּען זיי אָבּער ניט געפונען. ווען זיי זיינען געקומען אין לאַנד צוף, האָט שאול געזאָגט צו זיין דינער, וואָס איז געווען מיט איהם: „לאָמיר געהן צוריק, ווען ניט וועט דער פאָטער אויפהערען זאָרגען וועגען די אייזעלינס און אָנהויבּען זיך. אַוודאי בּעאומרוהיגען וועגען אונז“. נאָר יענער האָט איהם געענטפערט: „אין דער שטאָט וואוינט דאָך אַ געטליכער מאַן; דאָס איז זעהר אַן אָנגעזעהענער מאַן; וואָס ער זאָל ניט זאָגען, ווערט פּינקטליך מקוים. לאָמיר גלייך צוגעהן אַהין. אפשר וועט ער אונז געבּען אַן עצה וועגען דער זאַך, וואָס צוליבּ איהר האָבּען מיר זיך געלאָזען אין וועג אַריין“. און שאול האָט געזאָגט צו זיין דינער: „גוט, לאָמיר געהן; אָבּער וואָס וועלען מיר בּרענגען דעם מענשען? דאָס בּרויט איז דאָך שוין אויסגעגאַנגען פון אונזערע זעקלעך, און קיין מתּנה איז ניטאָ בּיי אונז, כּדי צוצוטראָגען דעם געטליכען מאַן — וואָס איז בּיי אונז דאָ?“ און ווידער האָט דער דינער געענטפערט שאולן און געזאָגט: „אָט האָבּ איך נאָך אַ פערטעל שקל זילבּער, איך וועל עס אָבּגעבּען דעם געטליכען מענשען, כּדי ער זאָל אונז געבּען די נויטיגע עצה“. און שאול האָט געזאָגט צום דינער: „דו בּיסט גערעכט; אמת, לאָמיר געהן“. און זיי זיינען אַוועק אין שטאָט אַריין, וואו עס איז געווען דער געטליכער מאַן.

ווען זיי האָבּען זיך אויפגעהויבּען אויף די טרעפּלעך אין שטאָט אַריין, האָבּען זיי בּעגעגענט מיידלעך, וועלכע זיינען אַרויס שעפּען וואַסער. זיי האָבּען בּיי זיי געפרעגט: „דאָ איז דער פאָראויסזעהער?“ [פריהער, אַז מען פלעגט אין ישראל געהן אָנפרעגען בּיי גאָט, פלעגט מען זאָגען: לאָמיר געהן צום פאָראויסזעהער; וואָרום דעם, וואָס מען רופט איצט אָן נביא, האָט מען פריהער גערופען — פאָראויסזעהער]. יענע האָבּען זיי געענטפערט און געזאָגט: — יאָ, ער איז דאָ פאַר אַייך. ער איז נאָר וואָס געקומען אין שטאָט, ווייל היינט איז בּיים פאָלק אַ יום טוב אין קרבּנות אויף דער הויכעניש (במה). ווען איהר וועט קומען אין שטאָט אַריין, וועט איהר איהם פּונקט טרעפען, איידער ער וועט נאָך אַוועקגעהן אויף דער הויכעניש, צו דער מאָלצייט. ווייל דאָס פאָלק הויבּט ניט אָן צו עסען, בּיז ער וועט ניט קומען. ווען ער וועט בּענשען דעם קרבּן, דאַן וועלען די געסט ערשט

נעמען עסען. כּלן געדט: גראָד איצט וועט אידר אידם נאָך געפֿינען. — און זיי זײַנען אַרױף אין שטאָט. זיי געהען אַרײַן אין שטאָט, — ערשט שמואל געהט זיי אַרױס אַנטקעגען, כּדי צו געהן צום מזבח.

*שאולס בעגעגע־ניש מיט שמואלן*

און יהוה האָט זיך געװיזען צו שמואלן מיט אַ טאָג פֿריהער פֿאַר שאולס אָנקומען און האָט געזאָגט צו אידם: „מאָרגען אין דער צײַט וועל איך צו דיר שיקען אַ מענשען פֿון לאַנד בּנימין, און דו זאָלסט אידם פֿאַר אַן אָנפֿיהרער איבּער מײַן פֿאָלק ישראל; ער וועט ראַטעווען מײַן פֿאָלק פֿון די פּלשתּים. איך האָבּ דערזעהן די לײַדען פֿון מײַן פֿאָלק, ווײַל זײַן געשריי האָט זיך דערטראָגען צו מיר“. ווען שמואל האָט דערזעהן שאולן, האָט יהוה געזאָגט צו אידם: „אָט איז דער מענש, וועגען וועלכען איך האָבּ דיר געזאָגט; ער וועט אָנפֿיהרען מײַן פֿאָלק“. און שאול איז צוגעגאַנגען צו שמואלן אין טויער און געפֿרעגט אידם: „זאָג מיר, וואו איז דעם זעהערס הויז?“ און שמואל האָט געענטפֿערט שאולן: „איך בּין דער זעהער, געה פֿאָראויס פֿאַר מיר צום מזבח. אידר וועט הײַנט מיטאָג עסען מיט מיר, און מאָרגען וועל איך דיך אָבּלאָזען און געבּען אַן ענטפֿער אויף אַלץ, וואָס בּײַ דיר איז אויפֿ׳ן האַרצען; און בּנוגע צו די אייזעלינס, וואָס זײַנען בּײַ דיר פֿאַרפֿאַלען געוואָרען מיט דרײַ טעג צוריק, זאָרג וועגען זיי ניט; זיי האָבּען זיך געפֿונען. און וועמען געהערט אַל׳דאָס בּעסטע אין ישראל? צי דען ניט דיר און דײַן פֿאָטערס הויז?“ און שאול האָט געענטפֿערט: „איך בּין דאָך ניט מעהר ווי אַ בּנימין־מאַן, פֿון אַ קלײנעם ישראל׳שען שבט. פֿאַרוואָס־זשע רעדסטו צו מיר אַזוי?“ און שמואל האָט גענומען שאול׳ן און זײַן דינער מיט זיך און האָט זיי אַרײַנגעפֿיהרט אין צימער אַרײַן און זיי אַוועקגעזעצט אויבּען ערשטען אָרט צווישען די געסט, און געזען זײַנען זיי דרײַסיג מאַן. און שמואל האָט געזאָגט צו דעם קאָכער: „גיבּ אַהער יענעם טייל, וואָס איך האָבּ דיר געגעבּען און וואָס איך האָבּ דיר געזאָגט וועגען אידם: לעג אידם אָבּ אָן אַ זײַט“. און דער קאָכער האָט גענומען דעם קנאָכען און דעם פֿעטען עק און האָט דערלאַנגט פֿאַר שאולן. און שמואל האָט געזאָגט: „דאָס האָט מען איבּערגעלאָזען פֿאַר דיר, נעם און עס“. און שאול האָט געגעסען יענעם טאָג מיטאָג מיט שמואלן. און זיי האָבּען זיך אַראָבּגעלאָזען פֿון דער הויכּעניש אין שטאָט אַרײַן, און מען האָט שאולן אויסגעבּעט אויפֿ׳ן דאַך, און ער האָט זיך געלעגט שלאָפֿען.

ווען דער פֿריהמאָרגען איז אויפֿגעגאַנגען, האָט שמואל אַ רוף געטאָן שאולן אויפֿ׳ן דאַך און האָט געזאָגט: „שטעה אויף, איך וועל דיך בּעגלייטען“. און שאול איז אויפֿגעשטאַנען, און זיי זײַנען בּיידע אַרויס פֿון הויז, ער און שמואל. ווען זיי זײַנען צוגעגאַנגען צום עק שטאָט, האָט שמואל געזאָגט צו שאולן: „זאָג דעם דינער, אַז ער זאָל געהן פֿאָראויס, און דו וואַרט אויף אַ ווײַלע, און איך וועל דיר אַנטפּלעקען דאָס געטליכע וואָרט“.

*די זאלבונג פון שאול צו דער מלוכה.*

און שמואל האָט גענומען אַ קריגעל מיט בּוימעל און האָט אויסגעגאָסען דעם בּוימעל אויף שאולס קאָפּ, האָט אידם אַ קוש געגעבּען און געזאָגט: „דערמיט האָט יהוה דיך געזאַלבּט פֿאַר אַן אָנפֿיהרער איבּער זײַן פֿאָלק

ישׂראל, און דו וועסט קיניגן איבערן פאָלק פון יהוה און דו וועסט אים באַפרייען פון זיינע פיינד. און עס זאָל דיר דינען פאַר אַ צייכן, אַז יהוה האָט דיך געזאַלבט פאַר אַ קיניג איבער זיין נחלה, אָט וואָס: ווען דו וועסט איצט אַוועקגיין פון מיר, וועסטו נעבן רחלס קבר אויפן גרעניץ פון בנימין באַגעגענען צוויי מענטשן, און זיי וועלן צו דיר זאָגן: „עס האָבן זיך געפונען די אייזעלינס, וועלכע דו ביסט געגאַנגען זוכן, און דיין פאָטער האָט פאַרגעסן די אייזעלינס און באַאומרוהיגט זיך וועגן אייך און זאָגט: וואָס זאָל איך טון מיט מיין זון?" — און דו וועסט פון דאָרטן גיין ווייטער און וועסט קומען ביזן דעמבעקבוים פון תבור, און דיך וועלן דאָרטן באַגעגענען דריי מענטשן, וואָס גייען צו גאָט קיין בית אל: איינער פירט מיט זיך דריי ציגעלעך, דער צווייטער טראָגט דריי ברויטן, און דער דריטער טראָגט אַ לאָגעל מיט וויין; זיי וועלן זיך גריסן מיט דיר און זיי וועלן דיר געבן צוויי ברויטן, און דו נעם ביי זיי. דערנאָך וועסטו קומען אין דער געטלעכער גבעה, אַהין, וואו עס וואוינט דער שטאָטהאַלטער פון פלשתים; און ווען דו וועסט קומען אין שטאָט אַריין, צו יענעם אָרט, וועסטו געפינען אַ מחנה נביאים, וואָס לאָזן זיך אַראָפּ פון דער הייכעניש; פאָראויס פאַר זיי איז אַ האַרף, אַ פויק, אַ פייפל און אַ פידעל, און אַליין זיינען זיי נביאיש באַגייסטערט. דאַן וועט אַראָפּ אויך אויף דיר דער גייסט פון יהוה, און עס וועט דיך אָנכאַפּן די זעלביקע נביאישע באַגייסטערונג, און דו וועסט ווערן אַן אַנדער מענטש; ווען די צייכנס וועלן ביי דיר מקוים ווערן, דאַן, פאַר וואָס דו וועסט זיך ניט נעמען, — איז גאָט מיט דיר".

ווי שאול האָט זיך נאָר אָפּגעקערט, כדי אַוועקצוגיין פון שמואלן [האָט גאָט איבערגעאַנדערשט אינגאַנצן זיין האַרץ, און עס זיינען מקוים געוואָרן אַלע צייכנס אין יענעם טאָג]. ווען זיי זיינען געקומען פון דאָרטן קיין גבעה האָבן זיי באַגעגנט אַ מחנה נביאים, און עס האָט אָנגעכאַפּט שאולן דער געטלעכער גייסט, און ער איז געוואָרן ווי באַצויבערט. ווען עס האָבן אים דערזען אַלע, וואָס האָבן אים געקענט פון אַמאָליגע יאָרן, אַז ער רעדט מיט באַגייסטערונג גלייך ווי די נביאים, האָבן זיי אָנגעהויבן פרעגן איינע די אַנדערע: וואָס איז דאָס געוואָרן מיט קישס זון? איז דען שאול אויך צווישן די נביאים? [און עס האָט געענטפערט איינער פון די, וואָס זיינען דאָרטן געווען און געזאָגט: און ווער איז זייער פאָטער?] דערפאַר איז דאָס שוין געוואָרן אַ ווערטל: „איז דען שאול אויך צווישן די נביאים?".

ווען זיין נביאישע באַגייסטערונג איז אַריבער, איז ער אַוועק אַהיים. און שאולס פעטער האָט געפרעגט ביי אים און ביי זיין דינער: וואוהין זייט איר געגאַנגען? ער האָט געזאָגט: „זוכן די אייזעלינס; נאָר, זעהענדיג, אַז זיי זיינען ניטאָ, זיינען מיר פאַרגאַנגען צו שמואלן". און עס האָט געזאָגט שאולס פעטער: „דערצעהל אונז, וואָס האָט אייך געזאָגט שמואל". און שאול האָט געזאָגט צו זיין פעטער: „ער האָט אונז אָנגעזאָגט, אַז די אייזעלינס האָבן זיך געפונען". און דאָס, וואָס שמואל האָט געזאָגט אים וועגן דער מלוכה, האָט ער פון אים באַהאַלטן.

שאולס נצחון איבער די בני עמון און זיין ארויפטרעטען אייפן מלוכה־שטול.

אין אַ חודש אַרום איז געקומען נחש דער עמוני און האָט בעלעגערט יבֿש, וואָס אין גלעד. און עס האָבען געזאָגט אַלע אַיינוואוינער פֿון יבֿש צו נחש'ן: „שלים מיט אונז אַ בונד, און מיר וועלען דיר דינען". און עס האָט געזאָגט צו זיי נחש דער עמוני: „נאָר מיט דעם תנאי וועל איך מיט אַייך שליסען אַ בונד, ווען איך זאָל בייַ יעדערן פֿון אַייך אויסשטעכען דאָס רעכטע אויג, און דערמיט שענדען גאַנץ ישׂראל". און עס האָבען געזאָגט צו איהם די זקנים פֿון יבֿש: „גיב אונז צייַט זיבען טעג, כּדי מיר זאָלען קאָנען שיקען שלוחים אין אַלע ישׂראלישע נחלאות, און אויב קיינער וועט אונז ניט העלפֿען, וועלען מיר זיך דיר אונטערגעבען". ווען די שלוחים זייַנען געקומען אין גבֿעה פֿון שאול און זיי האָבען דערצעהלט די זאַך פֿאַרן פֿאָלק, האָט דאָס גאַנצע פֿאָלק אויפֿגעהויבען זייַן קול און זיך צעוויינט. און שאול האָט זיך גראָד אומגעקעהרט פֿון פֿעלד און איז געגאַנגען הינטער די אָקסען. ער האָט געזאָגט: „וואָס איז דאָס מיט'ן פֿאָלק? וואָס וויינט עס?" און מען האָט איבערדערצעהלט די ווערטער פֿון די אַיינוואוינער פֿון יבֿש. און עס איז אַראָב אויף איהם דער געטליכער גייַסט, ווען ער האָט דערהערט די ערצעהלונג, און ער האָט זיך אָנגעצונדען פֿון געוואַלדיגען צאָרן. און ער האָט גענומען אַ פּאָר אָקסען, האָט זיי צעהאַקט אויף שטיקער און האָט געשיקט זיי אין אַלע ישׂראלישע געגענדען דורך יענע שלוחים און אָנגעזאָגט, אַז אַזוי וועט געשעהן מיט די אָקסען פֿון דעם, וועלכער וועט ניט געהן גלייַך נאָך שאולן [און שמואלן]. און עס איז אָנגעפֿאַלען די שרעק פֿאַר יהוה אויפֿ'ן פֿאָלק, און עס איז אַרויסגעטראָטען, ווי איין מענש. און ווען שאול האָט זיי בעקוקט בייַ בזק, איז געווען בני ישׂראל דרייַ הונדערט טויזענט און בני יהודה — דרייַסיג טויזענט. און ער האָט געזאָגט צו די שלוחים, וועלכע זייַנען געקומען: „זאָגט אָן די אַיינוואוינער פֿון יבֿש אין גלעד אַזוי: „מאָרגען, ווען די זון וועט אָנוואַרימען, וועט אַייך זייַן הילף". און עס זייַנען געקומען די שלוחים און האָבען אָנגעזאָגט די אַיינוואוינער פֿון יבֿש, און יענע האָבען זיך דערפֿרעהט און עס האָבען געזאָגט די אַיינוואוינער פֿון יבֿש צו נחש'ן: „מאָרגען וועלען מיר אַרויסגעהן צו אַייך, און איהר קאָנט טון מיט אונז, ווי אַייך וועט געפֿעלען". אויפֿ'ן קומענדיגען טאָג האָט שאול צעטיילט דאָס פֿאָלק אויף דרייַ מחנות, און זיי האָבען זיך אַרייַנגעריסען, בשעת דער פֿריהמאָרגענדיגער וואַך*, אין דער מיטען פֿון עמונישען לאַגער, און האָבען זיי צעשלאָגען, נאָך איידער די זון האָט אָנגעהויבען צו דערוואַרימען; די גאַנץ געבליבענע האָבען זיך צעזייהט אַזוי, אַז עס איז ניט געבליבען פֿון זיי קיין צוויי צוזאַמען.

און דאָס גאַנצע פֿאָלק איז אַוועק קיין גלגל און מען האָט געקרוינט שאול'ן פֿאַר אַ קיניג פֿאַרן געזיכט פֿון יהוה אין גלגל, און געבראַכט קרבנות פֿאַר יהוה. און שאול און די מענער פֿון ישׂראל האָבען דאָרטען זעהר פֿרעהליך פֿאַרבראַכט.

שמואל א', קאַפּיטעל ד—ז, ט—יא.

* בייַ די אמאָליגע בני ישראל איז די נאכט געווען איינגעטיילט אין דריי װאכען (אשמרות), וואָס די לעצטע פון זיי האָט געהייסען—„די פריהמאָרגענדיגע וואך".

# ד. די תקופה פון די מלכים ביז אויפקומען פון די גרויסע נביאים.

## XIV. די אויפבליהונג פון דער ישראלישער מדינה אונטער דוד'ס הערשאַפט.

די ענטשטעהונג פון דער נאציע און דער אָנהויב פון דעם מלוכה־לעבען.

מיט'ן אָנהויב פון דוד'ס מלוכה הויבט זיך אָן אַ נייַע תקופה אין דער ישראלישער געשיכטע.

אָנשטאָט אַ פרייַען, ניט־געאָרדענטען שבטים־לעבען, האָט זיך איינגעשטעלט אַ מלוכה, וואָס איהרע אַלגעמיינע פּאָליטישע אויפגאַבען שטעלען גאָר אָן אַ זייַט די ענגע און קליינע אָרטיגע אינטערעסען פון די שבטים. די מלחמות, וואָס האָבען ביז דעמאָלט נאָר געהאַט דעם צוועק אָבצושטויסען אָן אַ זייַט די פּאַרוויסטינג־אָנפאַלען פון די וואַנדערער, ווערען איצט צו אָנפאַל־מלחמות, און ישראל טרעט אַרייַן אין פּאָליטישע פאַרבינדונגען מיט די אַרומיגע מלוכות.

עס קומט אָן אַ נייַע תקופה אויך אין דעם אינעווייניגסטען לעבען פון פאָלק; עס הויבט אָן אונטערגעהן דער פאַמיליען־סדר, עס פאַרשווינדען די לעצטע סימנים פון די וואַנדערער־מידות, עס פאַרטיפען זיך די סאָציאַלע בעציהונגען. עס וואַקסט אויס די נויטיגקייַט אין אַ בירגערליכען סדר, און די פאָלקס־מנהגים הויבען זיך אָן ביסלעכווייַז אויסשלייַפען, אויסבילדען און אויסגיסען זיך אין דער פאָרם פון אַ נאַציאָנאַלער געזעצגעבונג, וואָס איהר ענטוויקלונג געהט פון איצט אָן האַנט בייַ האַנט מיט ישראל'ס קולטורעלן וואַקסען. דער פועל יוצא פון דאָס אַלץ איז, אַז בייַ די בני ישראל שטעלט זיך איין, איבער דער אַלטער אחדות פון אמונה און אָבשטאַמונג, אַ נייַע, ניט־צערייַסליכע פאַרבינדונג, — די נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע, וועלכע וואַקסט אַרויס פון די אַלגעמיינע אויפגאַבען אין דער געגענוואַרט און ווערט בעזונגען אין די אַלגעמיינע לעגענדעס פון דעם עבר.

פאַר זייַן קורצער מלוכה־צייַט איז שאול געווען אויך אַזוי פיל פאַרנומען מיט דער בעשיצונג פון לאַנד אַנטקעגען די פלשתים, אַז עס האָט ניט געקאָנט דאַן זייַן קיין רייד ניט וועגען איינגעמונגס־מלחמות, ניט וועגען אינעווייניגסטע סדרים. ערשט די מלוכה פון דוד, וועלכע האָט געדויערט מעהר פון דרייַסיג יאָהר, בילדעט די גרעניץ, וואָס טיילט אָב די געשיכטע פון די ישראלישע ש ב ט י ם פון דער געשיכטע פון פ אָ ל ק ישראל. זייַנע געלונגענע

מלחמות האָבען דערהײבען אין ענטוויקעלט ישׂראלס אויסענװײניגסטע מאַכט, זײַן מלוכה־טעטיגקײַט האָט אויסגעשמידט נײַע פאָרמען פון פּאָליטישען לעבען אין פאָלק.

**די בעדייטונג פון דודס מלחמות פאַר דער פאַר־שטאַרקונג פון דער קיניגלי־כער מאַכט.**

ניט געקוקט אָבער אויף זײַן הצלחה אין אַלע מלחמות, האָט זיך דוד׳ן ניט אײַנגעגעבען צו בעשאַפען אַ גרויסע ישׂראלישע מדינה אונטער זײַן פיהרונג. די יונגע, נאָך ניט פעסט־געוואָרענע מלוכה מיט איהר נאָך ניט ענטוויקעלטער אָרגאַניזאַציע, איז ניט געווען בכח צונויפצושמידען אין איין גאַנצעס די אײַנ־גענומענע לענדער, און די אמת׳ע הערשאַפט פון ישׂראל האָט בעצם אַרומ־גענומען נאָר די ישׂראלישע שבטים גופא. די בעציהונג פון די אײַנגענומענע געגענ־דען צו די אײַננעמער האָבען זיך אויסגעדריקט דערין, וואָס יענע האָבען אַרײַנ־געטראָגען אין דער מלוכה־קאַסע געוויסע אָבצאָהלונגען, וואָס זײַנען בענוצט געוואָרען אויף אויסצוהאַלטען דעם קיניגליכען הויף און די בעאַמטע פון קיניג. פונדעסטוועגען האָבען דוד׳ס מלחמות דאָך געהאַט אַ גרויסע בעדײַטונג, ווײַל זיי האָבען ניט נאָר בעפעסטיגט איפ׳ן טרון זײַן דינאַסטיע, נאָר זיי האָבען אויך אויפגעהויבען דעם ווערט פון דער קיניגליכער מאַכט בכלל און האָבען אויף אַ צײַט אײַנגעשטילט די בעהאַלטענע אומצופרידענקײַט פון אייניגע שבטים, בעזונדערס פון שבט אפרים, וואָס איז געווען אַמאָל דער שטאַרקסטער שבט און האָט לכתחילה געזעהן אין דוד׳ס דערהויבונג ניט די דערהויבונג פון גאַנץ ישׂראל, נאָר פון שבט יהודה אַליין. נאָר דוד׳ס העלדישע מעשׂים, די הצלחה, וואָס האָט איהם שטענדיג בעגלייט אויף זײַנע וועגען, און די רײַכע רויב, וואָס איז אויסגעפאַלען אויפ׳ן חלק פון זײַן חיל, האָבען ביסלעכווײַז צעזייהט יענע אומצופרידענקײַט און שנאה, וועלכע האָבען געהערשט די ערשטע יאָהרען פון זײַן מלוכה.

**דער קיניגלי־כער הויף.**

אין דעמזעלביגען זין האָט געווירקט דער קיניגליכער הויף, וואָס דוד האָט אײַנגעפיהרט. ער איז געווען אמת בעשיידען און קליין אין פאַרגלײַך מיט די הויפען פון אַנדערע אַזיאַטישע מלכים, נאָר פונדעסטוועגען האָט ער אַרויסגערופען התפעלות בײַ די בני ישׂראל, וואָס האָבען געפיהרט אַ זעהר פרימיטיווען לעבענס־סדר און האָבען בעפרידיגט נאָר זייערע אײנפאַכסטע בעדערפענישען. אַחוץ דעם האָט דער אײַנהאַלטען דעם הויף זיך נאָך ניט געלעגט ווי אַ שווערע משׂא איפ׳ן פאָלק, און די הוצאות זײַנע האָבען זיך נאָך געדעקט דורך די אָבצאָה־לונגען פון די אײַנגענומענע מלוכות און דורך די מלחמה־רויב. און דערפאַר האָבען קיין אומרוהיגע מחשבות ניט פאַרשטערט די בעגײַסטערונג פון די ישׂראליש(ע) בירגער און ערד־אַרבײַטער, וועלכע האָבען מיט התפעלות דערצעהלט איינע די אַנדערע וועגען דעם פאַלאַץ פון לבנון־צעדערן און געהאַקטע שטיינער, וואָס עס האָבען געבויט פאַר׳ן קיניג ספעציעלע, פון פעניקיען אויסגעשריבענע בויער און שטיין־האַקער.

לויט׳ן מוסטער פון אַנדערע מלוכות האָט דוד אָרגאַניזירט בײַם הויף אַ קיניגליכע לײַב־וואַך, וואָס איז געווען דער קערן און מיטעלפונקט פון שטענ־דיגען חיל, און האָט זיך, אַחוץ דעם, אַרומגערינגעלט מיט אַ מחנה העלדען (גבורים), וועלכע ער האָט אויסגעקליבען פון צווישען אַלע ישׂראלישע שבטים;

די מעשׂיות וועגן זייער העלדישקייט (שמואל ב. קאַפּיטעל כ״א, כ״ג) פּלעגן אויף דאָס נײַ אויפֿוועקן אין זכרון פֿון פֿאָלק די העראָאישע בילדער פֿון פֿאַרצײַטען.

דאָס געריכט און די מלוכה־פֿיה־רונג.

אין זײַן מלוכה אינעווייניג האָט דוד קודם כּל אײַנגעאָרדענט דאָס געריכט און די מלוכה־פּאַרוואַלטונג. פֿון זײַן צײַט אָן ווערט דער קיניג דער העכסטער שופֿט. אונטער זײַן פֿירונג געפֿינט זיך דאָס העכסטע געריכט, וואָס אונטער איהם זײַנען אונטערגעוואָרפֿען די אָרטיגע זקנים־געריכטען. און כּדי צו פֿירען די פֿאַר־שיידענע צווײַגען פֿון דער פּאַרוואַלטונג האָט ער געגרינדעט אַ גאַנצע שורה מלוכה־שטעלען און אָנגעטרויט זיי בעגלויבטע מענשען פֿון זײַנע מקורבים.

די איבערטראָ־גונג פֿון דעם אָרון קײן ירושלים.

נאָר דער ווײַכטיגסטער טריט, וואָס דוד האָט געמאַכט, כּדי צוצובינדען דאָס פֿאָלק צו זיך און צו זײַן משפּחה, איז געווען אָהן ספק דאָס, וואָס ער האָט איפגעבויט אַן אַלגעמײַן־נאַציאָנאַלע היילגטום אויפ׳ן באַרג ציון און איבער־געטראָגען אַהין דעם אָרון, דעם סימבאָל פֿון יהוה. דער אַלטער מנהג אָבצוריכטען די יעהרליכע ימים טובים אין איינעם פֿון די הייליגע ערטער אין לאַנד האָט געבראַכט דערצו, אַז ירושלים זאָל ווערען ניט נאָר דער פּאָליטישער, נאָר אויך דער רעליגיעזער צענטער, און קיין זאַך האָט ניט געקאָנט פֿאַרשאַפֿען אַזאַ כּבוד און אָנזעהן דעם נײַעם היילגטום, ווי דער אָרון פֿון יהוה.

פּונקט ווי דער אָרון האָט אין אַמאָליגע צײַטען פֿאַראייניגט אַרום זיך אין קריגערישער התלהבות דאָס גאַנצע פֿאָלק, אַזוי האָט ער איצט געדאַרפֿט ווערען דער סימבאָל פֿון נאַציאָנאַלער אחדות. אַ דאַנק איהם טאַקע האָט דער היילגטום פֿון ציון פֿאַרנומען דעם גרעסטען, בּכּבוד׳יגסטען אָרט אין רעליגיעזען לעבען פֿון פֿאָלק; נאָר די הייליגקייט פֿון אַנדערע ערטער, וואָס האָבען געהאַט אַ גרויסען היסטאָרישען עבר, איז דורכדעם ניט געמינערט געוואָרען. די בע־דײַטונג פֿון דעם היילגטום אויפ׳ן באַרג ציון איז נאָך גרעסער געוואָרען דורכדעם, וואָס עס האָט זיך געפֿונען אין דער הויפּט־שטאָט אונטערן שוץ פֿון קיניג, און וואָס דער גאָטעס־דינסט איז געווען איבערגעגעבען אין די הענט פֿון אַ גאַנצען שטאַט געניטע, ערצויגענע לויים.

די ערשטע התחלה פֿון געשיכטס־שרייבונג. דער נאַציאָנאַלער עפּאָס.

אַזאַ פּילזײַטיגע און פּרוכטבאַרע מלוכה־טעטיגקייט האָט שטאַרק געווירקט אויף דער ענטוויקלונג פֿון פֿאָלקס־בעוואוסטזײַן און האָט, פֿאַרשטעהט זיך, גע־דאַרפֿט אַרויסרופֿען אין פֿאָלק אַן אינטערעס צו זײַן געשיכטע, הן אין דעם זין פֿון פֿאַראייביגען די מעשׂים פֿון דער געגענוואַרט, הן אין דעם שטרעבען איבער־צוגעבען די קומענדיגע דורות די זכרונות וועגן עבר. און דעריבער זעהען מיר טאַקע, אַז צווישען די פֿאַרשיידענע באַאַמטע פֿון דוד ווערט דערמאָנט דער סופֿר, דער קיניגליכער שרײַבער. דער חוב פֿון דעם סופֿר איז געווען צו פֿיהרען אַ שטענדיגען גענויעם רייסטער, אַ כראָניק, איבער אַלע וויכטיגע מעשׂים, וואָס קומען פֿאָר פֿאַר דער רעגירונגס־צײַט פֿון קיניג. אַחוץ דעם דאַרף מען משער זײַן, אַז אין דוד׳ס צײַט זײַנען געמאַכט געוואָרען די ערשטע התחלות צו־נויפֿצוקלײַבען די ווערק פֿון ישׂראלישען העראָאישען עפּאָס, וואָס איז דערנאָך פֿאַר־אייניגט געוואָרען אין צוויי זעלבשטענדיגע זאַמלונגען, וואָס ווערען דערמאָנט אין תנ״ך*: „דאָס בוך פֿון יהוה׳ס מלחמות" (ספר מלחמות יהוה) און „דאָס בוך

* זעה במדבר כ״א 14; יהושע י׳ 13.

פֿון די גערעכטע" (ספר הישר). ווען מען בעטראַכט די קורצע ביבלישע ציטאַטען פֿון די דאָזיגע ספרים, קאָן מען קומען צו דער איבערצייגונג, אַז דאָס זיינען געווען זאַמעל-ווערק פֿון היסטאָרישע לידער. די איבערגעבליבענע שטיקער פֿון די אַלטע פֿאָלקס-ביכער זאָגען עדות וועגען דער הויכער פּאָעטישער שענקייט פֿון דעם דאָזיגען פֿאַרלאָרען-געגאַנגענעם פֿאָלקס-עפּאָס.

איף אַזאַ אופֿן שטעלט די מלוכה-צייט פֿון דוד פֿאָר אַ תקופה פֿון גליקליכע אין פֿרוכטבאַרע התחלות אין אַלע צווייגען פֿון פּאָליטישען און גייסטיגען לעבען, אַ תקופה פֿון ערשטען אויפֿבליהען פֿון די שאַפֿענדע פֿאָלקס-כּחות. עס איז דעריבער שוין לייכט צו פֿאַרשטעהן, פֿאַרוואָס דוד איז געוואָרען דער געליבטער העלד פֿון דער פֿאָלקס-פֿאַנטאַזיע, און זיין צייט — די פֿאַרקערפּערונג פֿון נאַציאָנאַלן כּבוד און פֿון נאַציאָנאַלע האָפֿענונגען.

Reuss—Die Gesshichte der Heiligen Schriften des Alten Testaments, 1890.

---

## XV. די תנ"ך-ערצעהלונגען וועגען די ערשטע מלכים און וועגען דער צעטיילונג פֿון דער מלוכה.

שאול'ס טויט.

נאָך דעם, אַז דוד האָט זיך אומגעקעהרט קיין צקלג נאָך דעם נצחון איבער די עמלקים און איז אָבגעווען דאָרטען צוויי טעג, ערשט עס קומט פּלוצלונג אויפֿ'ן דריטען טאָג אַ מענש פֿון שאולס לאַגער: די קליידער זיינען אויף איהם צעריסען, און זיין קאָפּ איז בעשאָטען מיט ערד. געקומען צו דוד'ן, איז ער געפֿאַלען צו דער ערד און איינגעבויגען זיך פֿאַר איהם. און דוד האָט איהם געפֿרעגט: „וואָס איז געשעהן? דערצעהל מיר". און יענער האָט געזאָגט: „דאָס פֿאָלק איז זיך צעלאָפֿען פֿון מלחמה-פֿעלד, און אַ גרויסער טייל פֿון פֿאָלק איז געפֿאַלען, און שאול און זיין זוהן יונתן זיינען דערהרג'עט". און דוד האָט געפֿרעגט ביי דעם יונגען מענשען, וואָס האָט דערצעהלט איהם: „פֿון וואַנען ווייסטו, אַז שאול און זיין זוהן יונתן זיינען טויט?" און עס האָט געזאָגט דער יונגער מענש, וואָס האָט איהם דערצעהלט: „איך בין צופֿעליג געקומען פֿון באַרג גלבוע — ערשט שאול שטעהט אָנגעשפּאַרט אויף זיין שפּיז, און די רייטוועגען און רייטער דערגרייכען צו איהם באַלד. ער האָט זיך אַרומגעקוקט אויף הינטען און, דערזעהענדיג מיך, האָט ער מיך צוגערופֿען. „און איך האָב געזאָגט: „אָט בין איך". ער האָט מיך געפֿרעגט: „ווער ביסטו?" און איך האָב איהם געענטפֿערט: איך בין אַן עמלקי". דאַן האָט ער געזאָגט צו מיר: „גיה צו צו מיר און טויט מיך, ווייל אַ טויט-ציטערניש האָט מיך אָנגעכאַפּט, און קוים וואָס איך לעב". און איך בין צוגעגאַנגען צו איהם און האָב איהם געטויט, ווייל איך האָב געוואוסט, אַז ער וועט ניט בלייבען לעבען פֿון דעם שלאָג. דערנאָך האָב איך גענומען די קרוין, וואָס אויף זיין קאָפּ און דעם בראַסלעט פֿון זיין האַנט און געבראַכט זיי אַהער צו מיין האַר". דאַן האָט דוד זיך אָנגעכאַפּט פֿאַר זיינע קליידער און האָט זיי צעריסען, און אַזוי האָבען געטאָן אויך אַלע, וואָס זיינען געווען מיט איהם, און זיי האָבען געקלאָגט, און געוויינט, און געפֿאַסט ביזן אָווענט איבער

שאולן און זיין זוהן יהונתן און דאָס פאָלק פון יהוה, און דאָס הויז פון ישראל, וואָס זיינען געפאַלען פון שווערד. און דוד האָט געפרעגט דעם יונגען מענשען, וואָס האָט איהם דערצעהלט: „פון וואַנען ביסטו?“ און יענער האָט געזאָגט: „איך בין דער זוהן פון אַן „עמלקישען פרעמדען“. און דוד האָט צו איהם געזאָגט: „ווי זשע האָסטו ניט מורא געהאַט אויפצוהויבען אַ האַנט אויפ'ן געזאַלבטען פון יהוה?“ און דוד האָט צוגערופען איינעם פון די קריגסלייט און געזאָגט צו איהם: „טויט אָט דעם!“ און יענער האָט איהם געטויט, און ער איז געשטאָרבען. און דוד האָט געזאָגט: דיין קאָפּ בעצאָהלסטו פאַר דיין בלוט; דיין אייגענער מויל האָט עדות געזאָגט אַנטקעגען דיר, ווען דו האָסט געזאָגט: „איך האָב געטויט דעם געזאַלבטען פון יהוה“.

דוד'ס ליד אויפן טויט פון שאול און יהונתן.

און דוד האָט בעוויינט שאולן און זיין זוהן יהונתן מיט אָט דעם קלאָג-ליד:

דיין פראַכט, אָ ישראל, ליגט דערשלאָגען אויף דיינע הויכענישען!
ווי זיינען געפאַלען די העלדען!
דערצעהלט ניט אין גת,
זאָגט ניט אָן אויף די גאַסען פון אַשקלון,
כדי ס'זאָלען זיך ניט פרעהען די פלשתים'ס טעכטער,
ניט לוסטיג זיין די טעכטער פון די ניט-בעשניטענע.

אידר, בערג גלבוע,
עס זאָל אויף אייך ניט פאַלען ניט טוי, ניט רעגען, אידר טויטען-פעלדער;
וויל דאָרטען ליגט פאַרוואָרפען דער שילד פון די העלדען
שאול'ס שילד ניט געזאַלבט מיט בוימעל;*

אָהן בלוט פון פאַרוואונדעטע,
אָהן פעטקייט פון העלדען
פלעגט יהונתנ'ס בויגען ניט אומקעהרען זיך פון מלחמה
און שאולס שווערד פלעגט ניט צוריקקומען אַהיים.

שאול און יהונתן, די געליבטע און די אָנגענעמע,
ביים לעבען ווי ביים טויט האָבען זיי זיך ניט געשיידט, —
זיי, וואָס זיינען געווען פלינקער פאַר די אָדלערס
שטאַרקער פאַר די לייבען.

אידר טעכטער פון ישראל!
וויינט איבער שאול'ן,

* אזוי ווי די מלחמה איז געווען אַ הייליגע זאַך, פלעגט דאָס פאָלק פאַרן ארויסגעהן אויפן מלחמה-פעלד זאלבען זיין געוועהר מיט בוימעל, און דורכדעם הייליגען איהם פאַר גאָט.

—

ער האָט אַיךְ אָנגעטאָן אין רויטען געוואַנט מיט טײַערן פּוץ,
און האָט אָנגעהאַנגען גאָלדענע צירונגען אויף אײַערע קליידער.

ווי זײַנען געפֿאַלען די העלדען אין מלחמה־פֿעלד,
יהונתן אויף דײַנע הויכֿענישען — אַ דערשלאָגענער!
צעה איז מיר פֿאַר דיר, מײַן ברודער יהונתן, ווי ביסטו מיר טײַער געווען!
דײַן ליבע איז מיר געווען אָנגענעמער פֿון פֿרויען־ליבע.

ווי זײַנען געפֿאַלען די העלדען
פֿאַרלאָרען געגאַנגען די מלחמה־געוועהר!

———————

דוד'ס ארויפֿ־טרעטען אויפֿן מלוכה־שטול און די איינעמונג פֿון ירושלים.

און עס זײַנען געקומען די ישׂראלישע שבֿטים צו דוד'ן קיין חבֿרון און האָבען געזאָגט צו איהם: מיר זײַנען דאָך דײַן ביין און דײַן פֿלייש; שוין פֿון אַמאָליגע צײַטען אָן, ווען שאול האָט נאָך געקיניגט איבער אונז, ביסטו געווען דער, וועלכֿער האָט געפֿיהרט ישׂראל'ן אויף מלחמה און געבראַכֿט איהם צוריק אַהיים; דערצו האָט יהוה געזאָגט צו דיר: „דו וועסט פֿיטערן מײַן פֿאָלק ישׂראל, דו וועסט זײַן ישׂראל'ס פֿיהרער“. און עס זײַנען אָנגעקומען די ישׂראלישע זקנים קיין חבֿרון צו דוד'ן. און דער קיניג דוד האָט מיט זיי געשלאָסען אַן אָבמאַך אין חבֿרון פֿאַר'ן געזיכֿט פֿון יהוה, און זיי האָבען געזאַלבט דוד'ן פֿאַר אַ קיניג איבער ישׂראל. דרײַסיג יאָהר איז דוד אַלט געווען, בשעת'ן אָנהויב פֿון זײַן מלוכֿה; פֿערציג יאָהר האָט ער געקיניגט: אין חבֿרון איבער יהודה האָט ער געקיניגט זיבען יאָהר מיט זעקס חדשים, און אין ירושלים האָט ער געקיניגט דרײַ און דרײַסיג יאָהר איבער גאַנץ ישׂראל און יהודה. ווען דער קיניג האָט זיך דערנעהנטערט מיט זײַן וואַך צו ירושלים אַנטקעגען די יבֿוסים, די אײַנוואוינער פֿון יענעם לאַנד, האָבען זיי געזאָגט צו דוד'ן: „דו וועסט אַהערצו ניט אָנקומען; די בלינדע און הינקענדיגע וועלען דיך פֿאַריאָגען“. [דאָס האָט געדאַרפֿט בעדײַטען: דוד וועט אַהערצו ניט אַרײַנקומען]. אָבער דוד האָט אײַנגענומען די פֿעסטונג ציון [דאָס איז די שטאָט פֿון דוד]. און דוד האָט געזאָגט אין יענעם טאָג: „טויטענדיג די יבֿוסים, זאָל יעדער צעשלאָגען מיט'ן שווערד אויך די הינקעדיגע און בלינדע“. דערפֿאַר געהט אַ וואָרט: „אַ בלינדער און הינקעדיגער זאָל ניט אַרײַנקומען אין הויז“.

און דוד האָט זיך בעזעצט אין פֿעסטונג און האָט זי אַ נאָמען געגעבען: די שטאָט פֿון דוד און ער האָט אויסגעבויט אַ שטאָט אַרום און אַרום, פֿון מלוא** אינעווייניג אַרײַן. און עס האָט זיך געשטאַרקט דוד'ס ממשלה, און יהוה, דער גאָט פֿון די חילות, איז געווען מיט איהם. און חירם, דער קיניג פֿון צור, האָט געשיקט צו דוד'ן שלוחים מיט צעדער־בוימער, בויער און שטיינ.

* אַ וויץ, וואָס מען האָט, קענטיג, ניט געגוג פֿאַרשטאַנען און וואָס איז דערפֿאַר פֿאַרגרײַזט איבערגעגעבען געוואָרען אונז דורך אַ שפּעטערדיגען תנ"ך־שרײַבער.

** אַ טורעם, וועלכער איז געווען אַ טייל פֿון דער ירושלים'ער פֿעסטונג.

האַקער, און זיי האָבען אויסגעבויט דוד'ן אַ הויז. און דוד האָט דערזעהן, אַז יהוה האָט איהם בעפעסטיגט פאַר אַ קעניג איבער ישׂראל, אַז ער האָט דערהויבען זיין מלוכה פון זיין פאָלק ישׂראל'ס וועגען.

דער נצחון איבער די פלשתים.

ווען די פלשתים האָבען דערהערט, אַז מען האָט דוד'ן געזאַלבט פאַר אַ קעניג איבער גאַנץ ישׂראל, האָבען זיך אַלע פלשתים אַוועקגעלאָזען פאַנגען דוד'ן. און דוד האָט דערהערט און זיך פאַרשלאָסען אין פעסטונג. נאָר ווען די פלשתים זיינען געקומען און זיך אויסגעשטעלט אין רפאים=טאָל, האָט דוד אָנגעפרעגט ביי יהוה: „זאָל איך דען געהן אַנטקעגען די פלשתים? וועסטו זיי איבערגעבען אין מיינע הענט?" און יהוה האָט געזאָגט: „געה, און איך וועל איבערגעבען די פלשתים אין דיינע הענט". און דוד איז אַוועק קיין בעל=פרצים. ווען דוד האָט זיי צעשלאָגען דאָרטען, האָט ער אויסגערופען: „יהוה האָט אַוועקגעטראָגען מיינע פיינד, ווי עס טראָגט אַוועק דאָס וואַסער, ווען עס רייסט זיך דורך". דערפאַר האָט מען אַ נאָמען געגעבען יענעם אָרט בעל פרצים (דער גאָט פון דורכרייסונג). און זיי האָבען דאָרטען געלאָזען זייערע געטער, און דוד מיט זיין וואַך האָבען זיי גענומען. און די פלשתים זיינען אויף דאָס ניי געקומען און זיך אויסגעשטעלט אין רפאים=טאָל. און ווען דוד האָט אָנגעפרעגט ביי יהוה, האָט ער איהם געענטפערט: „געה צו זיי ניט אַרויס אַנטקעגען, נאָר געה זיי אַרום פון הינטען און פאַל אויף זיי אָן פון דעם זייד=בוימער=וועלדעל אַרויס. און ווען דו וועסט דערהערען פונקט ווי אַ גערויש פון טריט, וואָס טראָגט זיך איבער די שפּיצען פון די זייד=בוימער, דאַן לאָז זיך אין שלאַכט, ווייל יהוה איז דורכגעגאַנגען פאַר דיר פאָראויס, כדי צו דערשלאָגען דעם פלשתישען חיל". און דוד האָט געטאָן אַזוי, ווי עס האָט איהם פאַרזאָגט יהוה, און ער האָט צעשלאָגען די פלשתים פון גבעון ביז גזר.

איבערטראָגונג פון יהוה'ס אָרון אויפן באַרג.

און דוד האָט אויף דאָס ניי צונויפגעקליבען די אויסגעוועהלטע מענער פון ישׂראל: דרייסיג טויזענט. און דוד האָט זיך געלאָזען אין וועג מיט אַלעמען, וועלכע זיינען געווען מיט איהם, און איז אַוועק אויף בעלת, וואָס אין לאַנד יהודה, כדי איבערצוטראָגען פון דאָרטען דעם געטליכען אָרון, וועלכער טראָגט דעם נאָמען פון יהוה, דעם חילות=גאָט, וואָס זיצט איבער די כרובים. און מען האָט אַוועקגעשטעלט דעם געטליכען אָרון אויף אַ נייעם וואָגען און אַרויסגעפיהרט איהם פון אַבינדב'ס הויז, וואָס אויפ'ן בערגעל, און אַבינדב'ס זיהן עזא און אַחיו האָבען געפיהרט דעם נייעם וואָגען. עזא איז געגאַנגען גלייך מיט'ן וואָגען און אַחיו פון פאָרענט. און דוד און אַלע בני ישׂראל האָבען געטאַנצט פאַר יהוה מיט אַלע כחות אונטער דער מוזיק=שפּיל פון ציטרעס און האַרפען, פויקען, גלעקעלעך און צימבלען (זעה בילד 8). און ווען זיי זיינען געקומען ביז'ן שייער פון נכון, האָט עזא אויסגעשטרעקט זיין האַנט צום געטליכען אָרון, און אונטערגעהאַלטען איהם, ווייל די אָקסען האָבען זיך אויסגעגליטשט. און יהוה איז אין כעס געוואָרען אויף עזא'ן, און גאָט האָט איהם דערשלאָגען דערפאַר, וואָס ער האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנט צום אָרון, און ער איז געשטאָרבען דאָרטען גופא ביים געטליכען אָרון. און דוד איז געווען ברוגז פאַר דאָס, וואָס יהוה האָט דערשלאָגען עזא'ן. יענער אָרט רופט זיך אָן ביז היינטיגען טאָג: פרץ עזא (דער אונטערגאַנג עזא'ס).

אין עס האָט אָנגעכאַפּט דוד׳ן אין יענעם טאָג אַ שרעק פאַר יהוה, און ער האָט געזאָגט: „ווי וועט קומען צו מיר דער אָרון פון יהוה?“ און דוד האָט ניט געוואָלט פירען דעם אָרון פון יהוה צו זיך, אין שטאָט פון דוד. און ער האָט איהם אָבגעשיקט אין הויז אַריין פון עבד אדם קיין גת.

און דער אָרון פון יהוה איז געבליבען אין הויז פון עבד אדם אין גת דריי חדשים. יהוה האָט געבענשט עבד אדם און זיין גאַנץ הויז. ווען מען האָט דעם קיניג דוד איבערגעגעבען: — „יהוה האָט געבענשט דאָס הויז פון עבד אדם און אַלץ, וואָס געהערט צו איהם, איבער דעם געטליכען אָרון“, איז דוד אַוועק און האָט פייערליך איבערגעטראָגען דעם געט-ליכען אָרון פון עבד אדמ׳ס הויז אין דוד׳ס שטאָט אַריין. און ווען די, וועל-כע האָבען געטראָגען דעם אָרון פון יהוה, זיינען דורכגעגאַנגען די ערשטע זעקס טריט, האָט ער געבראַכט אַ קרבן אַן אָקס און אַ געשטאָפּטען קאַלב. און דוד האָט געטאַנצט מיט אַלע כחות פאַר יהוה; אָנגעטאָן איז ער געווען אין אַ געוואַנ-טענער קליידונג (אפוד); און דוד און דאָס גאַנצע פאָלק ישראל האָבען בעגלייט דעם אָרון פון יהוה מיט פרייד-געשרייען און שאַלערייַ פון שופרות. ווען דער אָרון פון יהוה איז אָנגעקומען אין דער שטאָט פון דוד, האָט מיכל, שאולס טאָכטער (דוד׳ס ווייב), געקוקט דורכ׳ן פענסטער, און בשעת זי האָט דערזעהן דוד׳ן, ווי ער טאַנצט און שפּרינגט פאַר יהוה, האָט זי דערפיהלט אַ פאַראַכטונג צו איהם. און מען האָט געבראַכט דעם אָרון פון יהוה און מען האָט איהם אַוועקגעשטעלט אויף זיין אָרט אין מיטען געצעלט, וואָס דוד האָט פאַר איהם צעשפּרייט *, און דוד האָט גע-בראַכט פייער-אָפּפערס פאַר יהוה און פרידען-קרבנות. ווען דוד האָט שוין גע-ענדיגט צו ברענגען די פייער-אָפּפערס און די פרידען-קרבנות, האָט ער געבענשט דאָס פאָלק אין נאָמען פון יהוה דעם חילות-גאָט, און האָט צעטיילט דעם גאַנצען פאָלק, אַלע צוזאַמענגעקומענע בני ישראל, סיי די מאַנסביל סיי די ווייבער צו איין ברויט, צו שטיק געבראָטענע פלייש און צו איין זיסען קוכען יעדען. נאָכדעם איז זיך דאָס גאַנצע פאָלק צעגאַנגען אַהיים.



בילד 8: אלט-שמישע כלי-זמר.

די מוזיק-אינסטרומענטען (פון לינקס אויף רעכטס); אַ פויק (תוף), אַ פינף סטרוניגע ציטרע (כנור), אַ צימבעל (צלצלים) און אַ זיבען-סטרוניגע ציטרע.

* עס רעדט זיך דאָ וועגען אַ ספּעציעל איינגעאָרדענטען געצעלט, ווייל דער אָרון האָט, ווי עס ווייזט אויס, ביז דעמאָלט נאָך ניט געהאַט קיין בעשטימטען אָרט. וועגען דעם אַזוי גערופענעם משכן (אוהל מועד), וואו דער אָרון האָט זיך געדאַרפט געפינען נאָך דעם דין פון דער תורה, זעה דעם אַרטיקעל: „דער גייסטיגער צושטאַנד פון יודישען פאָלק אין דער תקופה פון עזרא און נחמיה“.

געשיקט זאָגען שלמה'ן: „איך האָב אויסגעהערט דאָס, וועגען וואָס דו האָסט געשיקט צו מיר. איך פֿון מיין זייט וועל אויספֿיל'ען דאָס אַלץ, וואָס דו ווילסט, וועגען צעדערן־ און קיפּאַריסען־וואַלד; מיינע קנעכט וועלען איהם אַראָבפֿיהרען פֿון לבנון צום ים, און איך וועל זיי מיט פּליטען צושטעלען צו יענעם אָרט, וועלכען דו וועסט מיר אָנווייזען; דאָרטען וועל איך איהם אַרויסלעגען, און דו וועסט איהם שיקען נעמען. אָבער דו זאָלסט אויך ערפֿילען מיין וואונש און צושטעלען מיר ברויט פֿאַר מיין הויף". און חירם האָט צוגעשטעלט שלמה'ן צעדערן־ און קיפּאַריסען־בוימער, וויפֿיל ער האָט געוואָלט, און שלמה האָט צוגעשטעלט צוואַנציג טויזענט כר ווייץ פֿאַר דער אויסהאַלטונג פֿון זיין הויף און צוואַנציג טויזענט בת בוימעל פֿון אויסגעדריקטע איילבערטען — אַזויפֿיל האָט שלמה צוגעשטעלט חירמ'ען יעדעס יאָהר. און דער קיניג שלמה האָט אַרויפֿגעלעגט אַ התחיבות אויף גאַנץ ישראל, און געהייסען אַרויסשטעלען דרייסיג טויזענט מאַן. און ער האָט געשיקט זיי אויפֿ'ן לבנון, ביימענדיג צו צעהן טויזענט מאַן יעדען חודש: אַ חודש זיינען זיי געווען אויפֿ'ן לבנון און צוויי חדשים ביי זיך אין דער היים, און פֿאַר אַן אָנפֿיהרער איבער זיי איז בעשטימט געוואָרען אַדנירם.

די הייליגונג פון בית המקדש.

און ווען די גאַנצע אַרבייט, וועלכע עס האָט פֿאָרגענומען דער קיניג שלמה פֿאַרן בית המקדש פֿון יהוה, איז פֿאַרענדיגט געוואָרען, האָט שלמה איבערגעטראָגען אַהינצו די מתנות, וואָס זיינען געהייליגט געוואָרען דורך דוד זיין פֿאָטער; זילבער און גאָלד און די גאַנצע כלים, און האָט זיי אָבגעגעבען אין די קאַמערן פֿון בית המקדש.

און שלמה האָט דאַן צונויפֿגערופֿען די זקנים פֿון ישראל און אַלע אָנפֿיהרער פֿון די שבטים, די פֿאָרשטעהער פֿון די ישראל'שע משפחות, צום קיניג שלמה קיין ירושלים, כדי איבערצוטראָגען דעם אָרון [פֿון בונד] יהוה'ס פֿון דוד'ס שטאָט, דאָס הייסט, פֿון ציון. און עס האָבען זיך אויפֿגעקליבען צום קיניג שלמה אַלע בני ישראל אין חודש איתנים, אויף יום טוב, דאָס הייסט, אין זיבעטען חודש, און עס זיינען געקומען די ישראל'שע זקנים און די כהנים האָבען אויפֿגעהויבען דעם אָרון און האָבען אַוועקגעטראָגען דעם אָרון פֿון יהוה [און דעם אהל מועד און אַלע הייליגע זאַכען, וועלכע זיינען געווען אין אהל; און די כהנים און לויים האָבען זיי אַוועקגעטראָגען. און דער קיניג שלמה, און מיט איהם די גאַנצע געמיינדע פֿון ישראל, וואָס האָט זיך אויפֿגעקומען צו איהם, זיינען געשטאַנען ביי דעם אָרון און געבראַכט פֿאַר אַ קרבן שעפּסען און אָקסען אין אַזאַ גרויסער צאָהל, וואָס מען קאָן זי ניט איבערצעהלען און בעשטימען*]. און עס האָבען אַריינגעטראָגען די כהנים דעם

* „די געמיינדע פון ישראל", „די כהנים און לויים"—דאָס זיינען אויסדרוקען, וואָס שטימען ניט מיטן אלגעמיינעם כאראקטער פון דער ערצעהלונג, וואָס שטעלט פאַר ישראל אלס א פאָלק, וואָס איז איינגעטיילט אין משפחות און שבטים, און וואָס ווייס נאָך ניט פון די לויים, ווי פון א בעזונדער קלאַס באַסדינער, אחוץ די כהנים (זעה דעם סוף פון דעם ארטיקעל אין די בעמערקונגען). די דאָזיגע שטריכען, וועלכע כאראקטעריזירען גיכער די שפּעטערדיגע עפּאָכע פון דער יודישער געשיכטע, זיינען געוויס אַריינגעשטעלט געוואָרען שפּעטער

ווען דוד האָט זיך אומגעקעהרט אַהיים, כּדי צו בּעגריסען די זײַניגע, איז מיכל, שאול'ס טאָכטער, אַרויסגעגאַנגען איהם אַנטקעגען מיט פֿאָלגענדע ווערטער: „נו, האָט זיך הײַנט אַמאָל אויסגעצייכענט דער ישראל'שער קיניג, אָבּדעקענדיג זיך* פֿאַר די אויגען פֿון זײַנע קנעכט, דינסטען, ווי עס וואָלט פּאַסען פֿאַר עמיצען פֿון המון". און דוד האָט געזאָגט צו מיכל: „איך וועל שטענדיג טאַנצען פֿאַר יהוה, וועלכער האָט מיך העכער געשעצט פֿאַר דײַן פֿאָטער און פֿאַר זײַן גאַנצען הויזגעזינד, און בּעשטימט מיך פֿאַר אַ פֿיהרער פֿון ישראל, זײַן פֿאָלק, און שטענדיג וועל איך שפּילען פֿאַר יהוה! און איך בּין נאָך דאָס אויך ניט ווערט, איך וויל זיך ניט נאַרען. און צודען זאָל איך זוכען כּבוד בּײַ יענע דינסטען, וועגען וועלכע דו האָסט גערעדט?"

שמואל ב, קאַפּיטעל א, ה—ו.

— — — — — —

שלמה'ס מלוכה.

דער בּנין פֿון בּית הַמִקדש.

און שלמה האָט געקיניגט איבּער גאַנץ ישראל, און זײַן ממשלה איז געווען איבּער אַלע מלוכות פֿון טײַך פּרת אָן בּיז'ן פּלשתים־לאַנד און בּיז די גרעניצען פֿון מצרים. זיי האָבּען געצאָהלט צינס און זײַנען געווען אונטערטעניג שלמה'ן אין משך פֿון זײַן גאַנצער מלוכה.

און חירם, דער קיניג פֿון צור, ווען ער האָט דערהערט, אַז מען האָט געזאַלבּט שלמה'ן פֿאַר אַ קיניג אָנשטאָט זײַן פֿאָטער, האָט ער געשיקט צו איהם זײַנע שלוחים, ווײַל חירם איז געווען שטענדיג דוד'ס אַן אמת'ער פֿרײַנד. און שלמה האָט געשיקט זאָגען חירם'ען: „דו ווייסט, אַז דוד, מײַן פֿאָטער, האָט ניט געקאָנט בּויען קײַן בּית המקדש אין נאָמען פֿון יהוה, זײַן גאָט, איבּער די מלחמות מיט די שכנישע פֿעלקער, וואָס האָבּען אַלין ניט אויפֿגעהערט, בּיז יהוה האָט זיי איהם ניט אונטערגעגעבּען. איצט אָבּער האָט יהוה, מײַן גאָט, מיר געשענקט שלום פֿון אַלע זײַטען: איך האָבּ ניט קײַן שונא, און עס איז ניטאָ מעהר קײַן שטערונגען. און אָט האַלט איך בּײַ בּויען אַ הויז אין נאָמען פֿון יהוה, מײַן גאָט, ווי יהוה האָט געזאָגט צו מײַן פֿאָטער דוד: דײַן זוהן, וואָס איך וועל איהם אַוועקזעצען אָנשטאָט דיר אויף דײַן שטוהל, ער וועט אויפֿבּויען אַ הויז אין מײַן נאָמען. דערפֿאַר פֿאַרזאָג, אַז מען זאָל אויסהאַקען פֿאַר מיר אויפֿ'ן לבנון צעדער־בּוימער, און מײַנע קנעכט וועלען אַרבּײַטען צוזאַמען מיט דײַנע קנעכט, און איך וועל דיר איבּערגעבּען די שכירות פֿאַר דײַנע קנעכט אין דער מאָס, וואָס דו וועסט בּעשטימען; דו ווייסט דאָך, אַז בּײַ אונז איז ניטאָ קײַן מענשען, וואָס זאָלען קאָנען האַקען אַ שטעהענדיגען וואַלד אַזוי, ווי די צידונים".

ווען חירם האָט דערהערט שלמה'ס ווערטער, האָט ער זיך דערפֿרעהט און געזאָגט: „געבּענשט זאָל איצט זײַן יהוה, וועלכער האָט געגעבּען דוד'ן אַ קלוגען זוהן — אַ הערשער איבּער דעם צאָהלרײַכען פֿאָלק!" און חירם האָט

* דער אפוד, א געוואַנטענע קליידונג פון די כהנים, האָט זיך פארצייטען אָנגעטאָן אויפן הוילען לייב.

אָרון פֿון יהוה׳ס [בונד] אויף זײַן אָרט, אין דער טיף פֿון בית המקדש, אין קדשי-קדשים אונטער די פֿליגלען פֿון די כּרובֿים. [ווײַל די כּרובֿים האָבען צעשפּרייט זייערע פֿליגלען איבער דעם אָרט פֿון אָרון און אויף אַזאַ אופֿן צוגעדעקט פֿון אויבען דעם אָרון און זײַנע שטאַנגען. און די שטאַנגען זײַנען געווען אַזוי לאַנג, אַז זייערע עקען האָבען זיך אַרויסגעזעהן פֿון הייליגטום, וואָס פֿאַר דעם קדשי-קדשים, נאָר פֿון אויסווייניג האָט מען זיי ניט געקאָנט זעהן; דאָרטען זײַנען זיי געבליבען אויך ביז איצט. אין אָרון איז גאָרנישט ניט געווען, אויסער די צוויי שטיינערנע לוחות, וועלכע משה האָט אַהינצו אַרײַנגעלעגט אויפֿ׳ן חורב, די לוחות פֿון בונד, וועלכען יהוה האָט געשלאָסען מיט די בני ישראל בשעת זייער אַרויסגאַנג פֿון לאַנד מצרים].

ווען די כּהנים זײַנען אַרויסגעגאַנגען פֿון הייליגטום, האָט אַ וואָלקען אָנגעפֿילט דעם בית-המקדש פֿון יהוה אַזוי, אַז די כּהנים האָבען ניט געקאָנט צוגעהן אָבהאַלטען דעם גאָטעסדינסט איבער דעם וואָלקען, ווײַל די פּראַכט פֿון יהוה האָט אָנגעפֿילט דעם בית-המקדש פֿון יהוה; דאַן האָט שלמה געזאָגט:

יהוה! דו, וועלכער האָט אויסדערוועהלט צו וואוינען הינטער די וואָלקענס,
אָט האָב איך דיר אויסגעבויט אַ וואוינונג,
אַן אָרט פֿאַר דײַן לעבען אייביג.

די ווערטער זײַנען, ווי בעוואוסט, אָנגעשריבען אין בוך פֿון די גערעכטע.

———————

שלמה׳ס געצענדינערײַ. יהוה׳ס כּעס.

דער קיניג שלמה האָט ליב געהאַט, אַחוץ פּרעה׳ס טאָכטער, נאָך פֿיל פֿרעמדלענדישע פֿרויען: מואָבֿ׳ישע, עמונ׳ישע, אֶדומ׳ישע, צידונ׳ישע, חת׳ישע, דאָס הייסט אַזעלכע, וואָס געהערען צו יענע פֿעלקער, וואָס וועגען זיי האָט יהוה געזאָגט די בני ישראל: „ניט מישט זיך אויף מיט זיי, און זיי זאָלען זיך ניט אויפֿמישען מיט אײַך, כּדי זיי זאָלען אײַך ניט פֿאַרפֿיהרען צום דינסט פֿון זייערע געטער. און זיי האָט ליב געהאַט שלמה. און עס זײַנען געווען בײַ איהם זיבען הונדערט קיניגליכע ווײַבער און דרײַ הונדערט קעבס-ווײַבער, און די ווײַבער האָבען איהם צעלאָזען געמאַכט. ווען שלמה איז אַלט געוואָרען, האָבען איהם די ווײַבער פֿאַרפֿיהרט צו דינען אַנדערע געטער, און זײַן האַרץ איז ניט געווען אינגאַנצען געטרײַ יהוה, זײַן גאָט, ווי דאָס האַרץ פֿון דוד, זײַן פֿאָטער. און שלמה האָט אָנגעהויבען דינען צו דער עשתּרות,

אין דעם פריהערדיגען טעקסט. דאָסגלייכען מוז מען זאָגען אויך וועגען דעם „משכּן" אָדער דעם אהל מעד (דעם געצעלט פון דער ערשיינונג). דער מחבר פון דעם אריינגעשטעלטען טייל זאָגט נאָר, אַז מען האָט איהם „איועקגעטראָגען", ער דערצעהלט אָבער גאָרנישט וועגען דעם, וואוהין מען האָט איהם אװעקגעשטעלט אָדער וואָס האָט מען מיט איהם געטאָן: דאָס דערקלערט זיך אויך גאַנץ פּשוט: אין דער געשילדערטער סביבה איז ניט געווען קיין אָרט פֿאַר אַ משכּן, דאָס הייסט, פֿאַר אַ בעוועגליכען טעמפעל. אויספיהרליכער וועגען דעם זעה אין דעם אַרטיקעל: „דער גייסטיגער צושטאַנד פון יודישען פֿאָלק אין דער תקופה פון עזרא און נחמיָה".

דער צידוניִשער גאָטהייט, און מלכּם, דעם אוּיסוואָרף פון עמון. און שלמה האָט זיך געפירט אַזוי, ווי עס איז ניט געפעלען יהוה, און איז ניט געווען אינגאַנצען אוּנטערטעניג פאַר יהוה, ווי דוד, זיין פאָטער. דעמאָלט האָט שלמה אוּיפגעבוּיט אַ הוּילעניש פאַר כּמוש, דעם אוּיסוואָרף פון מואב, אוּיפן באַרג, וואָס בּיי ירושלים, און פאַר מלך, דעם אוּיסוואָרף פון עמון. דאָסגלייכען האָט ער געטאָן אויך פאַר אַלע זיינע פרעמדלענדישע פרויען.

און יהוה איז אין כּעס געוואָרען אויף שלמהין דערפאַר, וואָס ער האָט זיך אָבגעקערט פון יהוה, דעם גאָט פון ישראל, וועלכער האָט זיך צו אים צוויי מאָל געוויזען און פאַרזאָגט אים, אַז ער זאָל זיך ניט בּויגען פאַר אַנדערע געטער. און ער האָט ניט אָבגעהיט דאָס, וואָס יהוה האָט אים פאַרזאָגט. און יהוה האָט געזאָגט צו שלמהין: „דערפאַר, וואָס דו האָסט זיך אַזוי געפירט און ניט אָבגעהיט דעם בּונד מיט מיר און מיינע געזעצען, וועלכע איך האָב דיר פאַרזאָגט, וועל איך פון דיר אָברייסען די מלוכה און זי אַוועקגעבּען דיין קנעכט. נאָר בּיי דיין לעבּען וועל איך דאָס ניט טון פון וועגען דוד, דיין פאָטער, ערשט פון דיין זוהנס האַנט וועל איך זי אָבּרייסען. און ניט די גאַנצע מלוכה וועל איך אָבּרייסען. איין שבט וועל איך געבען דיין זוהן פון וועגען דוד, מיין קנעכט, און פון וועגען ירושלים, וועלכע איך האָב אוּיסדערוועהלט“.

און גאָט האָט אָנגעשטעלט אַנטקעגען שלמהין רזון, דעם זוהן פון אֶלידע, וועלכער איז אַנטלאָפען פון זיין האַר הדד־עזר, דעם קיניג פון צובה, און ער האָט אָנגעקליבען אַרוּם זיך מענשען און איז געוואָרען אַן אָנפיהרער פון אַ באַנדע [אין דער צייט, בּשעת דוד האָט פאַרגענומען אַבּלוּטיגען קריג קעגען די אַרמים], און ער האָט אַיינגענומען דמשק, און האָט זיך דאָרטען בּעפעסטיגט און געקיניגט אין דמשק, און איז געווען אַ פיינד פון ישראל אין משך פון שלמה׳ס גאַנצער מלוכה־צייט.

ירבעם. די פאַר־אויסזאָגונג וועגען זיין מלוכה.

און ירבעם, דער זוהן פון נבט, אַן אפרים־מאַן פון צרדה, אַ זוהן פון אַן אַלמנה, שלמה׳ס אַ דינער, איז געוואָרען אוּיפגעבראַכט קעגען דעם קיניג. און די זאַך איז געווען אַזוי: שלמה האָט געבוּיט מלוא, כּדי צו פאַרשטעלען דעם דורכבּראָך אין דער שטאָט פון דוד, זיין פאָטער. ירבעם איז געווען אַ מענש אַ טעטיגער, און שלמה, אַז ער האָט געזעהן, אַז דער יוּנגער מענש פאַרשטעהט די זאַך, האָט אים בּעשטימט פאַר אַן אוּיפזעהער איבּער די צינס־אַרבּייטער פון הויז יוסף. און אָט אין יענער צייט האָט זיך ירבעם׳ען געמאַכט אַרוּיסצוגעהן פון ירושלים; און עס האָט אים בּעגעגענט אין וועג דער נביא אחיה פון שילה, און ער האָט דאַן געטראָגען אַ נייעם בּגד. אוּיפן פעלד זיינען זיי געווען בּיידע אַליין. און אחיה האָט גענומען דעם נייעם בּגד, וועלכער איז געווען אויף אים, און האָט אים צעריסען אויף צוועלף חלקים און געזאָגט צו ירבעם׳ען: „נעם זיך צעהן חלקים, ווייל אַזוי זאָגט יהוה, דער גאָט פון ישראל: אָט רייס איך אַרוּיס די מלוכה פון שלמה׳ס הענט און גיב דיר איבּער צעהן שבטים, און נאָר איין שבט וועט בּלייבּען בּיי

איהם, פֿון וועגען מײַן קנעכט דוד און פֿון וועגען דער שטאָט ירושלים, וועלכע
איך האָב אויסדערוועהלט פֿון אַלע ישראל'שע שבטים". און שלמה האָט גע=
וואָלט טויטען ירבעמ'ען; נאָר ירבעם איז אַנטלאָפֿען קײַן מצרים, צו שישק,
דעם מצרישען קיניג, און ער האָט געלעבט אין מצרים ביז שלמה'ס טויט.

שלמה'ס טויט און רחבעמ'ס אַרויפטרעטען אויפ'ן מלוכה=שטול.

און אַלץ דאָס איבעריגע וועגען שלמה'ן און אַלץ וואָס ער האָט געמאַכט
און זײַן חכמה זײַנען בעשריבען אין בוך פֿון שלמה'ס געשיכטע. און געקיניגט
האָט שלמה אין ירושלים איבער גאַנץ ישראל פֿערציג יאָהר. און שלמה איז
אַוועק רוהען מיט זײַנע עלטערן, און מען האָט איהם בעגראָבען אין דער
שטאָט פֿון דוד, זײַן פֿאָטער, און עס איז אַרויף אויפ'ן מלוכה=שטול אָנשטאָט
איהם זײַן זוהן רחבעם. און עס האָט דערהערט דערפֿון ירבעם, דער זוהן פֿון
נבט, וועלכער האָט זיך דאַן נאָך געפֿונען אין מצרים, וואוהין ער איז אַנטלאָ=
פֿען פֿון קיניג שלמה, און ער האָט זיך אומגעקעהרט פֿון מצרים.

די פֿאָלקס=פֿאַר=זאַמלונג אין שכם

און רחבעם איז אַוועק קײַן שכם, ווײַל אין שכם זײַנען זיך אויפֿגעקו=
מען אַלע בני ישראל, כדי איהם צו בעשטימען פֿאַר אַ קיניג, און זיי האָבען
געשיקט נאָך איהם און איהם גערופֿען. דאַן איז נעקומען ירבעם און די גאַנצע
פֿאַרזאַמלונג פֿון די בני ישראל און געזאָגט צו רחבעמ'ען אַזוי: „דײַן פֿאָטער
האָט אויף אונז אַרויפֿגעלעגט אַ שווערען יאָך, דו אָבער מאַך אונז לײַכטער
די שווערע אַרבײַט און דעם שווערען יאָך, וואָס עס האָט אויף אונז אַרויפֿגע=
לעגט דײַן פֿאָטער, און דאַן וועלען מיר דיר דינען". און ער האָט געזאָגט צו
זיי: „געהט זיך און אין דרײַ טעג אַרום קומט צו מיר ווײַטער". און דאָס
פֿאָלק איז אַוועק. און דער קיניג רחבעם האָט זיך אַן עצה געהאַלטען מיט די
אַלטע לײַט, וועלכע זײַנען געווען אַרום שלמה'ן, זײַן פֿאָטער, בײַ זײַן לע=
בען, און ער האָט זיי געפֿרעגט: וואָס פֿאַר אַן ענטפֿער ראַט איהר צו גע=
בען דעם פֿאָלק?" זיי האָבען איהם געענטפֿערט: „ווען דו וועסט זיך דאָס
מאָל אונטערגעבען דעם ווילען פֿון פֿאָלק, וועסט זיך צו איהם צוהערען און
בעפֿרידיגען דאָס פֿאָלק און וועסט רעדען מיט זיי געלאַסען, וועלען זיי דיר
זײַן געטרײַ אויף שטענדיג". נאָר ער האָט אָבגעוואָרפֿען די עצה, וואָס עס
האָבען איהם געגעבען די אַלטע לײַט, און האָט זיך געהאַלטען אַן עצה מיט
די יונגע מענשען, וואָס זײַנען אויסגעוואַקסען צוזאַמען מיט איהם און זיך גע=
פֿונען אַרום איהם, און ער האָט זיי געפֿרעגט: „וואָס פֿאַר אַן ענטפֿער זאָ=
לען מיר, נאָך אײַער מיינונג, געבען דעם פֿאָלק, וואָס האָט געזאָגט: „מאַך
לײַכטער דעם יאָך, וואָס עס האָט אויף אונז אַרויפֿגעלעגט דער פֿאָטער?"
און עס האָבען איהם געענטפֿערט די יונגע מענשען, וואָס זײַנען אויסגע=
וואַקסען מיט איהם צוזאַמען: „אַזוי גיב איבער דעם פֿאָלק, וואָס האָט געזאָגט
צו דיר: דײַן פֿאָטער האָט אַרויפֿגעלעגט אויף אונז אַ שווערען יאָך, דו אָבער
מאַך איהם אונז לײַכטער, — אָט אַזוי זאָג צו זיי: מײַן קליין פֿינגערל איז
גרעבער פֿאַר מײַן פֿאָטערס לענדען; אויב מײַן פֿאָטער האָט אײַך בעלאַסטיגט
מיט אַ שווערען יאָך, וועל איך נאָך שווערער מאַכען אײַער יאָך; מײַן פֿאָ=
טער האָט אײַך געשטראָפֿט מיט ריטער, און איך וועל אײַך שטראָפֿען מיט

סקאָרפּיאָנען". און אַט, ווען ירבֿעם איז מיט'ן גאַנצען פֿאָלק געקומען צו רחבֿעמ'ען אויפ'ן דריטען טאָג, ווי דער קעניג האָט בעפֿוילען, זאָגענדיג: „קומט צו מיר אויפ'ן דריטען טאָג" — האָט דער קעניג גענטפֿערט דעם פֿאָלק שטרענג און אָבוואַרפֿענדיג די עצה, וואָס עס האָבען איהם געגעבען די אַלטע לײַט, און האָט מיט זיי גערעדט, לויט דער עצה פֿון די יונגע מענשען, און געזאָגט: „מײַן פֿאָטער האָט אויף אײַך אַרויפֿגעלעגט אַ שווערען יאָך, און איך וועל נאָך שווערער מאַכֿען אײַער יאָך; מײַן פֿאָטער האָט אײַך געשטראָפֿט מיט ריטער, און איך וועל אײַך שטראָפֿען מיט סקאָרפּיאָנען". און דער קעניג האָט זיך ניט צוגעהערט צום ווילען פֿון פֿאָלק, ווײַל אַזוי איז געווען יהוה'ס בעשלוס, כּדי עס זאָל מקוים ווערען זײַן וואָרט, וואָס יהוה האָט אַרויסגערעדט דורך אַחיה פֿון שילה צו ירבֿעם דעם זוהן פֿון נבֿט. און ווען אַלע בני ישׂראל האָבען דערזעהן, אַז דער קעניג האָט זיי ניט געהערט, האָט דאָס פֿאָלק געענטפֿערט דעם קעניג:

וואָס איז פֿאַר אונז דוד?

מיר האָבען ניט קיין חלק אין דעם זוהן פֿון ישי!

צו דײַנע געצעלטען, ישׂראל!

איצט האַלט זיך בײַ דײַן הויז, דוד!

**די צעטיילונג פון דער מלוכה.**

און עס זײַנען אַוועק די בני ישׂראל יעדערער צו דאָס זײַניגע. נאָר איבער די בני ישׂראל, וואָס האָבען געלעבט אין די שטעט פֿון לאַנד יהודה, איז רחבֿעם געבליבען אַ קעניג. און ווען דער קעניג רחבֿעם האָט געשיקט אדנירמ'ען איבערצוקלײַבען דעם צינז, האָבען איהם אַלע בני ישׂראל ביז אויף טויט פֿאַרוואָרפֿען מיט שטיינער; און דער קעניג רחבֿעם איז גיך אַרויפֿגעשפּרונגען אויפ'ן רײַטוואָגען און איז אַנטלאָפֿען קיין ירושלים. און עס האָט זיך אָבגעווענדט ישׂראל פֿון דוד'ס הויז. אַזוי איז דאָס נאָך ביז אויף הײַנט. ווען אַלע בני ישׂראל האָבען דערהערט, אַז ירבֿעם האָט זיך אומגעקעהרט, האָבען זיי אַוועקגעשיקט און גערופֿען איהם אויף דער פֿאָלקס־פֿאַרזאַמלונג און האָבען איהם געמאַכֿט פֿאַר אַ קעניג איבער גאַנץ ישׂראל. מיט דוד'ס הויז איז קיינער ניט געבליבען, אַחוץ דעם שבֿט יהודה.

**ירבֿעם שטעלט אויף גאָלדענע קעלבער אין דן און אין בית־אל.**

און ירבֿעם האָט בעפֿעסטיגט שכם אין די בערג אפרים און האָט זיך דאָרט בעזעצט. פֿון דאָרטען האָט ער זיך אַריבערגעקליבען קיין פנואל און האָט איהם בעפֿעסטיגט. און ירבֿעם האָט זיך בעטראַכֿט: די מלוכה קאָן ווידער אַריבערגעהן צו דוד'ס הויז; ווען דאָס פֿאָלק וועט אַלץ געהן קיין ירושלים קרבנות צו ברענגען אין בית המקדש פֿון יהוה, וועט דאָס האַרץ פֿון פֿאָלק ווײַטער זיך קעהרען צו זײַן קעניג, צו רחבֿעם, דעם קעניג פֿון יהודה, און זיי וועלען מיך הרג'ענען און אַריבערגעהן צו רחבֿעמ'ען, דעם קעניג פֿון יהודה. און בעטראַכֿט דאָס, האָט דער קעניג געמאַכֿט צוויי גאָלדענע קעלבער (זעה בילד 9) און געזאָגט צום פֿאָלק: גענוג אײַך צו געהן קיין ירושלים; אָט איז דײַן גאָט, ישׂראל, וואָס האָט דיך אַרויסגעפֿיהרט פֿון לאַנד מצרים. און ער האָט אַוועקגעשטעלט איינעם אין בית אֵל און דעם אַנדערן אין דן. און האָט אויסגעבויט אַ הייליגטום אויף אַ הויכֿען אָרט און האָט בעשטימט פֿאַר כּהנים די ערשטע אַנגע־

טראָפענע מענשען, וועלכע זײַנען ניט געווען קיין לויים. און ירבעם האָט אײַנגעפיהרט אַ יום טוב אין אַכטען חודש, דעם פופצעהנטען טאָג אין חודש, עהנליך



בילד 9: אַ געגאָסענעס קאלב.

(געפונען אויף יענעם זייט ירדן).

צו דעם יום טוב, וואָס מען פלעגט אָפּריכטען אין לאַנד יהודה; דאָסזעלבע האָט ער געמאַכט אויך אין בית אֵל, כדי צו ברענגען קרבנות צו די קעלבער, וועלכע ער האָט אַוועקגעשטעלט.

מלכים א, קאפיטעל ד, ה, ז, ח, י״א—י״ב.

## XVI. די תקופה זינט דער צעטיילונג פון דער מלוכה ביז דעם אויפקומען פון די גרויסע נביאים.

דער פאָלקס־אויפשטאַנד און די מלוכה־טיילונג. רחבעם און ירבעם.

נאָך שלמה'ס טויט האָבען זיך די זקנים פון ישראל אַרומגעזעהן, אַז אין זייערע הענט געפינט זיך דער וויכטיגער גורל פון לאַנד, און אַז זיי, וואָס זײַנען די פאָרשטעהער פון פאָלק, האָבען דאָס פולע רעכט דעם קיניג צו וועהלען אָדער ניט צו וועהלען. און דעריבער האָבען זיי זיך צונויפגעקליבען אין שכם, כדי צו בעטראַכטען דאָרטען די פראַגע פון דער מלוכה. אויך שלמה'ס זוהן און יורש רחבעם האָט געפונען פאַר נויטיג צו קומען קיין שכם צו נעמען אַן אָנטייל אין דער דאָזיגער פאָלקס־פאַרזאַמלונג. די זקנים האָבען איהם פריינדליך אויפגענומען און האָבען איהם דערקלערט, אַז זיי זײַנען גרייט איהם אָנצונעמען פאַר אַ קיניג אויף'ן אָרט פון זיין פאַרשטאָרבענעם פאָטער, אויב ער וועט לייכטער מאַכען דעם שווערען יאָך, וואָס שלמה האָט אַרויפגעלעגט אויף'ן פאָלק. די גרויסע אָבצאָהלונגען, די צוואַנגס־אַרבייטען, די שטרענגע הערשאַפט פון די קיניגליכע בעאַמטע האָבען צעשטערט דעם אַלטען רוהיגען און תמימות'דיגען

שבֿטים־סדר פֿון פֿאָלק, און האָבען דעריבער אַרויסגערופֿען די גרעסטע התנגדות מצד די זקנים. דער יונגער רחבֿעם האָט אויסגעהערט זייערע טענות און פֿאָדערונגען און האָט איבערגעטראַכֿט עטליכֿע טעג, האָט זיך אַן עצה געהאַלטען מיט זיינע מקורבֿים און האָט לסוף אין שטרענגע ווערטער אָבגעוואָרפֿען די פֿאָדערונג פֿון די זקנים. ווען זיי האָבען אויסגעהערט די שאַרפֿע ווערטער פֿון שלמה'ס יורש, וועלכֿער האָט זיך לגמרי ניט געוואָלט רעכֿענען מיט די הצטרכֿות'ען פֿון פֿאָלק, האָבען זיי זיך אָבגעזאָגט פֿון ווייטער אונטערטעניגקייט צו איהם, האָבען אויפֿגעהויבען די פֿאָן פֿון אויפֿשטאַנד, און ווען דער קעניג האָט געוואָלט מיט זיי ווייטער פֿיהרען פֿאַרהאַנדלונגען און האָט געשיקט צו זיי פֿאַר אַ שליח אַדורמ'ען, דעם אויפֿזעהער איבער די קעניגליכֿע אָבצאָהלונגען, האָבען זיי איהם פֿאַרוואָרפֿען מיט שטיינער, ווייל זיי זיינען געווען אויפֿגעבראַכֿט דעריבער, וואָס דער קעניג האָט געשיקט צו זיי פֿאַר אַ בערוהיגער דווקא דעם דאָזיגען מאַן. גלייך נאָך דעם האָבען זיי זיך צונויפֿגעקליבען אַרום ירבֿעמ'ען, דעם זוהן פֿון נבֿט, פֿון שבֿט אפֿרים און האָבען איהם ערקלערט פֿאַר אַ קעניג. נאָך בשעת דער מלוכֿה־צייט פֿון שלמה האָט ירבֿעם זיך געפּרובֿט אויפֿצוהויבען די פֿאָן פֿון אויפֿשטאַנד, נאָר איהם האָט זיך עס דעמאָלט ניט איינגעגעבען, און ער האָט געמוזט לויפֿען קיין מצרים. איצט האָט ער זיך אומגעקעהרט צוריק אין זיין פֿאָטערלאַנד און איז געקומען צו דער פֿאָלקס־פֿאַרזאַמלונג קיין שכֿם. — יהודה און ירושלים זיינען געבליבען געטריי דער משפּחה פֿון דוד און האָבען זיך ניט בעטייליגט אין דער פֿאַרזאַמלונג אין שכֿם. נאָר די איבעריגע שבֿטים פֿון ישׂראל האָבען זיך בעטייליגט אין אויפֿשטאַנד. זיי אַליין האָבען זיך נאָר געקלאָגט אויפֿן שווערען יאָך, וואָס עס האָט אויף זיי אַרויפֿגעלעגט די משפּחה פֿון דוד און וואָס זיי האָבען איהם, קענטיג, בעטראַכֿט, ווי אַ פֿרעמד־הערשאַפֿט. זייער קנאה צו יהודה האָט זיי ניט געלאָזט רוהען שוין אין דער מלוכֿה־צייט פֿון דוד: זי האָט געהאַט איהר געוואונטען יסוד אין דער געשיכֿטליכֿער ענטוויקלונג פֿון די שבֿטים. און איצט האָט די דאָזיגע קנאה געשפּילט אַ וויכֿטיגע ראָלע בשעת דעם אויפֿשטאַנד אין דער מלוכֿה־טיילונג. דער שטאַלץ פֿון יוסף, דעם ערשט געבוירענעם אין דעם הערהויבענעם צווישען זיינע ברידער, האָט איהם ניט געלאָזען טראָגען דעם יאָך פֿון יהודה'ס הערשאַפֿט.

ישראל און יהודה
דער רעליגיעזער
צושטאַנד אין
דער תקופה פון
דער מלוכה־טיי־
לונג.

מעכֿטיג איז געווען יוסף פֿריהער, אין די ערשטע דורות פֿון זיין אָנקומען אין לאַנד, אָבער די פּלשתים האָבען זיין מאַכֿט געבראָכֿען. דאָס קעניגטום פֿון דוד האָט איבערגעטראָגען דעם מלוכֿה־צענטער פֿון צפֿון־לאַנד קיין דרום. איצטער איז דער אַלטער צענטער ווידער אויפֿגעריכֿט געוואָרען, און ער איז געווען דער אמת'ער, דער נאַטירליכֿער, ווייל פֿון שטענדיג אָן איז דער צענטער געלעגען אין יוסף און ניט אין יהודה. עס איז אַפֿילו שווער אָנצורופֿען מיטן נאָמען אָבטיילונג, אָבשפּאַלטונג דאָס, וואָס די ישׂראליטישע שבֿטים האָבען ניט געוואָלט טראָגען מעהר די ממשלה פֿון יהודה, און עס איז לגמרי קיין יושר ניט, ווען מען וויל זעהן אין דער פּאָליטישער אָבטיילונג אויך אַ רעליגיעזע שפּאַלטונג און אָבזונדערונג. די אמונה האָט דעמאָלט זיך ניט אַרויסגעשטעלט אַנטקעגען דער אָבטיילונג; דער נביא אחיה פֿון שילה איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט

געהעקט און געשטאַרקט ירבֿעמ'ס געדאַנקען; ער האָט דאָס איהם אָנגעוויזען איף זײַן בעשטימונג און אויפֿגעמונטערט אַרויסצוטרעטען אַנטקעגען דער פֿאַמיליע פֿון דוד. דער גאָטעס=דינסט אין ירושלים איז דערווײַל נאָך ניט געווען דער איינציג=כשר'ער; בית אל און דן זײַנען געווען אויך אַזוי הייליג. געטער=בילדער זײַנען געווען סײַ דאָ און סײַ דאָרטען, און בכלל אומעטום, וואו עס איז נאָר געווען אַ גאָטס=הויז. קיינעם איז דאָס דאַן נאָך ניט אויסגעקומען פֿרעמד און ווילד. דער נביא הושע האָט ניט דעם מינדסטען ספק וועגען דעם, אַז די כלומר'שט פֿאַלשע כהנים פֿון דער צפֿון=מלוכה זײַנען אַלע אמת'ע און בערעכטיגטע דינער פֿון יהוה; ווען ניט וואָלט דאָך זיי דער נביא ניט געקאָנט מתרה זײַן, אַז יהוה וועט זיי פֿאַרשטויסען פֿון זײַן נחלה, און אַז זיי וועלען אויף אַזאַ אופֿן פֿאַרלירען זייער רעכט. ווען ירבֿעם און זײַנע יורשים האָבען געבויט גאָטס=הײַזער, אַוועקגעשטעלט הייליגע בילדער און בעשטימט כהנים, האָבען זיי געטאָן דאָסזעלבע, וואָס דוד און זײַנע יורשים. דאָס איז דאַן בעצם געווען דאָס רעכט פֿון יעדען קעניג אין ישראל. אין רעליגיעזען און גײַסטיגען לעבען פֿון בײדע מלוכות איז בכלל ניט געווען קיין אינעווייניגסטער אונטערשייד. אין ישראל האָט נאָר דער הפֿך פֿון דעם דאָזיגען לעבען געשלאָגען שטאַרקער, רוישענדיגער, ווי אין יהודה; דאָ זײַנען אויפֿגעשטאַנען די גרויסע נביאים ביז צו דער צײַט פֿון עמוס און הושע, פֿון דאַנען זײַנען אַרויס אַלע גײַסטיגע ווירקונגען און לעבענס=אימפּולסען.

דאָס איז, פֿאַרשטעהט זיך, געווען ניט נאָר אַ מעלה, נאָר אויך אַ חסרון. בשעת אין דער צפֿון=מלוכה האָט דאָס לעבען געקאָכט און געזשוידערט, איז אין דער קלײנער דרום=מלוכה געווען דאָס לעבען רוהיג און זיכער. דאָרטען האָט דער געשיכטליכער שטורעם אַרויסגעוואָרפֿען פֿון דער טיפֿעניש גרויסע, שטאַרקע פּערזענליכקײַטען, וועלכע האָבען ניט געקאָנט זיך גענוג דערנעהנטערן צום פֿאָלק און צונויפֿגיסען זיך מיט איהם; דאָ — האָבען זיך רוהיג בעפֿעסטיגט די יסודות פֿון גײַסטיגען לעבען און עס זײַנען אין דער שטיל פֿון די ברייטע פֿאָלקס=שיכטען אויפֿגעוואַקסען יענע אינסטיטוציעס, וועלכע זײַנען אַריבער בירושה צו דער יהדות פֿון די שפּעטערדיגע דורות. דער אונטערשייד לאָזט זיך שוין מערקען אין די פּערזאָנען פֿון די מלכים גופֿא. די בני ישראל האָבען ניט אָבגעשאַפֿט דעם קעניגטום, צו בולט האָט די געשיכטע אַרויסגעוויזען, ווי שטאַרק נויטיג ער איז. אָבער בשעת אין יהודה האָט געהערשט די גאַנצע צײַט די דינאַסטיע פֿון דוד, בײַטען זיך דאָ די דינאַסטיעס איינע נאָך די אַנדערע אָהן אויפֿהער. דורך דעם האָבען זיי אויך זיך אַליין געבראַכט די מפּלה.

רחבֿעם האָט זיך גאָרניט מיטן גוטען ווילען אונטערגעגעבען דעם אויפֿשטאַנד פֿון די שבֿטים; ער האָט זיך געפּרובֿט אונטערצודריקען איהם מיט דער קראַפֿט פֿון כלי זין. פֿון אָנהויב האָט ער מלחמה געהאַלטען, ווי עס זעהט אויס, מיט ערפֿאָלג. לכל הפּחות זעהען מיר, אַז זײַן געגנער ירבֿעם האָט געפֿונען פֿאַר נויטיג צו פֿאַרלאָזען דאָס לאַנד און אַנטלויפֿען אויף יענער זײַט ירדן קיין פּנואל, ניט ווײַט פֿון מחנים, ווי עס האָט אַמאָל געטאָן אבֿנר נאָך דער מלחמה אויפֿן גלבוע=באַרג, און דוד בשעת דעם אויפֿשטאַנד פֿון אבֿשלום זײַן זוהן. עס איז אָבער אויך מעגליך, אַז ער האָט דאָס גאָר געטאָן פֿון שרעק פֿאַר שישק, דעם

רחבֿעמ'ס נסיונות צוריק צו פֿאַראייניגען די מלוכה.

קיניג פֿון מצרים, וועלכער איז אין יענער צייט אָנגעפֿאַלען איפ'ן לאַנד און פֿאַרוויסט מיט פֿייער ניט נאָר ירושלים, נאָר, ווי עס ווייזט אויס, פֿיל שטעט פֿון יהודה און ישראל אָהן קיין אונטערשייד. ווען אָבער אַפֿילו רחבֿעם זאָל האָבען פֿון אָנהויב אָן געהאַט הצלחה אין זיין מלחמה קעגען די ברידער־שבֿטים, האָט דאָס ניט לאַנג געדויערט. אונטערצודריקען דעם אויפֿשטאַנד האָט זיך איהם ניט איינגעגעבען. די בני־ישראל האָבען זייערס דורכגעפֿיהרט, ניט געקוקט אויף דער שטאַרקער התנגדות פֿון יהודה. און גאָר אין גיכען האָט זיי דאָס גליק אָנגעהויבען צו שפּילען.

**נָדָב און בַעשָׁא, די מלכים פון ישראל.**

בשעת ירבֿעם'ס זוהן און יורש נדבֿ האָט בעלעגערט די פּלשתּי'שע שטאָט גבתון, האָט בעשא, דער זוהן פֿון אחיה, מורד געווען קעגען איהם, האָט איהם געטויט און פֿאַרנומען אָנשטאָט איהם דעם טרון. ער האָט אויסגעקליבען די שטאָט תרצה פֿאַר זיין הויפּטשטאָט און האָט אַהינצו איבערגעפֿיהרט זיין קיניגליכען הויף. אָט דער בעשא האָט אינגאַנצען איבערגעביטען זיין פּאָליטיק און איז פֿון זיין זייט אָנגעפֿאַלען אויף יהודה, כדי זיך צוריק צו פֿאַראייניגען מיט דער צפֿונ'־מלוכה. ער האָט בעפֿעסטיגט די גרעניץ־שטאָט רמה, וואָס ליגט ניט ווייט פֿון ירושלים, און האָט פֿאַרשלאָסען די בני יהודה דעם וועג קיין צפֿון. דאָס איז זיי, קאָנטיג, שווער געווען צו פֿאַרטראָגען. אסא, דער זוהן אָדער דער איינִיקעל פֿון רחבֿעם, האָט ניט געפֿינען קיין אַנדער וועג זיך צו העלפֿען, ווי דורך דעם, וואָס ער האָט אויפֿגערייצט קעגען ישראל בן הדד, דעם קיניג פֿון דמשק. זיין ציל האָט ער דערגרייכט, אָבער דורך אַ געפֿעהרליכען מיטעל.

**אלָה און זִמרי. די עָמרי'שע דינאַסטיע.**

בעשא'ס זוהן, אלה, איז געטויט געוואָרען בשעת אַ מאָלצייט אין הויז פֿון זיין הויזמייסטער אין תרצה דורך זמרי, דעם אָנפֿיהרער פֿון אַ העלפֿט מלחמה־רייטוועגען. דער מערדער האָט אָבער ניט געקאָנט בייםטעהן קעגען דעם הילאָנפֿיהרער עמרי, וועלכער איז אָנגעקומען אַנטקעגען איהם מיטן מיליטער, וואָס איז געשטאַנען אין גבתון. זמרי האָט זיך אַיינגעשלאָסען אין פּאַלאַץ, האָט איהם געלאָזען אונטערצינדען און איז אומגעקומען אין פֿייער. אַנטקעגען עמרי איז אין אַ צווייטען טייל פֿון לאַנד אויפֿגעשטאַנען אַ קעגען־קיניג תבֿני בן גנת, און ערשט נאָך יענעמס טויט איז עמרי אָנגענומען געוואָרען פֿאַר אַ קיניג איבער גאַנץ ישראל (פֿאַר'ן יאָהר 900 פֿאַר דער קריסטליכער צייט־רעכענונג). ער איז דער גרינדער פֿון דער ערשטער אייגענטליכער דינאַסטיע אין ישראל; און ער האָט אַריינגעבראַכט אַ שינוי אין אינעווייניגסטען מלוכה־סדר. ער האָט געגרינדעט די שטאָט שומרון און זי געמאַכט פֿאַר דעם שטענדיגען מיטעלפּונקט פֿון דער מלוכה. דער תנ"ך דערצעהלט וועגען איהם גאָרנישט, נאָר מיר ווערען געוואָר וועגען זיין גרויסער בעדייטונג פֿון דעם, וואָס אין אַשור איז דער נאָמען „די מלוכה פֿון עמרי" געבליבען זינט זיין צייט אָן די געוועהנליכע בעצייכענונג פֿון דער ישראל'ישער מלוכה. לויט די ווערטער פֿון דער מישע־מצבֿה, האָט ער אַיינגענומען מואבֿ, וואָס האָט מורד געווען קעגען ישראל נאָכ'ן טויט פֿון דוד אָדער שלמה, און האָט צוריק אומגעקעהרט צו ישראל די געגענד מדבא. ניט אַיינגעגעבען האָבען זיך אָבער זיינע מלחמות קעגען דמשק, און ער איז געווען גענויט צו געבען זיי געוויסע פּריווילעגיעס אין זיין הויפּטשטאָט שומרון.

אחאב. די מלחמות קעגען די אֲרָמים פֿון דַמֶּשֶׂק.

נאָך עמרי'ן האָט דעם טרון פֿאַרנומען זײַן זוהן אַחאָב. אין משך פֿון זײַן לאַנג־יעהריגער מלוכה־צײַט איז ער, קאָנטיג, געשטאַנען אונטער דער איבער־הערשאַפֿט פֿון דמשק. נאָר דורכדעם לאָזט זיך דערקלערען, פֿאַרוואָס ער איז געקומען צו הילף די ארמים פֿון דמשק בשעת זייער מלחמה מיט אַשור בײַ קרקר (854). אָבער הוקא אַ דאַנק זײַן אָנטייל אין דער מלחמה, וואָס האָט אויפֿגעדעקט די גאַנצע שוואַכקײַט פֿון דמשק, האָט ער דערנאָך איבערגעריסען מיט זיי דעם בונד. פֿון דעמאָלט אָן הויבען זיך אָן זייערע שטורמישע אָנפֿאַלען אויף ישראל. אַחאָב פֿלעגט זיי שטענדיג בעגעגענען מוטיג און האָט קעגען זיי געקעמפֿט מיט הצלחה. בשעת זיי האָבען בעלעגערט זײַן הויפּטשטאָט, האָט ער זיי אָבגעשלאָגען צוריק, און בשעת זיי זײַנען אין אַ יאָהר אַרום ווײַטער געקומען, האָט ער זיי בעזיגט אין דער אָפֿענער שלאַכט בײַ אַפק און האָט גענומען דעם קיניג בן הדד געפֿאַנגען. אָבער ער איז זיך מיט איהם בעגאַנגען גוט און האָט איהם פֿרײַ געלאָזען מיט דעם תנאי, אַז די שטעט אין גלעד, וועלכע זײַנען אָבּ־געריסען געוואָרען בײַ ישראל — און צווישען זיי אויך די וויכטיגע פֿעסטונג רמה — זאָלען אומגעקעהרט ווערען צוריק צו ישראל. אַזוי אָבער ווי בן־הדד האָט דעם תנאי ניט מקיים געווען, איז אחאב אויפ'ן דריטען יאָהר פֿון זײַן זײַט אָנגעפֿאַלען אויף די ארמים, כדי בײַ זיי איבערגעוואַלד אָבצונעמען רמות־גלעד. איידער ער איז אַרויס אויף מלחמה, האָט ער צונויפֿגערופֿען אַלע נביאים פֿון יהוה, וואָס האָבען זיך געפֿונען אין שומרון, פֿיר הונדערט מאַן, און האָט בײַ זיי געפֿרעגט, צי זאָל ער געהן מלחמה האַלטען. אַלע האָבען זיי געענטפֿערט אין איין קול: יהוה וועט איבערגעבען רמה אין דײַנע הענט. נאָר מיכה, דער זוהן פֿון ימלא, וועלכער האָט שטענדיג פֿאָראויסגעזעהן שלעכטס, האָט אויך דאָס מאָל אַרײַנגעטראָגען אַ טרויעריגען טאָן אין דער האַרמאָניע פֿון דער פּאַט־ריאָטישער התפעלות. „איך האָב געזעהן ישראלן צעזייהט איבער די בערג, ווי שאָף אָהן פּאַסטוכער. און יהוה האָט געזאָגט: „זיי האָבען ניט קיין הער־שער, זיי קעהרען זיך אַלע אום יעדערער ניט געשטערט אַהיים". דער קיניג האָט געהייסען איהם אײַנזעצען אין געפֿענגניש, כדי איהם צו משפּט'ן פֿאַר זײַנע רייד, ווען ער וועט קומען בשלום אַהיים. אָבער ער איז ניט געקומען. בשעת דער שלאַכט, וואָס האָט זיך פֿונאַנדערגעשפּילט בײַ רמה, איז ער פֿאַרוואונדעט געוואָרען דורך אַ פֿײַל און איז אין אָוונט געשטאָרבען אויף זײַן רײַטוואָגען. בשעת די טרויעריגע בשורה האָט זיך פֿאַרשפּרייט צווישען חיל, איז געוואָרען אַ גרויסע מהומה און צעמישעניש — און די סאָלדאַטען זײַנען זיך צעלאָפֿען פֿון שלאַכט־פֿעלד. דעם גוף פֿון טויטען קיניג האָט מען איבערגעפֿיהרט קיין שומרון און דאָ געבראַכט איהם פֿײַערליך צו קבורה (854).

דער אויפֿשטאַנד אין מואב. יורם.

נאָך אחאב'ס לעבען האָט מישע, דער קיניג פֿון מואב, אַראָבגעוואָרפֿען פֿון זיך דעם יאָך פֿון דער ישראלישער איבערהערשאַפֿט; ער האָט צוריק פֿאַרנומען די געגענד פֿון מדבא, וועלכע עמרי האָט מיט פֿערציג יאָהר צוריק אָבגענומען בײַ זײַן פֿאָטער, און האָט דערצו נאָך פֿאַרכאַפּט אַ נײַעם טייל פֿון ישראלישען לאַנד. אחאב האָט קיין צײַט ניט געהאַט איהם צו שטערען, און אויך אחזיהו, זײַן זוהן, האָט איהם געלאָזען צו רוה. אָבער נאָך אחזיהו'ס פֿריהצײַטיגען טויט איז

יורם אַנטקעגען איהם אַרויס אויף מלחמה צוזאַמען מיט די מלכים פֿון יהודה און אדום. נאָך אַ געלונגענער מלחמה, האָבען זיי זיך פֿון דרום־זייט אַריינגעריסען אין לאַנד מואבֿ, פֿאַרוואָרפֿען די פֿעלדער מיט שטיינער, פֿאַרשאָטען מיט זאַמד די וואַסער־קוואַלען און אויסגעהאַקט די בוימער. מישע האָט מיט זיין צעשלאָגענעם חיל זיך בעהאַלטען אין זיין פֿעסטונג. אָבער די פֿאַראייניגטע חילות האָבען די פֿעסטונג בעלעגערט. אומזיסט האָט ער זיך געפּרובט דורכצורייסען דורכ'ן שונא'ס לאַגער, און ווען ער האָט לסוף דערזעהן, אַז זיין לעצטע האָפֿענונג געהט פֿאַרפֿאַלען, האָט ער גענומען זיין ערשטגעבוירענעם זוהן און האָט איהם געבראַכט פֿאַר אַ קרבן אויפֿ'ן מויער. דאָס האָט אויפֿגעוועקט אַ גרויסען צאָרן אויף ישׂראל, און זיי האָבען געמוזט זיך אומקעהרען אין זייער לאַנד.

אשור'ס מלחמה מיט יורם.

יורם האָט געקאָנט פֿיהרען די מלחמה מיט מואבֿ, כּל־זמן די ארמים האָבען איהם געלאָזען צו רוה. די לעצטע האָבען אַ לאַנגע צייט ניט געקאָנט אויסנוצען זייער נצחון איבער אחאבֿ'ן, ווייל עס האָט זיי דערין געשטערט אַשור מיט זיינע אנפֿאַלען אין יאָהר 850 און 849. ווי נאָר די ארמים האָבען זיך נאָר אויף אַ ווײַלע בערוהיגט, זיינען זיי בעפֿאַלען יורם'ען, האָבען איהם צוזאַמען מיט זיין חיל אָבגעטריבען קיין שומרון און האָבען בעלעגערט די שטאָט. אין שומרון איז די נויט שוין דערגאַנגען ביז צו דער העכסטער מדרגה, נאָר אין איין פֿריהמאָרגען זיינען די שונאים פּלוצלונג אומערוואַרטעטערהייט אַוועק פֿון שטאָט, ווייל צו זיי איז דערגאַנגען די ידיעה, אַז די „מצרים און חתים" זיינען בעפֿאַלען זייער לאַנד. אַ דאַנק דעם גליקליכען שפּיל פֿון גורל, האָט יורם אויף אַ ווײַלע פֿריי אויסגעאָטעמט. אין דמשק איז אויפֿגעקומען אַ נייע דינאַסטיע, וועלכע האָט נאָך ניט צייט געהאַט צו בעפֿעסטיגען איהר הערשאַפֿט. יורם האָט אויסגענוצט די פּאָליטישע לאַגע און, ווי עס זעהט אויס, האָט ער ביי זיי אָבגענומען די פֿעסטונג רמות־גלעד, וועלכע אחאָבֿ האָט זיך אומזיסט געפּרובט איינצונעמען. נאָר גאַנץ אומערוואַרטעט איז אָנגעקומען אויף דאָס הויז פֿון עמרי אַ שרעקליכע קאַטאַסטראָפֿע, וואָס איז אַ לאַנגע צייט פֿריהער צוגעגרייט געוואָרען דורך די נביאים, וואָס בראש פֿון זיי איז געשטאַנען אליהו.

די מפּלה פֿון עמרי'ס דינאַסטיע.—דער בעל־דינסט אין שומרון

אחאבֿ האָט אויפֿגעבויט אין שומרון לכּבוד זיין פֿרוי איזבל, דער טאָכטער פֿון צידונישען קיניג אתבעל, אַ גרויסאַרטיגען טעמפּעל פֿאַר דעם פֿעניקישען בעל און אַיינגעפֿיהרט אין איהם אַ רייכען גאָטעסדינסט. ער האָט ניט געהאַט דערביי די כּונה אָבצוווענדען זיך פֿון יהוה; יהוה איז געבליבען דער מלוכה־גאָט, וואָס נאָך איהם האָט אחאבֿ אַ נאָמען געגעבען זיינע בײדע זיהן אחזיהו און יהורם און זיין טאָכטער עתליה. קיין נטיה צו צעשטערען די מזבחות פֿון יהוה און צו רודפֿ'ען זיינע נביאים איז נאָך ניט געווען ביי איהם. איינצופֿיהרען דעם גאָטעסדינסט פֿון בעל אין די איבעריגע שטעט פֿון דער מלוכה האָט מען זיך לגמרי ניט געפּרובט. די אמונה אין יהוה, וואָס איז געווען די פֿאָלקס־אמונה פֿון די ברייטע שיכטען, איז ניט שטאַרק אָנגערירט געוואָרען דורך די דאָזיגע מעשׂים פֿון קיניג, און דאָס פֿאָלק האָט זיך צו זיי אויסגעטראָגען גלייכגילטיג, ווי מיט הונדערט יאָהר צוריק צו די זעלביגע מעשׂים פֿון שלמה.

נאָר אליהו, דער שטורמישער נביא פון לאַנד גלעד, האָט זיך ניט געקאָנט פאַרהאַלטען גלייכגילטיג צו די מעשים פון קיניג און איז אַרויסגעטראָטען קעגען זיי מיט אַ שאַרפען פראָטעסט. אין זיינע אויגען האָט דאָס אויסגעזעהן ווי „אַ הינקען אויף ביידע זייטען“, ווי אַ טיפער ווידערשפּרוך, אַז מען זאָל א' דינען יהוה, דעם גאָט פון ישראל, און צוגלייך בויען אַ טעמפעל דעם בעל. צווישען יהוה און דעם בעל איז ניט מעגליך קיין שום פשרה, זיי שליסען איינע די אַנדערע אויס. אָבער די שטאַרקע פּראָטעסטען פון נביא האָבען ניט געפונען קיין טיפען אָבקלאַנג אין די פאָלקס-מאַסען; זיי פלעגען זיך צונויפקלייבען אין די טויזענטער אַרום איהם, האָבען מיט פאַרוואונדערונג און בעגייסטערונג צוגעהערט זיך צו זיינע רייד, פאַרשטעהן איהם און מיטפיהלען זיינען זיי אָבער נאָך ניט געווען אין שטאַנד.

דער נָביא אֵלִיָהו די רעליגיעזע בעוועגונג אין יִשׂרָאל.

אליהו איז געווען איינזאם אין זיין צייט, און זיין מעכטיגע געשטאַלט דערהייבט זיך איבער אַלע מענשען פון זיין דור. די פאָלקס-לעגענדע האָט אונז פאַראייביגט זיין בילד, אָבער ניט זיין לעבענס-געשיכטע. מען פיהלט נאָר, אַז מיט זיין אויפטרעטען הויבט זיך אָן אַ נייע תקופה אין דער געשיכטע פון דער אמונה, נאָר די יסודות פון דער איבערקעהרעניש בלייבען אַלץ ניט קלאָר. נאָכדעם ווי יהוה, דער גאָט פון מלחמה, האָט מנצח געווען די אויסווייניגסטע שונאים פון פאָלק, האָט ער זיך איצט גענומען אויסראַמען אַלע פרעמדע עלעמענטען, וועלכע האָבען זיך איינגעוואָרצעלט אין פאָלקס-לעבען אינעווייניג. אין פאָלק האָבען זיך אָנגעהויבען רעליגיעזע בעוועגונגען, וואָס זייער ציל איז געווען דער אומקעהר צו די אַלטע נאַציאָנאַלע פאָרמען פון גייסטיגען לעבען. די בני-רכב, וואָס זיינען דעמאָלט אויפגעקומען, האָבען אויס נקמה פאַר יהוה, פּראָטעסטירט קעגען דער גאַנצער קולטור, וואָס איז געבויט געוואָרען אויף דער ערד-אַרבייט, און האָבען זיך אומגעקעהרט צו די אַלטע פאָרמען פון וואַנדער-לעבען אין מדבר*,

* די בני רֵכָב הגם זיי האָבען זיך געהאַלטען ווייט פון געזעלשאַפטליכען לעבען, האָבען דאָך געשפּילט אַ געוויסע ראָל ביי דעם פאָלקס-אויפשטאַנד, וואָס דורך איהם איז די פאַמיליע אַחאב אַראָפּגעזעצט געוואָרען פון טרוין. דאָס איז קלאָר קענטיג פון די פאַרבינדונגען וועלכע יהוא האָט געהאַט מיט יהונדב'ן (זעה מלכים ב', 15—16). דערנאָך פאַרשווינדען די בני-רכב ווידער אַמאָל פון דער היסטאָרישער אַרענע, נאָר אין דער שטיל פיהרען זיי זייער עקסיסטענץ ווייטער און היטען אָב די טראַדיציעס פון פאַרצייטען ביז דעם אונטערגאַנג פון דער מלוכה. ועגען זיי דערצעהלט ירמיהו, אַרויסשטעלענדיג זיי ווי אַ מוסטער פון הכנעה און געטריישאַפט. ירמיהו דערצעהלט אונז (ל"ה, 5—10) אַזוי: „און איך האָב דערלאַנגט פאַר די מענשען פון דער פאַמיליע רֵכָב בעכערס, פולע מיט וויין, און גלעזלאַך, און איך האָב צו זיי געזאָגט: „טרינקט וויין“. דאָבען זיי געענטפערט: „מיר וועלען ניט טרינקען קיין וויין. וויילאונז האָט פאַרזאָגט אונזער פאָטער יונדב, דער זוהן פון רֵכָב, אַזוי: איהר זאָלט ניט טרינקען קיין וויין, ניט איהר און ניט אייערע קינדער ביז אייביג. און קיין הויז זאָלט איהר ניט בויען, און קיין זאָמען זאָלט איהר ניט זייהען און קיין וויינגאָרטען זאָלט איהר ניט פלאַנצען און איהר זאָלט גאָרנישט ניט פאַרמעגען, נאָר אין געצעלטען זאָלט איהר וואוינען אייער גאַנץ לעבען, כדי איהר זאָלט לעבען לאַנגע יאָהרען אויף דער ערד, וואָס איהר וואוינט דאָרטען. און מיר האָבען זיך צוגעהערט צום פאָרזאָג פון אונזער פאָטער יהונדב, דער זוהן פון רֵכָב, צו אַלץ, וואָס ער האָט אונז פאַרזאָגט: ניט צו טרינקען קיין וויין אונזער גאַנץ לעבען, ניט מיר, ניט אונזערע ווייבער, זיהן און טעכטער, און ניט צו בויען אונז קיין הייזער צום וואוינען, און עס זאָל ביי אונז ניט זיין קיין וויינגאָרטען, קיין פעלד און קיין זאָמען“.

די גזירות האָבען זיך אָבגעזאָגט װעניגסטענס פֿון װײַן, דעם װילדיגען סימבאָל פֿון דער דיאָניסישער** ציװיליזאַציע. — אליהו האָט ניט גענומען אין דעם אַלעמען דעם המון, װען ניט װאָלט ער איהם געװען בעסער פֿאַרשטאַנדליך. דער בנין פֿון טעמפּעל פֿאַרן בעל אין שומרון האָט איהם אױפֿגעװעקט און אױפֿגעמונטערט צו דער מלחמה קעגען בעל־דינסט בכלל, קעגען דער אוממעגליכער פֿאַרבינדונג פֿון בײדע קולטען, װאָס עס האָבען פֿאַרשטאַנען נאָר װעניג אין ישׂראל. יהוה און בעל זײַנען פֿאַר איהם געװען די שאַרפֿסטע היפוכים, אײביגע שׂונאים, װאָס קאָנען ניט שלום מאַכען מיט אַנאַנד; זײ קאָנען ניט זײַן בײדע געערט און קאָנען ניט עקסיסטירען אײנער נעבען אַנדערן. ניט אין דער פֿאַרגעטערונג פֿון די נאַטור־כּחות האָט אליהו געזעהן די גאָטהײַט, נאָר אין די מאָראַלישע נטיות פֿון אַ געזונטער מענשליכער געזעלשאַפֿט. גאָט איז פֿאַר איהם ניט געװען אַ אײנגעשלאָסען, װי בײַ די מענשען פֿון זײַן צײַט, אין דעם ענגען תחום פֿון אײן פֿאָלק, און די מלחמה פֿון די געטער האָט ער ניט בעטראַכט, װי די מלחמה פֿון די פֿעלקער. דער גאָט פֿון ישׂראל האָט, ניט־אָבהענגיג פֿון זײַן פֿאָלק, אַן אײגענעם אינהאַלט, זײַן קיום שטעהט איבער דעם קיום פֿון פֿאָלק, איבער זײַנע בעדערפֿענישען און צװעקען.

װען יהוה האָט אָבגעהאַלטען דעם נצחון איבערן בעל, האָט אליהו זײַן צװעק דערגרײכט, הגם דעם פֿאָלק האָט דער נצחון געקאָסט צו טײַער, און נאָר װעניגע פֿון איהם זײַנען געבליבען, נאָר זיבען טױזענט מאַן, װעלכע האָבען זיך ניט געקניעט פֿאַרן אָבגאָט. דאָס איז דער אײַנדרוק, װאָס מיר טראָגען אַרױס פֿון דער געטליכער אַנטפּלעקונג, װאָס אליהו האָט געהאַט בײַם חורב, און װאָס יעדעט אױס צו זײַן דער ריכטיגער. אין יענער תקופֿה האָט דער געדאַנק װעגען גאָט, װי עס זעהט אױס, זיך אָנגעהױבען צו דערהױבען איבער די נאַציאָנאַלע גרענעצען. פֿון דערזעלביגער גײַסטיגער ריכטונג איז אַזױ אײנזאָם װי ער, איז געװען אױך אַ צװײטער מאַן, מיכה דער זוהן פֿון ימלא, װאָס האָט געלעבט אין אײן צײַט מיט איהם און װאָס האָט פֿאָראױסגעזאָגט זײַנע טרױעריגע נבֿואות איבער ישׂראל.

דער נביא אֱלִישָׁע, אֵליהו׳ס תלמיד, זאַלבט יהוא׳ן, דעם חַיִל־אָנפיהרער אחאָב׳ס פאר א קיניג איבער ישׂרָאֵל.

די אױגען פֿון די דאָזיגע מענער זײַנען געװען געװענדט צו דער צוקונפֿט. די געגענװאַרט איז פֿאַר זײ געװען פֿאַרשפּילט. די נאָהענטסטע גײַסטיגע יורשים פֿון אליהו זײַנען ניט געװען בכח אַרײַנצודרינגען טיף אין זײַן שיטה און האָבען זיך בעגנוגט מיט דעם געדאַנק, אַז דער בעל פֿון שומרון מוז אױסגעראָטעט װערען צוזאַמען מיטן הױז פֿון אחאָב. כּדי דאָס אױסצופֿיהרען, האָט אליהו׳ס תלמיד אֶלישע, דער זוהן שפֿטס, פֿון אָבל מחלה, װאָס בײַם ירדן, אָנגענומען פּראַקטישע מיטלען. דער חיל־פֿיהרער יהוא, דער זוהן פֿון נמשי, איז געװען דערבײַ, בשעת אליהו איז פּלוצלינג געקומען צו אחאָב׳ן אױף מאָרגען נאָך דעם, אַז ער האָט געטױט נבֿות׳ען און אָבגעדישט זײַן װײַנגאָרטען, און האָט איהם פֿאָראױס־

* די דיאָניסישע ציװיליזאַציע בעשטעהט אין דער פֿאַרבינדונג פֿון דער רעליגיעזען קולט מיט דער װײַן־בערטנערײַ און װײַן־טרינקען, דער קולט אין דאָס גאַנצע רעליגיעזע לעבען טראָגען אַ קאָכיגען, שטורמישען און לעבענסלוסטיגען כאַראַקטער.

געזאָגט דעם בלוטיגען אונטערגאַנג. די ערשײַנונג פֿון מעכטיגען נבֿיא האָט אויפֿ'ן קריגסמאַן געלאָזען אַ שטאַרקען רושם. איצט איז ער געשטאַנען אין דער שפּיץ פֿון דעם חיל אין רמת־גלעד, נאָכדעם ווי יורם האָט געמוזט פֿאַרלאָזען דאָס מלחמה־פֿעלד און אין דער שענער מלכים־רעזידענץ אין יזרעאל־טאָל היילען זיך פֿון די וואונדען, וואָס ער האָט בעקומען אויפֿ'ן שלאַכט־פֿעלד. אלישע האָט געפֿונען דעם דאָזיגען אויגענבליק פֿאַר דעם פּאַסיגען, כּדי אויסצופֿיהרען די שטראָף, וואָס אליהו האָט פֿאָראויסגעזאָגט דער משפּחה פֿון עמרי. ער האָט געשיקט קיין רמה אַ נבֿיא מיט דעם בעפֿעהל פֿון יהוה צו זאַלבען יהוא'ן פֿאַר אַ קיניג איבער ישראל. דער נבֿיא האָט געפֿונען יהוא'ן, בשעת ער איז געזעסען צווישען די אָפֿיצירען, האָט איהם אַרײַנגערופֿען אין אַ פֿאַרבאָרגענעם צימער, האָט געגאָסען בוימעל אויף זײַן קאָפּ און האָט איהם אָנגעזאָגט די בשורה, אַז יהוה האָט איהם געזאַלבט פֿאַר אַ קיניג איבער זײַן פֿאָלק ישראל. נאָך דעם האָט ער געעפֿענט די טיר און איז פֿאַרשוואונדען.

יהוא'ס אַרויסטריט קעגען אחאַבֿ'ס הויז און קעגען דעם בַעַל־דינסט אין שומרון.

ווען יהוא האָט זיך אומגעקעהרט צו זײַנע חבֿרים, האָבען זיי איהם געפֿרעגט, וואָס האָט פֿון איהם געוואָלט „דער צעמישטער“. ער האָט זיי פֿריהער ניט געוואָלט אויסזאָגען דעם סוד, נאָר ווען זיי זײַנען צו איהם לאַנג צוגעשטאַנען, האָט ער זיי דערצעהלט דעם אמת. ווי זיי האָבען נאָר דערהערט זײַנע ווערטער, האָבען זיי אויסגעשפּרייט זייערע קליידער איבער די טרעפּ אַלס טעפּיכער אונטער זײַן שטול, האָבען געבלאָזען שופֿר און אויסגעשריען: יהוא איז געוואָרען קיניג! זיי האָבען בעשלאָסען תיכף צו בעפֿאַלען יורמ'ען אין יזרעאל־טאָל מיט אַ בעוואָפֿענטען חיל, אײדער עס וועט נאָך צו איהם דערגרייכען די בשורה וועגען דער געשעהעניש. דער שומר אויפֿ'ן טורעם פֿון יזרעאל האָט דערזעהן פֿון ווײַטען דעם שטורמיש אָנקומענדיגען חיל. יורם האָט זיי געשיקט אַנטקעגען איין רײַטער נאָכ'ן צווייטען, כּדי צו דערגעהן, וואָס עס איז געשעהן; דערווײַל זײַנען די רײַטער און די רײַטוועגען אָנגעקומען נעהנטער; יורם האָט נאָך דער ווילדער יאָגעניש דערקענט יהוא'ן. ער האָט גלײַך געהייסען אײַנשפּאַנען זײַן רײַטוואָגען און איז אַליין אַרויסגעפֿאָהרען יהוא'ן אַנטקעגען. בײַם פֿעלד פֿון נבֿות האָט ער איהם בעגעגענט און געפֿרעגט, וואָס איז געשעהן. נאָך דעם שרעקליכען ענטפֿער, וועלכען ער האָט בעקומען, האָט ער זיך אומגעקעהרט צוריק, נאָר יהוא האָט אויף איהם פֿון הינטען געשאָסען אַ פֿײַל, וואָס איז דורכ'ן רוקען אַרײַן אין האַרצען, און ער האָט געהייסען דעם שילד־טרעגער, וואַרפֿען דעם קערפּער פֿון גוסס'דיגען אויפֿ'ן פֿעלד פֿון נבֿות. „דען איך געדענק, ווי מיר זײַנען פֿאָרבײַ געפֿאָהרען רײַטענדיג הינטער אחאבֿ'ן, זײַן פֿאָטער, ווען יהוה האָט איהם פֿאָראויסגעזאָגט: אויב ניט דאָס בלוט פֿון נבֿות און זײַנע קינדער האָב איך נעכטען געזעהן רינענדיג, און איך בעצאָהל דיר אויף דעם דאָזיגען פֿעלד“. בשעת יהוא איז אַרײַנגעפֿאָהרען אין יזרעאל, האָט דעם קיניגס מוטער, יום־טובֿ'דיג אויסגעפּוצט, געקוקט דורכ'ן פֿענסטער און האָט איהם מיט פֿאַראַכטונג בעגריסט. ער האָט געהייסען איהרע אייגענע לײַב־היטער זי אַראָבוואַרפֿען דורכ'ן פֿענסטער אויף דער גאַס, און איהר בלוט האָט בעשפּריצט די מויערן, און די פֿערד האָבען זי געטראָטען. דערנאָך איז ער פֿול פֿאַראַכטונג געקומען אין פּאַלאַץ אַרײַן און זיך געזעצט צום געגרייטען טיש.

אויך אַלע איבעריגע הויף־לײַט פֿון יזרעאל, דעם קיניגס קרובֿים, בעאַמטע און כּהנים, זײַנען איבערגעגעבן געוואָרען צום טויט. אָבער די הויפּט־שטאָט פֿון דער מלוכה, דער אייגענטליכער וואוין־אָרט פֿון דער דינאַסטיע און פֿון אידרע פּיל אָנהענגער, איז געווען ניט יזרעאל, נאָר שומרון, אַהינצו האָט איצט יהוא געשיקט אַ בריף צו די עלטסטע און פֿיהרער פֿון שטאָט, אַז זיי זאָלען אַרויפֿזעצען אויפֿ'ן טראָן דעם בעסטען פֿון אחאבֿ'ס זיהן און זאָלען פֿאַר איהם מלחמה האַלטען. זיי האָבען איהם אָבער געענטפֿערט: „מיר זײַנען דײַנע קנעכט, מיר וועלען אַלץ טון, וואָס דו וועסט אונז זאָגען, מיר וועלען קיינעם ניט מאַכֿען פֿאַר אַ קיניג: טו, וואָס דיר געפֿעלט". דאַן האָט ער זיי בעפֿױלען אין אַ צווייטען בריף, אומצובריינגען אַלע קינדער פֿון קיניג אחאבֿ, וועלכֿע זײַנען געווען צווישען זיי; זיי האָבען ערפֿילט זײַן בּאַפֿעהל, האָבען אויסגעהרג'ט דעם קיניגס אַלע קינדער, זיבעציג מאַן, און זייערע קעפּ אַרײַנגעלעגט אין קערב און אָבגעשיקט קיין יזרעאל, וואו מען האָט זיי איינגעלעגט בײַם טויער אין צוויי בערגלעך. בשעת יהוא האָט אויף מאָרגען אין דער פֿריה בעטראַכֿט די בערגלעך פֿון קעפּ, האָט ער זיך געוואונדערט אויף דער פֿלײַסיגקײַט פֿון זײַנע פֿרײַוויליגע מיטאַרבײַטער. זײַן אונטערנעמונג האָט זיך איהם לײַכֿט אײַנגעגעבן. איצט איז ער גלײַך געפֿאָהרען קיין שומרון און דאָרטען פֿאַרענדיגט זײַנע בלוטיגע מעשׂים, געטויט די איבעריגע מענשען פֿון אחאבֿ'ס הויף. נאָך דעם איז ער איבערגעגאַנגען צום צווייטען טייל פֿון זײַן אויפֿגאַבע. ער האָט דערקלערט, אַז ער וויל בלומרישט מאַכֿען אַ יום־טובֿ פֿאַר'ן בעל, האָט צונויפֿגעקליבען אַלע נבֿיאים און כּהנים פֿון בעל, וואָס זײַנען געווען אין דער הויפּט־שטאָט, אין טעמפּעל פֿון זייער גאָט; ער אַליין האָט מקריבֿ געווען דעם קרבּן, און אַז ער איז דערמיט פֿאַרטיג געוואָרען, און דאָס יום־טובֿ־דיג געשטימטע פֿאָלק האָט זיך אויפֿגעקליבען מחנות'וויז אַרום זײַן נײַעם קיניג, האָט ער געגעבען אַ ווינק זײַנע קריגס־האַרען, וועלכֿע זײַנען געבליבען שטעהן אויסערן טעמפּעל; זיי האָבען זיך אַרײַנגעריסען אין טעמפּעל אַרײַן און קיינעם ניט אַרויסגעלאָזט קיין לעבעדיגען. דערנאָך האָבען זיי צעבראָכֿען די זײַלען פֿון טעמפּעל און צעשטערט דאָס הויז און זײַנע חורבֿות געמאַכֿט פֿאַר אַן אומריינעם אָרט.

ווי מיר זעהען קלאָר פֿון יהוא'ס מעשׂים, האָט, קאָנטיג, קיינער אין איהם פֿריהער ניט געזעהן דעם געוואַלבטען פֿון יהוה, דעם קעמפּפֿער פֿאַר יהוה. מיט די נבֿיאים פֿלעגט ער זיך טרעפֿען אין דער שטיל: אלישע האָט זיך די גאַנצע צײַט געהאַלטען אָן דער זײַט און פֿון ווײַטען בעטראַכֿט מיט אַ פֿאַרבאָרגענער שׂמחה דעם בלוטיגען נצחון איבערן הויז פֿון עמרי און איבער דעם בעל.

יהוא'ס דינאַס־טיע. די מלחמות קעגען די אַרמים פֿון דַמֶשֶׂק.

מיט יהוא'ן הויבט זיך אָן די צווייטע און די לעצטע דינאַסטיע פֿון דער ישׂראַלישער מלוכה. דורכֿדעם, וואָס יהוא האָט איבערגענומען די ירושה פֿון עמרי'ס דינאַסטיע, האָט ער אויך איבערגענומען די התחיבֿות אָבצושלאָגען די אָנפֿאַלען פֿון די אַרמים פֿון דמשק. היות ווי ער איז געווען שוואַכֿער פֿון זיי, האָט ער געפּרובֿט פֿאַראייניגען זיך מיט זייער אַלטען פֿײַנד, מיט אַשור. זײַנע שלוחים, וועלכֿע ער האָט געשיקט קיין אַשור, האָבען דערלאַנגט דעם קיניג פֿון אַשור רײַכֿע מתּנות, און הגם דאָס איז פֿאָרגעקומען נאָר עטליכֿע געצעהלטע מאָל,

האָט מען דאָס אין אַשור בּעטראַכט פֿאַר צינז=צאָהלונגען פֿון אַן אונטערטעניגער מלוכה. איך חזאל, דער קעניג פֿון ארם, האָט, פֿאַרשטעהט זיך, געשיקט מתּנות קיין אַשור. נאָר זיי האָבּען, קאָנטיג, ניט געהאָלפֿען, — ווייל אין די יאָהרען 842 און 839 איז אַשור ווידער אַרויסגעטראָטען מלחמה צו האַלטען קעגען די ארמים פֿון סוריא. דערנאָך האָבּען די מלחמות צווישען אַשור און ארם איבּגעהערט איף אַ לענגערער צייט, אין יהוא און די צוויי מלכים, וואָס נאָך איהם, האָבּען זיך געמוזט ראַנגלען קעגען זיי מיט אייגענע כּחות. דאָס זיינען געווען שלעכטע צייטען פֿאַר ישׂראל. מיט אַן עקשנות'דיגער גרויזאַמקייט איז פֿאָרגעקומען אין גלעד די מלחמה פֿאַר די לאַנד=גרעניצען. אין מיטען דערינען האָבּען זיך די ארמים אַריינגעריסען אין לאַנד פֿון ישׂראל גופא, און חזאל איז מיט זיינע חילות דערגאַנגען בּיז צום לאַנד פּלשתּים און בּיז צו די מויערן פֿון ירושלים. עמון און מואב זיינען מיט איהם געווען פֿאַר איינס, און אַפילו די פּלשתּים האָבּען געוועהן אויסנוצען די שווערע לאַגע פֿון זייערע ישׂראלישע שכנים. נאָר אַ דאַנק איהרע גרויסע אָנשטרענגונגען האָט די מלוכה פֿון ישׂראל ניט פֿאַרלאָרען איהר זעלבּשטענדיגקייט אין דער דאָזיגער שווערער צייט. נאָך אַמאָל איז די אמונה געגאַנגען האַנט בּיי האַנט מיטן פֿאָלק. אין דער צייט, ווען אליהו האָט מלחמה געהאַלטען מיט די מלכים פֿון עמרי'ס הויז, איז זיין תּלמיד אלישע געווען די וויכטיגסטע גייסטיגע אונטערשטיצונג פֿאַר די מלכים פֿון יהוא'ס דינאַסטיע און פֿאַר די ישׂראלישע רייטער בּשעת זייער מלחמה מיט די ארמים. עס האָט לסוף זיך אײַנגעגעבּען יהוא'ס איניקעל, יואָש דעם זוהן פֿון יואחז, אָבּצוהאַלטען אַ שורה גלענצענדע נצחונות איבּער די ארמים. בּשעת דער מלוכה=צייט פֿון יואש'ס זוהן, ירבעם דעם צווייטען, האָט די מלוכה דערגרייכט בּיז צו דער העכסטער מדרגה פֿון איהר אויסווייניגסטער מאַכט. מואב איז ווייטער אונטערגעוואָרפֿען געוואָרען, די דרום=מזרח=גרעניץ איז דערגאַנגען בּיז צום טייך פֿון מדבּר, און צפון=מזרח האָט מען אײַנגענומען קרנים און לדבר. גלעד איז געבּליבּען אין רשות פֿון ישׂראל. לבן און יעקב האָבּען געשלאָסען אַ שלום=אָבּמאַך, וואָס דורך איהם איז געזיכערט געוואָרען די גרעניץ צווישען זייערע פֿעלקער.

Wellhausen—Israelitische und jüdische Geschichte, 1904.

---

## XVII דאָס אַלטע ישׂראל'שע געוועהנהייטס=רעכט*.

די ענטשטעהונג פֿון געשריבּענעם רעכט.

די עלטסטע זאַמלונג פֿון געזעצען, וואָס געפֿינט זיך אין דער תּורה, בּעשטעהט פֿון די קאַפּיטלען כ׳ כ״ב, כ״ג און ל״ג פֿון ספר שמות, וועלכע שטעלען פֿאָר אַ זעלבּשטענדיגע גאַנצע זאַך און טראָגען דעם נאָמען, וואָס עס ניט

* געוועהנהייטס=רעכט הייסט דאָס רעכט, וואָס איז ניט געשאַפֿען און פֿאַרעפֿענטליכט געוואָרען דורך אַ יחיד אָדער דורך אַ קאָלעגיע פֿון יחידים, נאָר עס האָט זיך אין משך פֿון דורות אומבּעמערקטערהייט פֿעסטגעשטעלט אין לעבּען פֿון פֿאָלק, ווי אַ מנהג, אַ געוועהנהייט. אין דער עלטסטער צייט האָט די געזעלשאַפֿט געלעבּט דורכאויס לויט די כּללים פֿון געוועהנהייטס=רעכט, וואָס האָט זיך איבּערגעגעבּען בּקבלה פֿון איין דור צום צווייטען.

ס. סלאָוויטשיק—עלטסטע יודישע געשיכטע.

זיי די תּורה אַליין (שמות כ״ד, 7) — „ספר הברית“, „דאָס בוך פון בונד“. קלאָרע און זיכערע אָנווייזן איך דער צייט פון זיין ענטשטעהונג, זיינען אונז ניט געבליבען, נאָר לויט זיין אינהאַלט קאָן מען בערך פעסטשטעלען די היסטאָרישע תּקופה, ווען עס האָט געדאַרפט אויסוואַקסען אין ישׂראלישען פאָלק די בעדערפעניש אין אַזאַ מין געזעצבוך.

די פאָר־היסטאָרישע תּקופה, וואָס ציילענט זיך איים דורך דער פּשוטקייט פון איהרע געזעלשאַפטליכע בעציהונגען, ווייס נאָר פון אַ ניט־געשריבענעם געוואוינהייטס־רעכט. די נויטיגקייט איבערצודריקען די לעבענס־כּללים, די מנהגים



בילד 10: דער קיניג האַמוראַבי (אַמרפל) פאַר דעם זונען־גאָט. דער אויבערשטער טייל פון דעם שטיין, וואָס אויף איהם זיינען אויפגעצייכענט די געזעצען פון האַמוראַבי.

אין מהות אין אַ געשריבענער פאָרם ווייזט זיך אַרויס ערשט דעמאָלט, ווען, מחמת דעם שטייגען פון קולטורעלן מעמד, ווערען ערנסטער די אויפגאַבען פון געריכט, אָדער ווען די מלוכה־אינטערעסען פאָדערן, אַז די מנהגים פון פאַרשיידענע ערטער זאָלען געבראַכט ווערען אין הסכּם צווישען זיך, און אַז איך דער גאַנצער טעריטאָריע זאָלען הערשען די גלייכע געזעצען. און פונקט ווי אין בבל איז די ענטשטעהונג פון ערשטען געשריבענעם רעכט פאַרבונדען מיטן נאָמען פון דעם שאַפער פון דער בבלישער מאַכט, — האַמוראַבי (אַמרפל), בערך

צווײ טױזענט יאָהר פֿאַר דער נײַער רעכֿענונג (זעה בילד 10), אַזוי דאַרף מען אױך רעכֿענען, אַז די צײַט, ווען עס איז צוערשט פֿאַרשריבען געוואָרען דאָס אַלטע ישׂראליׅשע רעכֿט, איז געפֿאַלען אין דער תּקופֿה, ווען עס האָט זיך צעבליהט ישׂראלס פּאָליטישע מאַכֿט — אין דער תּקופֿה פֿון שלמה המלך*.

> די מקורים פֿון ישׂראל׳ישען געוועהנהייט-רעכֿט.

די פּרינציפּען, וואָס ליגען אין יסוד פֿון ספֿר הבּרית, זײַנען די גײַסטיגע ירושה פֿון אַן עלטערער צײַט, נאָר אין דער פֿאָרם, ווי דאָס בוך איז צו אונז אָנגעקומען, טראָגט עס אין זיך שוין מעהר ניט קײן סימנים פֿון דער וואַנדער-תּקופֿה. דער רעכֿטליכֿער סדר, וואָס עס שרײַבּט פֿאָר, איז צוגעפּאַסט צו דעם לעבענס-שטײגער פֿון אַ פֿעסטזיצענדיגען ערד-אַרבּײַטער- און פּאַסטוכֿער-פֿאָלק.

דאָס ישׂראלישע רעכֿט איז צום טײל אױסגעוואַקסען אױף אַ נאַטירליכֿען אופֿן פֿון די מנהגים און מדות פֿון די פּאַסטוכֿער-וואַנדערער, צום טײל האָט אױף זײַן אינהאַלט געווירקט אַ פֿרעמדער עלעמענט, — דאָס כּנענישע רעכֿט, וואָס מיט איהם האָבּען די בּני ישׂראל זיך בּעקענט ערשט נאָכֿ׳ן אָנקומען אין לאַנד. אױף דעם אופֿן האָט זיך פֿאַרשפּרײט צווישען די בּני ישׂראל דאָס בּבֿלישע רעכֿט, וואָס איז געווען דעמאָלט אָנגענומען בּײַ די כּנענים. די נאָהענטקײַט פֿון בּבֿלישען און ישׂראלישען רעכֿט זעהען מיר בּאַלד אַרױס, בּעת מיר פֿאַרגלײַכֿען די דינים און רעכֿטליכֿע בּעציהונגען פֿון ספֿר שמות מיט די כּללים פֿון דעם אַזוי גערופֿענעם „האַמוראַבּי-קאָדעקס“, דעם עלטסטען געשריבּענעם געזעצבּוך פֿון די בּבֿלים. אַזוי ווי אין דריטען יאָהרטױזענט פֿאַר דער נײַער צײַט-רעכֿענונג איז דער גאַנצער מערבֿ פֿון פֿאָדער-אַזיען געווען אונטערגעוואָרפֿען אונטער דער ממשלה פֿון די בּבֿלים, איז קײן ספֿק ניט, אַז זײערע רעכֿט און זײערע מנהגים זײַנען געווען בּעקאַנט אין ארץ ישׂראל, נאָך אײדער עס זײַנען אַהינצו אָנגעקומען די בּני ישׂראל, און אַז זײ האָבּען דורך דער פֿאַרמיטלונג פֿון די כּנענים געהאַט אַ גרױסע השפּעה אױף דער ישׂראלישער געזעצגעבּונג.

> די געזעצגעבּונג, ווי דער בּונד צווישען יהוה און ישׂראל.

די געזעצגעבּונג האָבּען די בּני ישׂראל זיך פֿאָרגעשטעלט ווי אַן אָבּמאַך צווישען יהוה און ישׂראל, און איהר פֿאַרעפֿענטליכֿונג האָט זיך אױסגעדריקט דער בּונד (בּרית) צווישען גאָט און פֿאָלק. בּעת יהוה האָט געשלאָסען דעם בּונד, האָט ער געגעבּען דעם פֿאָלק די הבֿטחה, — אָדער איבּערגעחזרט די הבֿטחה, וואָס ער האָט פֿריהער שוין געהאַט געגעבּען די אָבֿות — צו שיצען דאָס פֿאָלק אין מלחמה און שלום; און דאָס פֿאָלק האָט זיך פֿון זײַן זײַט מתחיבֿ געווען הײליג אָבּצוהיטען דאָס געגעבּענע געזעץ.

יענעם אָבּמאַך, וואָס איז געשלאָסען געוואָרען איבּער׳ן ספֿר הבּרית, האָט די לעגענדע איבּערגעטראָגען צו דער צײַט פֿון די ישׂראלישע וואַנדערונגען בּײַם סיני און האָט געשילדערט אין פּאָעטישע פֿאַרבּען די גרױסאַרטיגע און אימהדיגע

* עס איז אַ מחלוקת צווישען די היסטאָריקער וועגען דער צײַט, ווען עס זאָל זײַן צונױפֿגעשטעלט געוואָרען דער „ספֿר הבּרית“, אָבּער אַלע זײַנען מסכּים זײַן צונױפֿשטעלונג צו דער מלוכה-צײַט פֿון אײנעם פֿון די גרױסע מלכים, וואָס פֿאַר דער נבֿיאישער תּקופֿה: אחאבֿ, יהושפֿט, מנשה (פֿאַרגלײַך די ערצעהלונג אין דברי הימים ב׳, קאַפּיטעל י״ט, וועגען אַ גרױסער געריכֿטליכֿער רעפֿאָרם, וואָס איז דורכֿגעפֿיהרט געוואָרען פֿון יהושפֿט׳ן. עס איז מעגליך, אַז די רעפֿאָרם האָט אַ צוזאַמענהאַנג מיט דער אײנפֿיהרונג פֿון דעם „ספֿר הבּרית“).

סבֿיבֿה, װאו משה האָט דעם ספֿר אָנגעשריבן לױט די פֿאַרזאָגען פֿון יהוה
אַלײן.

Gressmann — Die älteste Geschichteschreibung und Prophetie Israels. 1910.

---

## דער ספֿר הבריח.

דער גרונד=געזעץ פֿון בונד.

אין יהוה האָט געזאָגט צו משהן: אַזױ זאָג צו די בני ישׂראל: איהר
האָט אַלײן געזעהן, װי איך האָב פֿון הימעל גערעדט מיט אײך — מאַכט=זשע
זיך ניט קײן אַנדערע געטער איסער מיר, זילבערנע געטער און גאָלדענע מאַכט
זיך ניט.

דער סדר פֿון קרבנות=ברענגען

אַ מזבח פֿון ערד מאַך פֿאַר מיר און ברענג אױף איהם דײַנע פֿײַער=אָפּפֿער
און דײַנע שלום=קרבנות, דײַנע שעפּסען און דײַנע אָקסען; און יעדען אָרט, װאָס
װעט זײַן הײליג מיר אָנגעװיזען אױף דינען מיר, װעל איך קומען צו דיר און
בענשען דיך*.

אױב דו װעסט אָבער װעלען אױפֿבױען פֿאַר מיר אַ מזבח פֿון שטײנער,
ניט שטעל איהם אױף פֿון געהאַקטע שטײנער — װײַל, װי נאָר דו װעסט איבער
זײ אױפֿהײבען אַן אײַזען, װעסטו זײ פֿאַרשװעכען. און הױב זיך ניט אױף
צו מײַן מזבח אױף טרעפּ, כּדי עס זאָל זיך ניט אָפּדעקען איבער איהם דײַן
הױלקײַט.

די געזעצען װעגען קנעכטשאַפֿט

און אָט זײַנען די געזעצען, װאָס דו גיב זײ איבער: װען דו װעסט קױפֿען
אַ קנעכט אַן עבֿרי, זאָל ער דינען זעקס יאָהר און אין זיבעטען יאָהר זאָל
ער אַרױסגעהן פֿרײַ אומזיסט; װען ער איז אָנגעקומען אַלײן, זאָל ער אױך אַװעק=
געהן אַלײן; און װען ער איז אַ בעװײַבטער, זאָל אױך זײַן װײַב אַװעקגעהן מיט
איהם. אױב אָבער זײַן האַר האָט איהם געגעבען אַ װײַב, און זי האָט איהם
געבױרען זיהן אָדער טעכטער, זאָל די װײַב מיט איהרע קינדער בלײַבען בײַ
זײַן האַר, און ער זאָל געהן אױף דער פֿרײַ אַלײן. נאָר אױב דער קנעכט
װעט זאָגען: איך האָב ליב מײַן האַר, מײַן װײַב און מײַנע קינדער, איך װיל
ניט געהן אױף דער פֿרײַ, זאָל זײַן האַר איהם ברענגען צו פֿיהרען פֿאַר גאָט
און אַװעקשטעלען איהם נעבען דער טיר אָדער נעבען דעם בײַשטידעל און דורכ=
שטעכען איהם דעם אױער מיט אַ נאָל, און ער זאָל בלײַבען זײַן קנעכט אױף
אײביג. אױב װער עס איז װעט פֿאַרקױפֿען זײַן טאָכטער פֿאַר אַ שקלאַפֿין, קאָן
מען זי ניט אָבלאָזען, װי מען לאָזט אָב אַ שקלאַפֿין; אױב זי געפֿעלט מעהר
ניט איהר האַר, װאָס זי איז בײַ איהם געװען אַ קעבס=װײַב, קאָן ער ערלױבען
זי אױסקױפֿען, אָבער ער האָט ניט די מאַכט צו פֿאַרקױפֿען זי אין אַ פֿרעמדער
פֿאַמיליע, װײַל ער האָט קעגען איהר געפֿעלשט. װען ער װעט זי איבערגעבען
זײַן זוהן, דאַרף ער זיך מיט איהר בעגעהן, װי מיט אַ טאָכטער. װען ער

* דורך דעם געזעץ איז ערלויבט געוואָרען צו דינען גאָט אומעטום, און עס האָט זיך
נאָר געפֿאָדערט, אז דער אָרט זאָל זיין אָנגעוויזען דורך אַ געטליכער אנטפּלעקונג, ווי דאָס איז,
לויט דער לעגענדע, געשעהן אין באר=שבע, אין בית אל, אין חברון און אין אַנדערע ערטער.

וועט זיך אָבער נעמען נאָך איינע, דאַרף ער פֿון איהר ניט פֿאַרמיידען שפּייז, קליידונג און געשלעכטס־פֿאַרקעהר. און ווען ער וועט דאָס אַלץ ניט ערפֿילען, זאָל די אַרויסגעהן אויף דער פֿריי אומזיסט, אָהן אויסקויף־געלט.

די קרימינאל־ געזעצען.

ווער עס וועט דערשלאָגען אַ מענשען צום טויט, זאָל געטויט ווערען; נאָר אויב ער האָט דאָס געטאָן ניט מיט אַ כּוון, און גאָט האָט איהם אַזוי צוגעשיקט, וועל איך דיר בּעשטימען אַן אָרט, וואוהין ער זאָל אַנטלויפֿען; און ווען איינער וועט זיך אַזוי בּענעהן מיט אַ כּוון און אויף הינטערוועגען טויטען דעם צווייטען, פֿיהר איהם אַוועק אַפֿילו פֿון מיין מזבח* צום טויט.

ווען מענשען וועלען פֿאַרפֿיהרען אַ קריג, און איינער וועט דעם אַנדערן געבּען אַ קלאַפּ מיט אַ שטיין אָדער מיט דער פֿויסט, און יענער, — הגם ער וועט ניט שטאַרבּען, — וועט זיך לעגען צו בּעט, זאָל דער שלאָגער זיין פֿריי פֿון שטראָף, אויב יענער וועט געזונט ווערען און וועט אַרויס פֿון שטוב מיט דער הילף פֿון אַ שטעקען. ער דאַרף איהם נאָר אומקעהרען פֿאַרן ליידיג זיצען און היילען מוז ער איהם. נאָר אויב ער האָט איהם געמאַכט אַ בּלייבּענדיגען פֿעהלער, דאַרף דער פֿאַרשאַפֿער אָבּגעבּען דאָס לעבּען פֿאַרן לעבּען, אַן אויג פֿאַר אַן אויג, אַ צאָן פֿאַר אַ צאָן, אַ האַנט פֿאַר אַ האַנט, אַ פֿוס פֿאַר אַ פֿוס, אַ בּרען פֿאַר אַ בּרען, אַ וואונד פֿאַר אַ וואונד, אַ בּראָך פֿאַר אַ בּראָך. ווען איינער וועט שלאָגען מיט אַ שטעקען זיין קנעכט אָדער זיין שקלאַפֿין אַזוי, אַז זיי וועלען שטאַרבּען אונטער זיין האַנט, זאָל ער בּעשטראָפֿט ווערען. אָבער אויב זיי וועלען שטאַרבּען ערשט אין אַ טאָג אָדער אין צוויי טעג אַרום, דאַרף מען איהם ניט בּעשטראָפֿען, ווייל ער האָט שוין היזק. ווען ווער עס איז וועט אַ קלאַפּ טון זיין קנעכט אָדער זיין שקלאַפֿין אין אויג אַריין און וועט עס אויסשלאָגען, זאָל ער זיי אַרויסלאָזען אויף דער פֿריי פֿאַר דעם אויג. און ווען ער וועט אויסשלאָגען אַ צאָן זיין קנעכט אָדער זיין שקלאַפֿין, זאָל ער זיי אַרויסלאָזען אויף דער פֿריי פֿאַר דעם צאָן.

ווען אַן אָקס וועט שטויסען צום טויט אַ מאַנסבּיל אָדער אַ פֿרוי, זאָל מען דעם אָקס פֿאַרוואַרפֿען מיט שטיינער און זיין פֿלייש ניט עסען; און דער בּעל הבּית פֿון אָקס איז פֿריי (פֿון שולד). אָבער אויב דער אָקס איז אַ שטויסיגער פֿון שטענדיג אָן און דעם בּעל הבּית האָט מען וועגען דעם ניט איין מאָל מתרה געווען, און ער האָט איהם אָבער ניט געהיט, זאָל דער אָקס, אויב ער האָט געהרג'עט אַ מאַנסבּיל אָדער אַ פֿרוי, פֿאַרוואָרפֿען ווערען מיט שטיינער, און אויך דער בּעל הבּית זאָל געטויט ווערען. אויב אָבער מען וועט איהם בּעלעגען מיט אויסקויפֿס־געלט, זאָל ער געבּען דעם אויסקויף פֿאַר זיין לעבּען, מיט וויפֿיל מען וועט איהם בּעלעגען. אַ יונגעל אָדער אַ מיידעל אויב ער וועט שטויסען, אַלץ לויט דעמזעלבּיגען געזעץ דאַרף מען זיך מיט איהם בּענעהן. אויב דער אָקס וועט שטויסען אַ שקלאַף אָדער אַ שקלאַפֿין, דאַרף דער בּעל־הבּית פֿון אָקס בּעצאָהלען זייער האַר דרייסיג שקלים זילבּער, און דער אָקס דאַרף פֿאַרוואָרפֿען ווערען מיט שטיינער.

* דער מזבח איז געווען אַן אָרט, וואוהין עס פֿלעגט זיך ראַטעווען דער צופֿעליגער רוצח. דער נקמה־נעמער האָט ניט געטאָרט פֿאַרגיסען קיין בלוט ביים מזבח.

ווען ווער עס איז וועט גנבֿ'ען אַן אָקס אָדער אַ שעפּס און וועט קוילען אָדער פֿאַרקויפֿען, זאָל ער בעצאָהלען פֿינף אָקסען פֿאַרן אָקס און פֿיר שעפּסען פֿאַרן שעפּס. ווען דאָס גע'גנבֿ'עטע — סיי דאָס איז אַן אָקס, סיי אַן אייזעל, סיי אַ שעפּס — וועט געפֿונען ווערען ביי איהם לעבעדיגערהייט, זאָל ער פֿאַר זיי בעצאָהלען אין צווייען. בעצאָהלען דאַרף ער איף יעדען פֿאַל; אויב ער האָט ניט, מיט וואָס, זאָל ער פֿאַרקויפֿט ווערען, כדי אַיינצובריינגען דעם ווערט פֿון דעם, וואָס ער האָט גע'גנבֿ'עט. ווען מען וועט אַ גנבֿ כאַפּען (ביי דער נאַכט) בשעת זיין אַריינברעכען זיך און איהם טויטען, איז ניטאָ אין דעם קיין בלוט-שולד, נאָר אויב די זון האָט שוין געלויכטען, איז אין דעם פֿאַראַן אַ בלוט-שולד. ווען ווער עס איז האָט פֿאַרדאָרבען דעם אַנדערנס פֿעלד אָדער וויינגאָרטען, לאָזענדיג זיין פֿיך פֿאַרדאַרבען דאָס פֿרעמדע פֿעלד, דאַרף ער אומקעהרען דעם שאָדען מיט די בעסטע פּירות פֿון זיין פֿעלד און פֿון זיין וויינגאָרטען.

ווען עמיצער וועט איבערגעבען דעם אַנדערן צום היטען אַן אייזעל, אָדער אַן אָקס, אָדער אַ שעפּס אָדער אַן אַנדער בהמה, און זי וועט פֿאַלען אָדער וועט זיך צעשעדיגען, און עס זיינען ניטאָ דערביי קיין עדות, זאָל די שבֿועה פֿאַר יהוה צווישען זיי לייזען דעם קריג, צי האָט ער ניט געלאָזען זיין האַנט אין צווייטענס אייגענס, און דער בעל-הבית דאַרף ליידען דעם שאָדען, און יענער דאַרף איהם ניט אומקעהרען. און אויב די בהמה איז ביי איהם גע'גנבֿ'עט געוואָרען, מוז ער בעצאָהלען איהר בעל הבית: ווען זי איז אָבער צעריסען געוואָרען (הורג חיה), זאָל ער דאָס איבערווייזען — פֿאַר דער צעריסענער דאַרף ער ניט צאָהלען.

רעליגיעז-זיטליכע כללים.

אַן אַלמנה און אַ יתום דריקט ניט; ווען דו וועסט זיי אָבער געמען דריקען, און זיי וועלען שרייען פֿאַר מיר, וועל איך צוהערען זייער געשריי, און עס וועט זיך צעפֿלאַקערן מיין כעס, און איך וועל אייך איבערגעבען דעם שווערד און אַייערע ווייבער וועלען זיין אַלמנות און אַייערע קינדער — יתומים. ווען דו וועסט לייהען געלט אַן אָרעמען פֿון מיין פֿאָלק, בעגעה זיך ניט מיט איהם, ווי אַן אונטערדריקער, נעם ביי איהם ניט קיין פּראָצענט. ווען דו וועסט נעמען דעם צווייטענס איבער-בגד אין משכּון, קעהר איהם עס אום ביז'ן אונטערגאַנג פֿון דער זון, ווייל עס איז זיין איינציגער צודעק, די איינציגע קליידונג פֿאַר זיין לייב. — און וואָס וועט ער שלאָפֿען אָהן איהם? און ווען ער וועט שרייען צו מיר, וועל איך צוהערען, ווייל איך בין באַרעמהאַרציג.

זאָלסט ניט שילטען גאָט און זאָלסט ניט זידלען אַ פֿאָלקס-פֿאָרשטעהער.

דעם ערשטגעבאָרענעם פֿון דיינע זיהן גיב אָב מיר. איך דעמזעלביגען שטייגער בעגעה זיך מיט דיין אָקס און מיט דיין שעפּס; זיבען טעג זאָלען זיי זיין געבען זייער מוטער, און אויפֿ'ן אַכטען טאָג גיב זיי אָב מיר. און ריין זאָלט איהר זיין פֿאַר מיר, פֿלייש, וואָס איז צעריסען געוואָרען אין פֿעלד דורך אַ חיה, עסט ניט: וואַרפֿט עס פֿאַר די הינט.

פֿאַרשפּרייט ניט קיין פֿאַלשע קלאַנגען; פֿאַרשאַפֿט ניט דעם אומגערעכטען קיין הילף דורך פֿאַלשען עדות-זאָגען. געה ניט נאָך דער מעהרהייט ביי אַ
שלעכטער זאַך און ביי אַ רעכט-שטרייט געה ניט נאָך דער מעהרהייט קעגען דער 102

גערעכטיגקײַט. ניט גיב נאָך דעם שטאַרקען אין געריכט און ניט משפּט פֿאַרקערט דעם אָרעמאַן אין זײַן רעכט־שטרײַט.

ווען דו וועסט געפֿינען דײַן פֿײַנדס אָקס אָדער זײַן אייזעל בלאָנזשענדיג, פֿיהר איהם אָב צו איהם; און אויב דו וועסט זעהן, ווי דײַן פֿײַנדס אייזעל איז געפֿאַלען אונטער זײַן משׂא, בלײַב ניט גלײַכגילטיג, נאָר העלף איהם אויסצולאָדען איהם.

מײַד אויס אַן אומגערעכטע זאַך און בעטייליג זיך ניט אין אַזאַ זאַך, וואו דער אומשולדיגער און דער גערעכטער דאַרפֿען לײַדען און מאַך ניט גערעכט דעם שולדיגען. ניט נעם קיין שוחד, ווײַל דער שוחד מאַכט דעם זעהענדיגען בלינד און פֿאַרקרימט די גערעכטע זאַך.

דעם פֿרעמדען בעלײַדיג ניט: איהר ווייסט דאָך, ווי עס איז דעם פֿרעמדען אויפ'ן האַרצען, ווײַל איהר זײַט דאָך אַליין געווען פֿרעמדע אין לאַנד מצרים.

זעקס יאָהר פֿאַרזייה דײַן ערד און קלײַב צונויף איהר פֿרוכט און דעם זיבעטען לאָז זי אָב פֿרײַ און ניט זאָרג וועגען איהר: זאָלען זיך שפּײַזען פֿון איהר די אָרימע פֿון דײַן פֿאָלק און וואָס זיי וועלען איבערלאָזען, זאָלען אויפֿעסען די חיות פֿון פֿעלד; אַזוי פֿיהר זיך אויך מיט דײַן ווײַנגאָרטען און מיט דײַן אייל־בערט־גאָרטען.

זעקס טעג טו דײַן אַרבײַט און דעם זיבעטען טאָג זײַ פֿרײַ, כּדי עס זאָל אָפּרוהען דײַן אָקס און דײַן אייזעל און דײַן שקלאַפֿינס זוהן און דער אָנגעקומענער זאָלען אָפּרוהען.

אַלץ, וואָס איך האָב אײַך פֿאַרזאָגט, היט אָב שטרענג, און די נעמען פֿון אַנדערע געטער רופֿט ניט אויס. זיי זאָלען גאָר ניט זײַן אויף דײַנע ליפּען.

דרײַ מאָל אין יאָהר פּײַט אָב פֿאַר מיר ימים טובים. היט אָב דעם יום טוב פֿון אומגעזײַערטען ברויט; זיבען טעג עס ניט קיין זויערן ברויט, ווי איך האָב דיר פֿאַרזאָגט בשעת דעם חודש אָביב, ווײַל אין דער צײַט ביסטו אַרויס פֿון מצרים. און זאָל מען ניט קומען פֿאַר מײַן געזיכט מיט לײדיגע הענט און דער יום טוב פֿון שניט פֿון דײַן ערשטען געוויקס, וואָס דו האָסט געזייהט אויפ'ן פֿעלד, און דעם יום־טוב פֿון זאַמלונג אין סוף יאָהר, ווען דו וועסט אויפֿקלײַבען פֿון פֿעלד די פֿרוכט פֿון דײַן אַרבייט, – דרײַ מאָל אין יאָהר זאָל ערשײַנען דאָס גאַנצע מענליכע געשלעכט פֿאַרן הערשער יהוה.

**דאָס שליסען דעם בונד.** און משה האָט אָנגעשריבען אַלע יהוה'ס פֿאַרזאָגען, און אויפ'ן צווייטען טאָג אין דער פֿריה האָט ער אויפֿגעבויט אַ מזבח צו פֿוסען פֿון באַרג, און צוועלף מצבות לויט דער צאָהל פֿון די צוועלף ישׂראלישע שבטים. און ער האָט געהייסען די ישׂראלישע בחורים, זיי זאָלען ברענגען די פֿײַער־אָפּפֿער און קוילען די אָקסען פֿאַר שלום־קרבנות פֿאַר יהוה. און משה האָט גענומען אַ העלפֿט פֿון דעם בלוט און אַרײַנגעגאָסען אין די קרבן־געפֿעס און מיט דער צווייטער העלפֿט האָט ער בעשפּריצט דעם מזבח. דערנאָך האָט ער גענומען אַ מגלה מיטן געזעץ פֿון בונד (ספֿר הברית) און האָט אויפֿן קול זי איבערגעלייענט פֿאַרן פֿאָלק. און זיי האָבען געזאָגט: אַלץ, וואָס יהוה האָט געזאָגט, זײַנען מיר גרייט צו טון און צו היטען. און משה האָט גענומען דאָס בלוט און בעשפּריצט מיט איהם דאָס פֿאָלק,

און געזאָגט: אָט איז דאָס בלוט פון בונד, וואָס יהוה האָט געשלאָסען מיט אייך לויט די דאָזיגע געזעצען.

שמות, קאַפּיטעל כ—כד.

———

## XVIII. די מאַטעריעלע און גייסטיגע קולטור פון דער פאַר=נביאים=צייט.

די התחלה פון דער העברעאי־שער שריפטלי־כער ליטעראַטור.

מיר האָבען ניט קיין מעגליכקייט צו שילדערן קלאָר און אויספיהרליך ישראל'ס לעבענס=שטייגער אין משך פון די ערשטע יאָהרהונדערטען פון זיין פעסטען לע=בען אין ארץ ישראל. עס פעהלט אונז דאָס נייטיגע היסטאָרישע מאַטעריאַל דערצו. אייב וועגען וויכטיגע און ניט=געוועהנליכע היסטאָרישע געשעהענישען קאָנען אין פאָלק בלייבען זכרונות אין משך פון אַ לאַנגער צייט, ווינען אָבער צו די שילדערונגען פון דעם טאָג=טעגליכען לעבענס=שטייגער און דעם קולטורעלען מצב פון די ברייטע פאָלקס=שיכטען נויטיג ליטעראַרישע דענקמעלער, וועלכע געהע=רען דוקא צו דער דאָזיגער צייט גופא. די יודישע שריפטליכע ליטעראַטור האָט זיך אָבער ענטוויקעלט ערשט אין דער צווייטער העלפט פון ניינטען יאָהרהונדערט*.

* בעצם איז דער געברויך פון דער שריפט געוועןשוין בעוואוסט פיל פריהער, מען האָט זי אָבער בענוצט נאָר אין אָפיציעלע דאָקומענטען, רעכענונגען, אָבמאַכען און שליחות'ן, ווען מען האָט נעדארפט זייער אינהאַלט האַלטען צוליב געוויסע סבות בסוד. די עלטסטע שריפט איז געוועןקורץ און ניט=דייטליך, פונקט ווי איהר גאַנצע כּוונה וואָלט געוועןדירך עטליכע ווערטער אין שטריכען אויפהאַלטען אין זכּרון אַ מעהר שווערען און פאַרפּלאָנטערטען אינהאַלט.

אַ דאַנק דער ווירקונג פון דער אמונה, וואָס האָט געוועקט ליבע און דרך ארץ צום עבר, האָט זיך פריה ענטוויקעלט דאָס היסטאָרישע בעוואוסטזיין פון פאָלק; די וואונדערבאַרע מעשים פון יהוה זיינען בעזונגען געוואָרען אין קלינגענדיגע לידער, נאָר די דאָזיגע לידער פלעגען די ערשטע צייט איבערגעגעבען ווערען איינעם פון דעם אַנדערן נאָר אויסווייניג. מיטן ערשטען איבערגאַנג צו אַ געשריבענע ליטעראַטור, האָט מען אָנגעהויבען קלייבען און פאַר=שרייבען די דאָזיגע לידער. „דאָס בוך פון יהוה'ס מלחמות" (ספר מלחמות יהוה) און „דאָס בוך פון די גערעכטע" (ספר הישר) זיינען געוועןדי ערשטע היסטאָרישע ביכער ביי ישראל. באַלד נאָך דעם האָט מען אָנגעהויבען שרייבען אויך געשיכטע אין פּראָזע, און דערביי בענוצט די אָפיציעלע דאָקומענטען און ערצעהלונגען פון די פאַרגאַנגענע צייטען. אין די ביכער שופטים שמואל און מלכים איז געבליבען אַ גרויסער טייל פון אָט דער אַלטער געשיכטס=שרייבונג, וועלכער איז געשטאַנען אין צוזאַמענהאַנג מיט די כראָניקעס פון די מלכים (ספר דברי=הימים למלכי יהודה, ספר דברי הימים למלכי ישראל) און האָט פון זיי געשעפּט איהר מאַטעריאַל. אין דערזעלביגער צייט האָט מען אויך אָנגעהויבען צונויפשטעלען זאַמלונגען פון די יסודות פון די געזעצען און פון דער פאָלקס=חכמה; מוסטערן דערפון זיינען געבליבען ביי אונז אין די קאַפּיטלען כ"א—כ"ג פון ספר שמות. דערנאָך האָט מען אויך גענומען פאַרשרייבען די לעגענדעס וועגען דער יוגענט=צייט פון פאָלק. די דאָזיגע לעגענדעס זיינען דערנאָך פאַראייניגט געוואָרען אין צוויי זאַמלונגען פון עפּישער דיכטונג: פונ'ם יהוה'יסט און אלה'יסט; מען רופט זיי אַזוי, ווייל אין דער איינער הייסט דער געטליכער נאָמען „יהוה", און אין דער צווייטער— „אלהים". דער ערשטער פון די צוויי זאַמלונגען איז צונויפגעשטעלט געוואָרען אין דער מלוכה פון יהודה, בערך אין מיטען פון ניינטען יאָהרהונדערט פאַר דער געוועהנליכער צייט=רעכענונג; די צווייטע איז צונויפגעשטעלט געוואָרען אין דער ישראל'שער מלוכה אין דער מיט פון אכטען יאָהרהונדערט. ביידע זאַמלונגען, פאַרפלאָכטענע און פאַראייניגטע צוזאַמען, בילדען דעם יסוד פון אונזערע תנ"ך=ערצעהלונגען.

אין דעריבער האָבען מיר ערשט פֿון דער צײַט אָן זיכערע ידיעות וועגען דעם לעבענס=שטייגער און דעם גײַסטיגען צושטאַנד פֿון פֿאָלק ישׂראל.

דאָס פֿאַמיליען=לעבען. שקלא=פֿערײַ.

מיר הייבען אָן מיט אַ קורצער שילדערונג פֿון פֿאַמיליען=לעבען: פֿיל=ווײַבערײַ איז געווען זעהר ווערלטעך, די פֿאַמיליע איז געוועהנליך געווען געבויט אויפֿ'ן יסוד פֿון דער מאָנאָגאַמיע, דער איינווײַבערײַ; עס איז נאָר געווען ערלויבט צו האָבען קעבס=ווײַבער, פּלגשים. די פֿרוי האָט פֿאַרנומען אַ בכבוד'יגען אָרט אין דער פֿאַמיליע, הגם עס זײַנען נאָך געבליבען סימנים פֿון אַן עלטערן רעכטליכען מצב, וואָס דעמאָלט פֿלעגט מען די פֿרוי קויפֿען, און זי פֿלעגט ווערען דער אייגענס פֿון איהר מאַן און האָט געקאָנט אַפֿילו איבערגעגעבען ווערען בירושה. החתונות צווישען נאָהענטע קרובים, אַפֿילו צווישען שטיף=ברידער און שטיף=שוועסטער, זײַנען ניט געווען פֿאַרבאָטען, און אַ פֿאָטער פֿלעגט האַלטען פֿאַר בעסער אָבצוגעבען זײַן טאָכטער פֿאַר אַ שוועסטער=קינד, איידער פֿאַר אַ פֿרעמדען מענשען (פֿאַרגלײַך בראשית כ״ט 19). די שליטה פֿון די עלטערן איבער די קינדער איז געווען אַ ניט=בעגרענעצטע. זיי האָבען געהאַט דאָס רעכט צו ברענגען זיי פֿאַר אַ קרבן און צו פֿאַרקויפֿען פֿאַר קנעכט און דינסטען (פֿאַרגלײַך שמות כ״א 7—8).

דער מצב פֿון די קנעכט איז געווען, ווי עס זעהט אויס, ניט איבעריג שווער. דאָס געזעץ האָט צום טייל געזאָרגט פֿאַר זייערע מענשליכע רעכט, און אין זייער סאָציאַלען מצב האָבען זיי זיך גאַנץ וועניג אונטערגעשיידט פֿון זייערע הערען. בכלל האָט די שקלאַפֿערײַ ניט בעקומען בײַ די בני ישׂראל אַזאַ וויכטיגע פּאָליטישע בעדײַטונג, ווי אין גריכענלאַנד און רוים, און דעריבער וואָלט דאָ די אָבשאַפֿונג איהרע לגמרי ניט אונטערגעגראָבען די יסודות פֿון סאָציאַלען סדר.

די פּרנסות: ערד=ארבייט, בהמות=פֿיטערן, מלאכות.

דאָס וואַנדער=לעבען איז פֿאַרגעסען געוואָרען, און במילא איז פֿאַרלאָרען געגאַנגען דער בולט'ער אונטערשייד צווישען די רגילות, מנהגים און אָנזיכטען פֿון די בני ישׂראל און פֿון די כנענים. אַזאַ לעבען, וואָס עס האָט געפֿיהרט יפֿתח און שמשון (זעה שופֿטים קאַפּיטעל י״א און י״ד) אָדער דוד אין מדבר פֿון יהודה, זײַנען געוואָרען איצט אוממעגליך. ניט די פֿרײַע, אומבעגרענעצטע בעוועגליכקײַט פֿון וואַנדערער האָט מען איצט בעטראַכט פֿאַר אַן אידעאַל, ווי פֿאַרצײַטען, נאָר דעם רוהיגען, פֿעסטען לעבען „אונטערן ווײַנשטאָק און פֿײַגענבוים“. וועגען דעם זאָגען עדות די לעגענדעס וועגען די אָבֿות: די פֿאַסטוכער האָבען אויפֿגעהערט צו וואַנדערען, און בשעת עשׂו וואָגעלט אַרום, פֿאַרנעמט זיך יעקבֿ און דער היים מיט די סטאַדעס. — נאָר ערטערווײַז האָט דער האָדעווען בהמות ניט אויפֿגעהערט צו זײַן די הויפּט=אַרבײַט, אַ שטייגער, אין געוויסע געגענדען פֿון יהודה און אויף יענעם זײַט ירדן. יעדענפֿאַלס האָט זי ניט געשפּילט קיין גרויסע ראָלע, און דעם וויכטיגסטען אָרט האָט פֿאַרנומען די ערד=אַרבײַט. די ערד=אַרבײַט און די גערטנערײַ האָבען זיך גערעכענט פֿאַר דער ריכטיגער פּרנסה פֿון מענשען. כדי די תּבֿואה זאָל זײַן געראָטען, האָט מען געדאַרפֿט עקשנות'דיג אַרבײַטען; עס פֿלעגט אויסקומען אָבצודרײַסען בײַם זאַמדיגען מדבר שטיקער אַקער=לאַנד, — די מענשליכע ענערגיע האָט דאָ געוויזען איהר וואונדערבאַרען כח, דער מענש האָט דאָ מנצח געווען די נאַטור דורך אַ סיסטעמאַטישען טאָג=טעגליכען קאַמף. די בערג=טעראַסעס זײַנען געווען בעדעקט מיט ווײַנשטאָקען און אייל=בוימען; די טאָלען און פּליינען האָבען

געבראַכט אין אַ רײַכער מאָס ווייך און געדישטען, ווײַל די טעכניק פֿון ערד־אַרבײַט איז געשטאַנען שוין דאַן זעהר הויך.

אין קונסט און האַנדווערק זײַנען די בני ישראל ניט אַזוי באַזונדערס ווײַט. די צוגריטונג פֿון פֿאַרשיידענע הפּצים פֿאַר שטוביגע בעדערפֿעניסען: וועבערײַ, טעפּערײַ, בויערײַ און שמידערײַ זײַנען געווען די געברויכליכע צווײַגען פֿון האַנט־ווערק. בײַ גאָלדענע הפּצים האָט מען געשעצט דערהויפּט די וואָג וויערע, און ניט די קונסט־אַרבייט אין, ווי אין גאַנצען מורה, פלעגט מען זיי אָננעמען פֿאַר געלט, אַפֿילו נאָך דעם, ווען עס זײַנען שוין אַײַנגעפֿיהרט געוואָרען בעשטימטע מטבעות.

דער לעבענס־שטייגער.

דער געוועהנליכער לעבענס־שטייגער איז געווען זעהר אַ פּשוטער. די ישובים זײַנען געווען דאָס רוב אָפֿענע און זײַנען געלעגען אויפֿן שפּיץ פֿון אַ בערגעל, וואָס אויף זײַן שפּיץ איז געשטאַנען אַ מזבח און אַ שײַער, און איהם צו פֿוסען האָט זיך געפֿונען אַ טײַך אָדער אַ קוואַל. און אַפֿילו די בעפֿעסטיגטע שטעט זײַנען כמעט ניט געווען אַרומגערינגעלט מיט מויערן: די פֿעסטונג איז אין דער עלטערער צײַט בעשטאַנען פֿון אַ שטיינערנעם בנין מיט אַ טורעם, וואו די אײַנוואוינער פלעגען זיך בעהאַלטען אויפֿן פֿאַל פֿון אַ סכנה (פֿאַרגלײַך שופֿטים ט׳ 46—52). די הײַזער זײַנען געוואָרען געבויט פֿון ליים און זײַנען דאָס רוב בעשטאַנען פֿון איין אײַנציגען חדר. די ליכטיגקײַט פֿלעגט אַרײַנקומען דורך לעכער אין די ווענט בע־צויגענע מיט גראַטעס; די עפֿענונג אין באַלקען האָט געדינט אויך אַרויסצולאָזען דעם רויך. דער פּריפּעטשיק האָט ניט פֿאַרנומען קיין קענטיגען אָרט און שטוב און האָט ניט געהאַט קיין רעליגיעזע בעדײַטונג, ווי דאָס איז געווען דער פֿאַל בײַ אַנדערע פֿעלקער. אין תנ״ך (מלכים ב׳ ד—י) איז בעשריבען די מעבלירונג פֿון אַ קליינער שאַלקע (עליה). זי איז בעשטאַנען פֿון אַ בעט, אַ טיש, אַ שטול און אַ לײַכטער. דער געוועהנליכער מלבוש איז בעשטאַנען פֿון אַ העמד און אַן איבער־בגד, וועלכער האָט געדינט אויך פֿאַר אַ נאַכט־צודעק. עס איז געווען אַ מנהג צו טראָגען אַ שטעקען און אַ פֿינגערל. אויף די פֿיס זײַנען געווען אָנגעטאָן שיך, אָבער דער קאָפּ איז דאָס רוב געבליבען ניט צוגעדעקט.

דער מעגיש פֿון דער מאַסע פלעגט עסען פֿלייש נאָר אין די טעג, ווען ער פֿלעגט ברענגען קרבנות. אין דיוועלביגע טעג פלעגט ער געוועהנליך טרינקען אויך ווײַן. די טעגליכע שפּײַזען פֿלעגען ווערען צוגעגרייט פֿון מעהל און בוימעל, וואָס מען פֿלעגט האַלטען אין ליימענע טעפּ. ברויט פלעגט ווערען געבאַקט די ערשטע צײַט פֿון גערשטען, דערנאָך דאָס רוב פֿון ווייץ, און איז געווען געוועהנליך אײַנגעזײַערט. פֿון גרינסען און פּרות פלעגט מען דערהויפּט נוצען: ציבעלעך, קנאָ־בעל, אוגערקעס, קירבעס, לינזען, פֿײַגען און ביטערע וואָרצלען. פֿאַר נאַשערײַ פֿלעגט מען באַקען ברויטלעך פֿון געטריקענטע פּרות. די הויפּט־סעודה פֿלעגט מען עסען ניט אין אָוונט, נאָר גיכער נאָך האַלבען טאָג (בראשית מג, 16, 25). אין פֿאַרגלײַך מיט די מצרים האָבען די בני ישראל זיך געהאַלטען פֿאַר שטאַרקע, ניט אויסגעצעהרטע און ווייניגער נוטה צו קראַנקהײַטען. יהודה איז געווען וויער הילער, און ווי האָבען זיך דעריבער ניט געניטיגט אין רופֿאים. ווײַערע פרויען פלעגען זעלטען אָנקומען צו דער הילף פֿון הייבענס (שמות א, 19).

דער האַנדעל און די ענטוויקלונג פֿון גרויס־אייגענטום.

אָבער די צײַטען האָבען זיך אָנגעהויבען בײַטען. דער האַנדעל איז געווען אַ לאַנגע צײַט קאָנצענטרירט אין די כּנעניש׳ע שטעט, אַזוי אַז מ׳ט׳ן נאָמען „כּנעני” האָט זיך אָנגערופֿען יעדער סוחר. — נאָר אין משך פֿון דער צײַט האָבען זיך די בני ישׂראל גענומען צו האַנדעל, און דאָס איז ניט געפֿעלען די נביאים. די מלכים גופֿא, אָנגעהויבען פֿון דוד און שלמה, האָבען זיי געזוכט דערצו דעם וועג און אַמאָל צוזאַמען מיט די פֿעניקיער, אַמאָל קאָנקורירענדיג מיט זיי, האָבען זיי געפֿיהרט אַ ים־האַנדעל און אַ גרויסען האַנדעל איף דער יבשה. די שטעט האָבען אָנגעהויבען גיך צו וואַקסען און צו בעקומען אַלץ אַ גרעסערע בעדײַטונג. דאָס געלט האָט אָנגעהויבען אַרויסצווײַזען זײַן שליטה און ביסלעכווײַז איז צוגעגרייט געוואָרען אין פֿאָלק אַן אינעווייניגסטע איבערקעהרעניש, וואָס קיין התראות און מוסר־ווערטער האָבען זי ניט געקאָנט אָפּשטעלען. ספּעקולאַציעס אין ברויט־האַנדעל, די גרויסע פּריצישע נחלאות, די אַלץ עפּטער ווערענדיגע פֿאַל׳ען פֿון פֿאַרמשכּנ׳ען דאָס פֿאַרמעגען און פֿון פֿאַרקויפֿען די בעלי־חובות פֿאַר קנעכט — דאָס אַלץ זאָגט עדות, אַז אָנשטאָט דער פֿריהערדיגער גלײַכער פֿאַרטיילונג פֿון פֿאַרמעגען איז אויפֿגעקומען דאָס גרויסע אייגענטום.

די סאָציאַלע טיילונגען.

אַלס פּועל יוצא דערפֿון האָט אָנגעהויבען צו וואַקסען דער ווידעראַנאַנד צווישען די פֿאַרמעגליכע און ניט־פֿאַרמעגליכע, צווישען די מיוחסים און דעם פּשוט׳ען המון. די העכערע קלאַסען האָבען דורך זייער לעבענס־שטייגער נאָך מעהר פֿאַרטיפֿט דעם תּהום און זיך אָבגעגרעניצט און אויסגעטיילט פֿון די פֿאָלקס־מאַסען. זיי האָבען זיך געבויט הײַזער פֿון געהאַקטע שטיינער, פּלעגען יעדען טאָג עסען יום־טוב׳דיגע שפּײַזען, טרינקען ווײַן, ווי וואַסער, און זיך זאַלבען מיט׳ן בעסטען בוימעל. פֿון דעם נביא ישעיה׳ס ווערטער זעהען מיר, מיט וואָס פֿאַר אַ בעזונדער געשמאַק עס פּלעגען זיך אָנטון די פֿרויען (ג׳ 18—23). צי האָט דער עקאָנאָמישער פּראָגרעס זיך אויסגעדריקט אין בויען אַלגעמיין נוצליכע איינריכטונגען, ווי: בריקען, וועגען, וואַסער־לייטונגען, ווייסען מיר ניט ריכטיג. נאָר מיר האָבען אַ גרונד צו רעכענען, אַז עס איז אַזוי געווען. די רעליגיעזע קונסט, — אַפֿילו ניט דורכאויס אַן אָריגינעלע — איז געווען ענטוויקעלט אַ סך מעהר, איידער מען איז געוועהנליך משער.

———

די מלחמה־פֿיהרונג.

די מלוכה האָט נאָך אַלץ ניט אויפֿגעהערט צו טראָגען אַ מיליטערישען כאַראַקטער, — דערהויפּט די ישׂראליש׳ע מלוכה. בײַ די לעבענס־תּנאים פֿון יענער צײַט, בײַ די שטענדיגע מלחמות און בײַ דער בעזונדערס שווער׳ער פּאָליטישער לאַגע, אין וועלכער ארץ ישׂראל האָט זיך שטענדיג געפֿונען, איז דער קיניג געווען קודם כּל אַ קריגס־מאַן. נאָך איהם איז דער חיל־אָנפֿיהרער געווען די וויכטיגסטע פּערזענליכקײַט אין לאַנד. דאָס גאַנצע פֿאָלק האָט פֿאָרגעשטעלט אַ חיל, און די איינציגע געמיינדען זיינען געווען זיינע פּאָלקען. דער מיליטער־דינסט איז געווען אַ חוב פֿון יעדען בערעכטיגטען ערד־אייגענטימער. אַחוץ דעם פֿאָלקס־חיל, האָט זיך אַרום דער קיניגליכער וואַך און אַרום די קיניגליכע פֿאַרטרעטער, אין די איינגענומענע לענדער, אָנגעהויבען אויסצובילדען אַן אמת׳ער זעלנער־קלאַס, ווײַל דער אַלטער מיליטערישער סדר האָט ניט געקאָנט בעפֿרידיגען די אינטערעסען

פון דער ענטוויקעלטער קריגס-קונסט. דער פרידליכער ערד-ארבייטער, וואס מען רייסט איהם פלוצלונג אב פון זיין פעלד, האט ניט געקאנט מעהר ביישטעהן קעגען די געלערנטע און מושטירטע חילות פון די שכנישע פעלקער. דער גאנצער חיל איז איצט שוין מעהר ניט געווען נאר א פוס-חיל, ווי פריהער אין דוד'ס צייטען. רייטערייא און רייט-וועגען, וועלכע זיינען שוין לאנג געווען איינגעפיהרט ביי די כנענים און ארמים, האט מען אויך ביי די בני ישראל אנגעהויבען צו בעטראכטען ווי א הכרחיות. עס האט זיך איבערגעביטען דער כאראקטער פון די כלי-זין: דער שווערד און דער שפיז זיינען אבגעטראטען אן א זייט, אנשטאט זיי איז איצט אויפגעקומען דער בויגען. די ווייטערדיגע ענטוויקלונג פון דער מלחמה-טעכניק האט זיך אויסגעדריקט אין דער בעפעסטיגונג פון די שטעט, דערהויפט פון די הויפט-שטעט, הורך מויערן. פריהער פלעגט די בעפעלקערונג ביים אנקומען פון שונא זיך בעהאלטען אין די וועלדער און היילען, פון איצט אן האט זי זיך אנגעהויבען צו בעשיצען הינטער די שטיינערנע ווענט פון די פעסטונגען.

**דער קיניג און די מלוכה-תקנות.** אויפ'ן אינעווייניגסטען לעבען פון פאלק האט די קיניגליכע ממשלה ניט געהאט קיין קענטיגע ווירקונג. דער קיניגליכער הויף האט אייגענטליך געטראגען דעם כאראקטער פון ערשטען הויז אין ישראל, און דער ערשטער מלוכה-בעאמטער האט געהייסען „הויז-אויפזעהער“ (אשר על הבית). הגם אין יעדער געגענד זיינען געווען קיניגליכע פארטרעטער, אבער זייער פארבינדונג מיט'ן מלוכה-צענטער איז געווען זעהר א שוואכע, ווי עס איז דער פאל אין אלע יונגע מלוכות. די אבהיטונג פון די לאנד-גרעניצען איז ניט געווען קיין חוב פון דער קיניגליכער מאכט; ווען א פיינד פלעגט אנקומען אין לאנד אריין, פלעגט זיך דער קיניג פארשפארען אין דער הויפט-שטאט, און צו איהם פלעגען זיך אויפקומען די פראווינציעלע פארטרעטער מיט זייערע חילות. פון וואנען עס האבען זיך גענומען די מלוכה-הכנסות, איז אונז ניט גענוג קלאר. דער שניט פון די ערשטע גראז, דער אזוי גערופענער „קיניגליכער שניט“ האט געהערט צו דער מלוכה און פלעגט בענוצט ווערען אויף דער אויסהאלטונג פון דער קאוואלעריע. עס איז גאנץ מעגליך, אז פונקט אזוי ווי אין דער מלוכה פון יהודה, זיינען אויך אין דער ישראל'שער מלוכה, געווען מלוכה-קרקעות (שמואל א, ח' 12). וואס די מלכים פלעגען זיי אבגעבען זייערע מקורבים אויף פעאדאלע יסודות. וועגען פעסט-בעשטימטע און אלגעמיינע אבצאהלונגען ווערט אין תנ"ך ניט דערמאנט, נאר אפט רעדט זיך וועגען גרויסע שטייערן, וואס זיינען ארויפגעלעגט געווארען אויף די מעהר פארמעגליכע פאלקס-טיילען. דער צעהנטעל (מעשר) פון אלע תבואות און פרוכט האט געהערט צו גאט, און ניט צום קיניג. דער מלוכה-אוצר פלעגט זיך אבער אין דער צייט פון נויט ממלא זיין הורך די געלטען פון בית המקדש. לכל הפחות אין ירושלים זיינען די דאזיגע געלטען געווען אין רשות פון די מלכים, און יענע האבען זיך מיט זיי אפט בענוצט, ווען עס איז אין דעם געווען א גרויסע הצטרכות.

די געוועהנליכע פארשטעלונגען וועגען די דעספאטען פון די מורח-לענ-

דער פאסען זיך לגמרי ניט צו די ישראל'שע מלכים. לויט זייערע מדות און זייער אויפפיהרונג מאכען זיי לגמרי ניט דעם איינדרוק פון דעספאטען, און דאס פאלקס־ווארט וועגען זייער מענשליכקייט (מלכים א, כ׳, 31) איז, קאנטיג, ניט וויט פון אמת.

די געזעצגעבונג. דאס קרימינאל־רעכט.

א געזעצגעבונג אין אמת'ען זין פון ווארט האט ישראל נאך דאן ניט געהאט. אלע סדרים פון לעבען זיינען געווען געבויט אויף די רגילות'ן און מנהגים, וואס זיינען איבערגעגאנגען פון דור צו דור און זיינען ערשט שפעטער פארשריבען געווארען. איינציגע שטיקער פון זיי זיינען נאך ביי אונז פארבליבען (שמות פון קאפיטעל כ״א ביז כ״ג). זיי צייכענען זיך אויס דורך דעם, וואס עס פעהלט אין זיי יעדער פארמאליזם, ד. ה. אז דאס רעכט פין מענשען הענגט ניט אב דערפון, ווי און אין וועלכער פארם ער פארלאנגט עס, נאר פון דעם רעכטליכען אינהאלט. עס זיינען ניטא קיין פארשריפטען, אויף וואס פאר אן אופן מען דארף דערלאנגען אנקלאגען. עס זיינען ניטא קיין סימבאלישע מנהגים, וואס דארפען דינען פאר א רמז אויף א וואסער עס איז פאקט *. ביידע צדדים ביי א משפט הייסען דער עדות און דער בעקלאגטער. אונטער דעם נאמען „עדות“ פארשטעהט מען דעם אנקלאגער ביי קרימינעלע פראצעסען, אדער דעם מאנער ביי געלט־פראצעסען. דאס קרימינעלע רעכט, וואס בעווייזט אונז, ווי אזוי עס פארהאלטען זיך צווישען אנאנד די געזעלשאפטליכע גערעכטסבארקייט און די זעלבסטהילף פון יחיד, איז געווען ביים פאלק גענוג ברייט ענטוויקעלט.

ביי די פארצייטיגע אראבער פלעגט דער שבט האבען נאר איין קאמפסמיטעל קעגען דעם, וועלכער פארשטערט דעם שלום און איז עובר אויף די גוטע מדות; ער פלעגט זיך אבזאגען פון איהם, אויסשליסען איהם פון שבטפארבאנד, ניט בעשיצען מעהר זיין לעבען און ניט נוקם זיין זיך פאר זיין טויט. די ישראל'שע געמיינדע האט זיך אבער ניט בעגנוגענט מיט דער פארטרייבונג און פארשטויסונג אליין, נאר זי פלעגט פאר'משפט'ן דעם שולדיגען צום טויט. די עלטסטע פארם פון טויט־שטראף איז געווען די פארוואר־פונג מיט שטיינער (סקילה), דערביי האבען אלע מיטגלידער פון דער געמיינדע זיך בעטייליגט אין דער אויספיהרונג פון דער שטראף (יהושע ז׳, 25) און דורכדעם גענומען אויף זיך די אחריות פארן בלוט פון גע'הרג'עטען. עס איז געווען א בעשטימטע שורה פון זינד, וואס פאר זיי האט „ניט געדארפט זיין קיין ארט צווישען ישראל“, ווארום זיי זיינען געהאנגען ווי אן אומגליק איבערן גאנצען פאלק און לאנד און האבען געקאנט „אויסגערוימט“ ווערען נאר דורך דעם טויט, דורך דער פארטיליגונג פון שולדיגען. פאר אזעלכע חטאים זיינען גערעכענט געווארען: לעסטערן גאט, בעליידיגען דעם קיניג, ניט

* א שטייגער איז געווען בעקאנט די בני ישראל דער סימפאטישער מנהג (רות ד, 7), אז ווען איינער פלעגט זיך בייטען א חפץ מיטן אנדערן אדער אבקויפען עפעס ביי דעם אנדערן, פלעגט דער פארקויפער אויסטון איינעם א שוך און איבערגעבען איהם דעם קויפער, און דאס פלעגט דינען פאר א סימבאל, אז ער גיט איבער דאס אייגענטומס־רעכט אויפן אויסגעביטענעם אדער בעקויפטען חפץ.

אָפּגעבּען כּבֿוד עלטערן, די בּלוט=פֿאַרמישונג, ד. ה. געשלעכטליכער פֿאַרקעהר צווישען זעהר נאָהענטע קרובֿים, און נאָך אַזעלכע עבֿרות, וואָס רידרען אָן דאָס געוויסען פֿון פֿאָלק. צו ווי האָט געהערט אויך די טויטונג (רציחה).

די בּלוט=נקמה.

דער מנהג פֿון בּלוט=נקמה האָט שוין אין משך פֿון דער מלכים=צייט אָנגעהויבּען צו פֿאַרלירען זיין אַמאָליגע געשטאַלט. פֿריהער פֿלעגט די גאַנצע משפּחה פֿון געהרג'עטען פֿיהרען אַ מלחמה מיט דער משפּחה פֿון רוצח, און די נקמה פֿלעגט זיך ציהען אָהן אַ סוף. איצט איז פֿון דעם אַלטען מנהג געבּליבּען נאָר דאָס רעכט פֿון דעם געהרג'עטענס נאָהענטסטען קרובֿ, דעם אַזוי גערופֿענעם נקמה=נעמער (גואל הדם), נאָכצויאָגען דעם רוצח און צו טויטען איהם אָהן אַ משפּט. ווען דער לעצטער איז אָבּער בּעגאַנגען די האַרבּע זינד ניט בּכּיון, פֿלעגט ער געפֿינען שוין אין היילגטום בּיים מזבּח. דאָרטען איז ער געווען זיכער פֿון דעם גואל'ס שווערד און פֿלעגט זיך קאָנען אויסקויפֿען דורך אַ געלט=שטראָף (כּפֿר). ווען ער האָט אָבּער דאָס פֿאַרבּרעכען בּעגאַנגען מיט אַ כּיון, פֿלעגט מען איהם „אָבּרייסען אַפֿילו פֿון מזבּח" (שמות כ"א 14). דאָ האָט זיך די זאַך אויף אַזאַ אופֿן ניט בּעגאַנגען אָהן דער אַריינמישונג פֿון דער געזעלשאַפֿטליכער מאַכט. די געזעלשאַפֿט איז געווען, ווי בּיי די מחמדאַנער, מחויבֿ צו פֿאַרהאַלטען דעם רוצח און איבּערצוגעבּען איהם אין די הענט פֿון גואל, כּדי ער זאָל איהם טויטען. דאָס איז געווען זיין הייליגער חובֿ, פֿון וועלכען ער האָט זיך ניט געטאָרט אָבּזאָגען, אָנגעמען אויסקויף=געלט (כּפֿר) איז איהם געווען פֿאַרבּאָטען: פֿאַר בּלוט האָט מען פֿאַרלאַנגט בּלוט, ווי „אַן אויג פֿאַר אַן אויג, אַ צאָהן פֿאַר אַ צאָהן". דאָס ניט אָבּגערעכענטע בּלוט „האָט געשריען צו גאָט פֿון דער ערד" און געוועקט זיין צאָרן אויף די מענשען. דערפֿאַר ווען מען פֿלעגט געפֿינען אויפֿ'ן פֿעלד אַ גוף פֿון אַ געהרג'עטען און מען פֿלעגט ניט קאָנען דערגעהן, ווער איז דער רוצח, פֿלעגען די איינוואוינער פֿון דער נאָהענטסטער שטאָט, כּדי אָבּצוּוואַשען פֿון זיך דאָס בּלוט, דאַרפֿען קוילען אַ קאַלבּ כּלומר'שט אָנשטאָט דער טויטונג פֿון אומבּעקאַנטען רוצח. אויף אַזאַ אופֿן האָט די נקמה פֿאַרלאָרען שוין איהר ענג „פּערזענליכען כאַראַקטער און האָט בּעקומען דעם כאַראַקטער פֿון אַ „יוס טאַליאָניס"*. דערבּיי פֿלעגט די געזעלשאַפֿט קומען צו הילף די יחידים צו ערפֿילען זייער חובֿ פֿון נקמה.

דאָס בּירגערליכע רעכט.

פּולע בּירגערליכע רעכט האָט געהאַט נאָר דער, וואָס האָט געקאָנט ערפֿילען דעם נקמה=חובֿ און טראָגען כּלי=זין. מיט איינעם און דעמזעלבּיגען וואָרט: „גואל" רופֿט מען אָן דעם נקמה=נעמער און דעם יורש. נאָר די, וואָס טראָגען כּלי=זין, פֿלעגען ירש'ען, זיין די בּעלי=הבּתים פֿון דער קרקע און זיך בּעטייליגען בּיי דער איינטיילונג פֿון דעם קהל'שען פֿעלד, וואָס פֿלעגט קיי=

* „יוס טאַליאָניס" הייסט יעדע בעזעצליך איינגעשטעלטע שטראָף, וואָס לויט איהר ווערט אָבגעצאָהלט דעם פאַרברעכער פאַר זיינע שלעכטע מעשים און פאַר דעם אָנגעטאָנענעם היזק דורך דעם, וואָס מען טוט איהם דאָסזעלבע, וואָס ער האָט געטאָן, אָדער געוואָלט טון דעם אַנדערן; אין דער תורה דריקט זיך אויס דער אַזוי גערופענער טאַליאָ=פרינציפ אין די ווערטער: „אַ לעבען פאַר אַ לעבען, אַן אויג פאַר אַן אויג, אַ צאָן פאַר אַ צאָן" און אַזוי ווייטער.

נעם ניט געהערען אויף שטענדיג, נאָר פלעגט פון צייט צו צייט צעטיילט ווערען על פי גורל.

האַנט בײַ הײַנט מיט די בירגערליכע רעכט און התחיבות'ען זײַנען געגאַנגען די רעליגיעזע. די לעצטע זײַנען געפאַלען נאָר אויף די פיל-בערעכטיגטע און פאַרמעגליכע בני ישראל. די אמונה האָט געטראָגען אַ מענליכען, קעמפערישען, אַריסטאָקראַטישען כאַראַקטער; דער גאַנצער גאָטעסדינסט איז בעשטאַנען פון קרבנות און מתנות פון די פעלד-פראָדוקטען און בהמות, און האָט זיך געשטיצט אויפ'ן ערד-פאַרמעג. די פאַרזאַמלונג פון דער געמיינדע (קהל) האָט געטראָגען צוגלייך אַ פּאָליטישען און רעליגיעזען כאַראַקטער. ווער עס איז ניט געווען פּאָליטיש פולבערעכטיגט, האָט אויך ניט געהאַט קיין רעליגיעזע גלייכבערעכטיגונג. פרעמדע האָבען געקאָנט ערשט נאָך אַ משך פון דורות אײַנבירגערן זיך און בעטייליגען זיך אין דער געמיינדע-פאַרזאַמלונג („קומען אין קהל אַרײַן"), בני ישראל פון אַנדערע שטעט פלעגען דאָס בירגער-רעכט בעקומען מסתמא גיכער.

דער בית דין. דער קהל האָט געטראָגען אויך דעם כאַראַקטער פון אַ געריכט. די געריכטסבאַרקייט איז געווען, ווי פאַר צייטען, אין די הענט פון די איינציגע שבטים און געמיינדען און זי פלעגט געפיהרט ווערען דורך די אַריסטאָקראַטישע זקנים-קאָלעגיעס. די ריכטער פלעגען זיצען, און די געמיינדע-מיטגליעדער פלעגען שטעהן אַרום זיי. דער אָרט פון געריכט איז געווען דער טויער פון שטאָט, און נאָר געוויסע פאָרמאַלע אַקטען פלעגען דאַרפען פאָרקומען אין היילינגטום (שמות כ"א, 6; כ"ב 7–8). אַזוי ווי משפט'ן דאָס פאָלק איז געווען דער וויכטיגסטער טייל פון דער פאָלקס-פיהרונג, בעדײַט דאָס וואָרט „שופט" סײַ „ריכטער" און סײַ פאָלקס-פיהרער בכלל. דערפון זעהען מיר אַרויס, אַז די ישראל'שע מלוכה האָט נאָך אַלץ געטראָגען דעם כאַראַקטער פון אַ קיבוץ פון זעלבשטענדיגע געמיינדען, וואָס עס פאַרבינדט זיי אין איינעם דער געפיהל פון רעליגיעזער אחדות.

נאָר אין משך פון דער צייט, ווען עס האָבען זיך ענטוויקעלט די געזעלשאַפטליכע בעציהונגען, האָט זיך דער סדר אַרויסגעוויזען פאַר ניט פּאַסיג. די קלאַסען-דיפערענצען און די פאַרמעגענס-אונטערשיידען האָבען צעשטערט די פשוטקייט און די איינהייט פון קהל און האָבען צוגענומען בײַ די זקנים די מעגליכקייט ריכטיג צו פיהרען דאָס אַלטע געריכט. עס איז צעבראָכען געוואָרען דער אויטאָריטעט פון די זקנים, די אינעווייניגסטע גאַנצקייט און פעסטקייט פון דער געמיינדע איז צעשטערט געוואָרען, און דער קיניג האָט אויסגענוצט די געלעגענהייט, כדי זיך צו דערקלערען פאַר דעם העכסטען שופט איבער אַלע געמיינדען פון לאַנד. ווער עס האָט ניט געקאָנט דערשלאָגען זיך זײַן רעכט בײַ דער געמיינדע, אָדער ווער עס האָט זיך געוואָלט בעפרײַען פון זײַן רעכטליכען חוב, האָט זיך אָנגעהויבען צו ווענדען צום קיניג; אָבער די מלכים זײַנען געווען צו שוואַך, כדי צו פאַראייניגען אין זייערע הענט די געריכטליכע מאַכט און צו געבען איהר אַן ערנסטען אויטאָריטעטישען כאַראַקטער. זיי פלעגען זיך ניט קאָנען בעפרײַען פון דער ווירקונג פון יענע געזעלשאַפטליכע קרייזען, וואָס

האָבען זיי אַרויסגעבראַכט איבּן טרוין, און האָבען זיך שטענדיג געפיהלט פון זיי אָבּהענגיג. בעזונדערס האָט דאָס, פאַרשטעהט זיך, זיך געלאָזט פיהלען אין דער ישׂראלישער מלוכה, וואו די אָפטע אומבּרייטונג פון די הערשענדע דינאַסטיעס האָט לגמרי צעשטערט די השגחה וועגען די הייליגע און אומבּעדינגטע רעכטען פון קעניג און האָט אָפט געשטעלט אין סכּנה דעם גאַנצען געזעלשאַפטליכען סדר.

*די יסודות פון סאָציאַלן סדר.*

ביי אַזאַ מצב פון דער צענטראַלער מאַכט איז דאָס נאַציאָנאַלע לעבען איך אין דער מלכים־צייט געבּליבּען קאָנצענטרירט אין דער פּראָווינץ. קיין מלוכה־שטורעמס, קיין בּלוטיגע איבּערקעהרענישען אין דער הויפּט־שטאָט זיינען ניט געווען בּכוח צו צעשטערן דעם רוהיגען לעבענס־גאַנג אין די איבּעריגע טיילען פון לאַנד. די ענטוויקלונג פון געזעלשאַפטליכען סדר האָט נאָך געבּראַכט דערצו, אַז די ראָל פון אַמאָליגען האַנדערנדיגען בּית־אָב איז אַריבּער צו דער שטאָט־געמיינדע, וועלכע האָט בּיסלעכווייז בּעקומען דעם כאַראַקטער פון אַ געדיכטליכען צענטער פאַר די אַרומיגע ישובים און האָט געהייסען — די מוטער זייערע.

דער גרעסטער כח איז געלעגען אין דעם פאַמיליען־פאַרבּאַנד. דעם המשך פון פאַמיליען־לעבען האָט מען צוגעגעבען אַ גרויסען ווערט. דאָס איז געווען, לויט דער מיינונג פון פאָלק, דער איינציגער וועג צו דער אומשטערבּליכקייט: דער פאָטער האָט געלעבט אין זיינע קינדער. די משפּחה און די פאַמיליע זיינען געווען, ווי פריהער, די איבּערהעריגע איבּער די מחות; זיי זיינען געווען דער פאַראייניגענדער און פאַרבּינדענדער כח אין פאָלק און האָבען געהאַט אַ גרויסע מאָראַלישע השפּעה אויף אַלעמען. און דעריבּער זיינען ניט די שוואַכקייט פון דער רעגירונג, ניט די איבּערקעהרענישען אין דער הויפּט־שטאָט ניט געווען בּכוח אָבּצושטעלען די וויכטיגע ענטוויקלונג פון פאָלק אָדער אָבּצושוואַכען זיין רעכטליכען בּעוואוסטזיין און זיין זיטליכען געפיהל. פאַרקעהרט, די צייט פון די שטענדיגע הויף־איבּערקעהרענישען אין דער ישׂראלישער מלוכה צייכענט זיך אויס מיט אַ פּרעכטיגער ליטעראַטור־רענעסאַנס און בּכלל מיט אַזאַ ענטוויקלונג פון די גייסטיגע כּוחות און זיטליכע יסודות, וועלכע עס האָט געוויס קיינמאָל ניט דערגרייכט אַן אַנדער מזרח־פאָלק.

———

*די נביאים.*

האַנט בּיי האַנט מיט דער קעניגליכער מאַכט און מיט דער אַוטאָריטעט פון די זקנים האָבען געדינט פאַר יסודות פון געזעלשאַפטליכען לעבען די תורה פון די כהנים און דאָס וואָרט פון די נביאים. בּעת מיר רעדען וועגען די נביאים, דאַרפען מיר האָבען אין זינען, אַז יענע פון זיי, וועלכע מיר האַלטען פאַר גרויסע, זיינען געווען איינציגע ניט געוועהנליכע ערשיינונגען, יחידי סגולה, און אַז די גרעסטע צווישען זיי האָבען געהאַט אַ סך אַ גרעסערע בּעדייטונג פאַר די קומענדיגע דורות, אידער פאַר די מענשען פון זייער צייט גופא. אָבּער די פּשוט'ע, קלענערע נביאים, דאָס הייסט די, וועלכע האָבען ניט געפיהרט קיין טיפּען אינדיווידועלן לעבען און זיינען געווען פאַראייניגט אין גרופּעס (חבר), זיינען ניט נאָר געווען ווייט פון צו זיין פאָלקס־קעמפּער, נאָר זיי האָבען, פאַרקעהרט, געהאַט אָפט די נטיה צו רעדען און פּריידיגען דאָס, וואָס עס איז געווען

גאָט און אָנגענעם פֿאַר די הערשענדע שיכטען. בכלל איז די אמונה געווען אַ פֿרידליכע און ניט קיין צושטערנדע קראַפֿט, זי האָט ניט געקעמפֿט קעגען דעם בעשטעהענדיגען לעבענס-סדר, נאָר זי האָט איהם אונטערגעהאַלטען.

די כּהנים. זייערע אויפֿגאַבען און זייער קלאַסען-אָרדענונג.

די כּהנים האָבען געהאַט אויף זייער דור אַ גרעסערע ווירקונג, איידער די נביאים, ווייל זיי האָבען געהאַט אַ זיכערן געזעלשאַפֿטליכען מעמד ביי די הייליגטימער. זיי זיינען געווען די עצה-געבערס פֿון פֿאָלק ביי אַלע לעבענס-אינטערעסען. נאָר פֿון זייערע געריכטליכע שטעלען, וועלכע זיי האָבען אַ מאָל פֿאַרנומען, האָט מען זיי אין דער מלכים-צייט בעזייטיגט. זייער צאָהל איז געוואַקסען, זייער מצב איז זיכער געוואָרען, און זייער דינסט האָט אָנגע-הויבען אַריבערצוגעהן צו זייערע קינדער בירושה. די כּהנים-משפּחות האָבען צווישען זיך געפֿיהלט אַ געוויסע קרוב'עשאַפֿט, די אַלגעמיינע סביבה און די אַלגעמיינע אינטערעסען האָבען זיי צוגעגעבען דעם כאַראַקטער פֿון אַ בעזונ-דער געזעלשאַפֿטליכען קלאַס, און דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז זיי האָבען זיך אַלע אָנגעהויבען צו בעטראַכטען פֿאַר קינדער פֿון איין אור-פֿאָטער און אָנצורופֿען זיך — „לויים“. די כּהנים האָבען ניט געהאַט קיין שטענדיגע הכנסות, ווייל דער איינציגער מקור פֿון הכנסות זיינען געווען די קרבנות, און די לעצטע האָבען נאָך געקאָנט געבראַכט ווערען אין יענער צייט אָהן זייער הילף. זייער גייסטיגע טעטיגקייט איז געווען קאָנצענטרירט אין דער תּורה: אין איהר לערנען און דערקלערן. קיין זעלבשטענדיגע וועלטליכע מאַכט האָבען זיי ניט געהאַט. אין בית המקדש פֿון דער הויפּט-שטאָט און אין אַלע אַנדערע הייליגטימער פֿון לאַנד האָבען זיי געשפּילט נאָר די ראָלע פֿון קיניגליכע בעאַמטע. בית-אל און דן זיינען בעטראַכט געוואָרען פֿאַר קיניגליכע הייליגטימער. דער קיניג אַליין, ווי דער עלטסטער פֿון פֿאָלק און פֿיהרער אין מלחמה, איז געווען פֿאַר איין צייט אויך די ערשטע גייסטליכע פּערזענליכקייט אין לאַנד, דער העכסטער טרעגער פֿון דער כּהונה.

די פֿאָלקס-אֱמונה

די פֿאָלקס-אֱמונה האָט זיך, ווי פֿאַרציישען, אויסגעדריקט אין קרבנות-ברענגען. אין לאַנד איז געווען אַ גרויסע צאָהל ערטער, וואו מען פֿלעגט „רופֿען אין נאָמען פֿון יהוה“, ווייל מען האָט גערעכענט, אַז דאָרטען איז זיין וואוינונג. די קרבנות, וואָס מען האָט געבראַכט אין די ערטער, זיינען געווען ניט די סיבה פֿון זייער הייליגקייט, נאָר דער פּועל-יוצא דערפֿון. די הייליגקייט איז געווען אַ מין נאַטירליכע תּכונה פֿון די דאָזיגע ערטער, ווייל אין זיי האָט זיך יהוה פֿון פֿאַרציישען געוויזען צום פֿאָלק, נאָך איידער מען האָט דאָרטען מקריב געווען מיט אַ סדר קרבנות*. אָט די הייליגע ערטער זיינען געלעגען דאָס רוב אויף די שפּיצען פֿון די בערג און בערגלעך, און דער-פֿאַר רופֿט מען זיי אָן הויכענישען (במות). דעם ווייכטיגסטען אָרט האָט אין זיי פֿאַרציישען פֿאַרנומען דער הייליגער פֿעלז אָדער שטיין, וואָס האָט גלייכצייטיג געדינט אי פֿאַר אַ מזבח, אי פֿאַר אַ סימבאָל און וואָס פֿלעגט אָפֿט אַפֿילו בע-

* פֿאַרגלייך אויבען אין דעם „ספר הברית“ די שטעל, וואו עס ווערט ערלויבט צו ברענגען קרבנות אין יעדען אָרט, וועלכען „גאָט האָט אָנגעוויזען אויף צו דינען איהם“, זייט 100.



ס. פּאַלאַווייטשיק—די עלטסטע יודישע געש בכּע

מראַכט ווערען ווי די נאַטהייט גופא. אַן אַנדערש מאָל פלעגט מען אָנשטאָט
אין איינציגען שטיין אויפלעגען אַ גאַנצע ראָד פון שטיינער (גלגל), אָדער אויפ-
שטעלען אַ בעריגעל פון שטיינער (גל); אָפט פלעגט מען דערצו נאָך פאַר-
פלאַנצען אַ בוים (אַ דעמב, אַ טאמאריסק, אַ פאַלמע) אָדער אַ גרופע בוימער.
אַמאָל פלעגט ביים מזבח זיין אַ וואַסער-קוואַל, ווי, למשל, אין קדש, אין
באר שבע און אין אַנדערע ערטער.

**די איינאָרדענונג פון היילינגטום.**

אין משך פון דער צייט האָט אָבער די קונסט אָנגעהויבען אַרויסצושטוי-
סען די נאַטור און לעגען איהר שטעמפעל אויף די פאָרמען פון גאָטעס-דינסט.
מען האָט אָנגעהויבען בייען אָדער אויסגיסען גרויסע מאַסיווע מזבחות; די אַלטע
שטיינער און פעלזען האָבען נאָך געטראָגען אויף זיך די פאַרצייטיגע קדושה,
נאָר זיי האָבען שוין ניט געהאַט מעהר וייער אַמאָליגע בעדייטונג. די מענשלי-
כע האַנט האָט איבער זיי געאַרבייט און געמאַכט פון די פאָרמלאָזע שטיינער
שטאָלצע קאָלאָנעס (מצבות — זעה בילד 11) און עטעראייזן אָנשטאָט זיי



בילד 11: די חורבות פון אַן אַלטען טעמפעל מיט מצבות, וועלכע מען האָט ענטדעקט
אין גֶזֶר בשעת די אויסגראָבונגען.

אַוועקגעשטעלט קופערנע זיילען. די אַלטע פאַרווילדערטע הייליגע בוימער פלעגט
מען ניט אַרויסרייסען, און זיי פלעגען ווייטער וואַקסען דאָרטען, וואו זיי זיינען
געווען; נאָר אַליין מעהר בעדייטונג האָבען אָנגעהויבען צו בעקומען די אשרות*,

* אָנשטאָט א בוים פלעגט מען אָפט שטעלען נאָהענט פון מזבח א הילצערנעם זייל,
וואָס מען פלעגט כון איהם מאכען פארשיידענע געשטאלטען און וואָס פלעגט אויך הייסען אֲשֵׁרָה.

וואָס זיינען ביסלעכווייז געוואָרען אַ נויטיגער טייל פון יעדען היילינטום (זעה בילד 12). דאָרטען, וואו עס איז ניט געווען קיין קוואַל-וואַסער, פלעגט מען איינאָרדנען אַ גרויסען וואַסער-רעזערוואואַר, וואָס פלעגט טראָגען דעם נאָמען — „דער קופערנער ים" (ים הנחושת). דער גרעסטער חידוש איז אָבער בעשטאַנען אין דער איינפיהרונג פון געשניצטע (פסל) און אויסגעגאָסענע (מסכה) בילדער פון יהוה. געוועהנליך פלעגט מען יהוה אויסמאָלען אין דער געשטאַלט פון אַן אָקס, ווי דעם סימבאָל פון קראַפט און פרוכטבאַרקייט*. די מזבחות פלעגען בעפוצט ווערען מיט בילדער פון אָקסענע קעפ און הערנער. בכלל איז דער אָקס געווען דער הויפט-מאָטיוו פון דער ישׂראליטישער רעליגיעזער קונסט. די שפּעטערדיגע נביאים האָבען מיט שפּאָט אָנגערופען די דאָזיגע בילדער — „קעלבער" (הושע י׳. 5). פאַר די יהוה-בילדער האָט מען אויך די הויכענישען געבויט ספּעציעלע טעמפּלען. די עקסיסטענץ פון יעדען „גאָטסהויז" זאָגט עדות, אַז עס האָט עקסיסטירט אַ גאָטס-בילד, וואָס האָט זיך אין איהם איינגעהאַלטען (זעה בילד 5).



בילד 12: אַ כאָר אַרום דער אשרה.

די צערעמאָניע פון קרבנות ברענגען.

דער מזבח איז געווען דער צענטער פון דער רעליגיעזער צערעמאָניע אין יעדען טעמפּעל (זעה בילד 13). די וויכטיגסטע קרבנות פלעגען פאַרברענט ווערען אויפ'ן מזבח. דערמיט איז מען אויסען געווען צוצונעמען ביים קרבן זיין מאַטעריעלען, ערדישען כאַראַקטער - און מאַכען איהם הימליש. דערפאַר האָט דער מזבח געהייסען דער פייער-אויווען פון גאָט. פאַרצייטען, ווען דער מענש האָט נאָך ניט געהאַט קיין שטענדיגען וואוין-אָרט, און במילא אויך ניט קיין הויז מיט אַ פייער-אויווען, האָט אויך יהוה איהם ניט געהאַט, און דער פייער האָט ניט געשפּילט אַזאַ ראָלע אין קולט. דאָס פאַרברענען דעם קרבן איז אויך אַזאַ אופן ניט קיין אַלטער, פאַרצייטיגער מנהג; די עלטסטע צערעמאָניע ביים קרבנות-ברענגען פון חיות איז בעשטאַנען דערין, וואָס מען האָט דאָס בלוט געלאָזען אַהיסרינען אויף אַ שטיין אָדער אויפ'ן מזבח, ווי דאָס קומט פאָר ביי די אַראַבער. דאָס פלייש ווערט אָבער בענוצט נאָכדעם צום עסען, אָדער עס ווערט געוואָרפען פאַר די פייגלעך און ווילדע חיות (פאַרגלייך שמואל א׳ י״ד, 32—35). פונקט אַזוי ווי בלוט, האָט מען געגאָסען אויפ'ן מזבח אויך וויין און בוימעל.

* ביי די לעצטע אויסגראָבונגען אין שומרון (אין יאָהר 1910) האָט מען געפונען אַ ליימענעם שערבעל, וואָס אויף איהם האָט מען איבערגעלייענט דעם אַלט-ישׂראל'שען מענליכען נאָמען: „עגליו", דאָס הייסט „דאָס קאַלב פון יהוה" („יהוה" ווערט פאַרקירצט אין „יה" און „יו"). עס זעהט דערפון אויס, אַז די פאַרבינדונג צווישען יהוה און זיין סימבאָלישען בילד האָט זיך טיף איינגעוואָרצעלט אין דער פאָלקס-אמונה און אין די מנהגים.



בילד 13: די שפורען פון אן אלטען טעמפעל אין פעטרא, אין דרום-זייט פון ים המלח. אויפ'ן שפיץ פון בארג איז אייסגעהאַקט אין פעלר א גלייכער אָרט אין דער פאָרם פון א פירקאנטיגער פיגור, וואָס איהרע זייטען בעטרעפען 14 אין 6,5 מעטער און זיינען געווענדט קיין מזרח, מערב אין דרום. פון ד״יי זייטען פלעגען זיך אויסשטעלען די איינטיילנעמער אין דער קרבן-מאָל-צייט. די פערטע זייט איז געווען נאָהענט צו די צוויי מזבחות, וואָס געפינען זיך אויפן בילד רעכטס און וואָס צו זיי פלעגט מען צוקומען דורך טרעפ. ביי די מזבחות האָבען זיך געפונען וואסער-רעזערוואוארען. אין מיטען דעם אויסגעהאַקטען שטח געפינט זיך א קליינע הויכעניש, וואו מען פלעגט אַרויפלעגען די קרבנות.

קרבנות, ניט פון פליסיגקייטען, ווי, למשל, ברויט, פלעגט מען פשוט אַנידערלעגען אויפ'ן מזבח.

די בעדייטונג פון די קרבנות.

די קרבנות זיינען געווען אויף אַזאַ אופן פשוט מתנות, וועלכע מען פלעגט ברענגען צו גאָט; זיי פלעגען דערפאַר אָדער פאַרלענדט ווערען אָדער איבער־געלאָזט ווערען אין היילגטום. אין צווייטען פאַל האָבען די קרבנות לייכט אַרויסגעפיהרט דעם מענשען אויף דעם געדאַנק, אַז מען קאָן זיי פאַרבייטען מיט צדקה. אויף אַזאַ שטייגער האָבען די אָרעמע לייט אָנגעהויבען צו בעקומען דאָס, וואָס עס איז געווען בעשטימט פאַר גאָט. נאָר מיט'ן קרבנות־ברענגען איז געווען אָהן ספק פאַרבונדען שוין פון פאַרצייטען די פאָרשטעלונג פון אַ בונד, וואָס ווערט געשלאָסען מיט יהוה, און די דאָזיגע פאָרשטעלונג האָט איבער־געוואויגען די השגה פון קרבן, ווי פון אַ מתנה. די צערעמאָניע פון בלוט־פאַרגיסען האָט גייסטיג פאַרבונדען גאָט מיט די מענשען*, האָט בעניייט און געהייליגט זייער איביגען בונד. די גלייכע בעדייטונג האָבען געהאַט אויך די היילינע סעודות, אין וועלכע די לעבענס־לוסטיגע שמחה איז געווען פאַראייניגט מיט אַ רעליגיעזער פאַרטיפונג און פאַרקלערטקייט און וועלכע האָבען גע־שפילט זעהר אַ וויכטיגע ראָל אין אַלטען ישראל'שען קולט.

שבת און ראש חודש. די לבנה־ימים טובים.

געוויסע טעג האָבען זיך גערעכענט פאַר בעזונדערס בעשטימט אויף רע־ליגיעזע צערעמאָניעס. אַזוי איז אום שבת און ראש חודש דער גאָטעס־דינסט אויסגעפיהרט געוואָרען מיט אַ בעזונדער פייערליכקייט. דער שבת האָט זיך שוין אין דער עלטסטער צייט אָנגעהויבען מיט'ן זונען־אונטערגאַנג, דער חודש — מיט'ן מולד פון דער לבנה. די רוה, וואָס איז פריהער געווען נאָר דער נאַ־טירליכער פועל יוצא פון יום־טוב, פון דער יום־טוב'דיגער שטימונג, האָט ביסלעכווייז אָנגעהויבען צו בעקומען אַליין אַ גרעסערע בעדייטונג, בעזונדערס די שבת־רוה, און מיט דער צייט איז די רוה געוואָרען דער וויכטיגסטער סימן פון שבת; שבת האַלטען (שבת) און רוהען האָבען אָנגעהויבען צו בעדייטען איינס און דאָסזעלבע. אין דער מלכים־צייט האָבען אָבער די וויכטיגסטע ראָלע געשפילט ניט אָט די לבנה־יום טובים, נאָר די יאָהריגע ימים טובים, וואָס האָבען אויך געהאַט זייער יסוד אין דער נאַטור פון לאַנד און ניט אין דער געשיכטע פון פאָלק; זיי זיינען צונויפגעפאַלען מיט'ן אָנהייב פון פריהלינגס־האַלביאָהר און האַרבסט־האַלביאָהר, און זייער אָבריכטונג איז בעשטאַנען דערין, וואָס די ערשטע פירות (בכורים) און אַ צעהנט־חלק פון גאַנצען שניט (מעשר) פלעגען געבראַכט ווערען אין היילגטום אַריין, ווי אַ צייכען פון דאַנק פאַר דער פרוכ־פערקייט פון דער ערד און פון די סטאַדעס, און דאָרטען פלעגען זיי צום טייל פאַרברענט ווערען אויפ'ן מזבח, צום טייל אויפגעגעסען ווערען.

פסח.

אַלס ימים־טובים פון שניט זיינען די יאָהריגע יום־טובים איבערגענומען געוואָרען דורך די בני ישראל פון די כנענים צוזאַמען מיט דער ערד און דער ערד־אַרבייט. אַן איינענאַרטיגער ישראל'שער יום־טוב איז געווען נאָר פסח; מען האָט איהם אָבגעריכט, ווי אַ זעלבשטענדיגען יום־טוב צוזאַמען מיט'ן ערד־

* פאַרגלייך אויבען זייט 103 די בעשרייבונג, ווי אַזוי עס איז געשלאָסען געוואָרען דער סיני־בונד.

אַרבּייטער־יום־טוב מצות, חג המצות, (פאַרגלייך ויקרא כ״ג, 5, 6), און ער האָט אין זיך נאָך אַלע סימנים פון אַ וואַנדער־פּאַסטוכער־יום־טוב. ער האָט פריהער פון אַלע אַנדערע ימים־טובים בעקומען אַ היסטאָרישע דערקלערונג און איז פאַרבונדען געוואָרען מיט יציאת מצרים. אין דער עלטסטער ערצעהלונג וועגען יציאת־מצרים (שמות ג 18, ; ה 1 ; י 9) ווערט דער יום־טוב געשילדערט ניט ווי אַ זכרון נאָך דעם אַרויסגאַנג, נאָר, פאַרקעהרט, ווי אַ סיבּה אָדער ריכטיגער: ווי אַן אויסרייד צום אַרויסגאַנג.

דער ווילטיגסטער פון די יאָהריגע ימים־טובים איז געווען דער האַרבסט־יום־טוב, דער יום־טוב פון דער פרוכט־איינזאַמלונג — אין סוף פון דעם אַרבּייטס־יאָהר. ער איז געווען אויך דער שלוס־יום־טוב, וואָס דעמאָלט פלעגט מען אָבדאַנקען יהוה פאַר דער ברכה, וואָס ער האָט געשיקט אויף די פעלדער און גערטנער, פאַר די גוטס, וואָס זיינען איינגעזאַמעלט געוואָרען אין די שפּייכלערס און קעלערס. ער האָט געהייסען יום־טוב סתם (חג). מיט זעקס חדשים פריהער פלעגט מען אָפּריכטען דעם יום־טוב פון ניט־געזייערטען געקנעטענעם ברויט (מצות), וואָס איז געווען דער אָנהויב פון די 7 שניט־וואָכען, צום סוף פון שניט — דעם יום־טוב פון געזייערטען ווייצענעם ברויט. מיטן יום־טוב מצות איז צונויפגעפאַלען, ווי מיר האָבען שוין געזאָגט, פסח, דער יום־טוב, ווען מען האָט געבראַכט פאַר גאָט די ערשט־געבוירענע זכרים פון גרויסען און קליינעם פיך. די דריי ימים־טובים זיינען געווען טעג פון גרויסע קרבנות. אין געוועהנליכע טעג זיינען ניט געווען קיין שטענדיגע בלוט־קרבנות.

דורי־ונגע ימים
טובים און זייער
צערעמאָניע.

„דריי מאָל אין יאָהר זאָל זיך יעדער ישראל ווייזען פאַר יהוה, און ניט מיט ליידיגע הענט זאָל ער זיך ווייזען", — דערין איז בעשטאַנען דער מאַסען־גאָטעס דינסט. די ערשט־געבוירענע בהמות און פירות, וואָס זיינען געבראַכט געוואָרען פאַר אַ קרבן אָדער דאָס געלט, וואָס פלעגט פאַר זיי אויסגעלייזט ווערען, פלעגען בענוצט ווערען אויף איינצואָרדענען סעודות; די בני ישראל האָבען געגעסען, געטרונקען און זיך משמח געווען פאַר יהוה. אַ שטורעמישע פרייד און אַ רוישענדיגער פאַרגעניגען — דאָס איז געווען דער כאַראַקטער פון דעמאָלטיגען יום־טוב; ער האָט נאָך ניט דערמאָנט דעם מענשען אָן זיינע זינד, זיי שפּעטער, און ניט גערופען איהם צו תשובה און ריינונג פאַר גאָט. יום־הכפורים, דער טאָג פון פאַרגעבונג, וואָס האָט געשפּילט אַזאַ ווילטיגע ראָל בי די שפּעטערדיגע יודען, ווערט נאָך ערגעץ ניט דערמאָנט. די עלטסטע רשימות פון ימים־טובים (שמות כ״ג 14 ; דברים ט״ז) דערצעהלען וועגען איהם גאָרנישט, און לויט זיין כאַראַקטער פּאַסט ער זיך לגמרי ניט צו צו דער תקופה פון די מלכים. אין דער ביווער שעה פון אַ פאָלקס־צרה פלעגט דערקלערט ווערען אַ תענית (צום), און עס פלעגען געמאַכט ווערען שוואַכע נסיונות איבערצובעטען יהוה; ווען זיין צאָרן פלעגט זיך וועהר צעפלאַקערן, פלעגט מען בכלל זעהן אויסמיידען צו ווייזען זיך פאַר איהם.

די אָרטיגע ימים
טובים.

אויסער די יאָהריגע ימים־טובים, וואָס מען פלעגט האַלטען אין גאַנצען לאַנד, איז געווען נאָך אַ גאַנצע שורה אָרטיגע ימים־טובים, וואָס וועגען זיי דערגעהען מיר נאָר צופעליג פון די הנ״ך־ערצעהלונגען. אַזוי פלעגען, אַשטייגער,

אין גלעד די ישׂראל׳שע מיידלעך בעווײנען אויף די בערג פיר טעג אין יאָהר די יונג-פאַרשטאָרבענע טאָכטער פון יפתח. אין די גאַנצע ערצעהלונג וועגען יפתח׳ן האָט בעצב נאָר דעם צוועק צו דערקלערן די סיבה פון דעם דאָזיגען יום-טוב, וואָס דערמאָנט אַ ביסעל ליט זיין כאַראַקטער די בעווײנונג פון גאָט תמוז חרך די ישׂראל׳שע פרויען (יחזקאל ח 14).

די שטובינגע רעליגיע.

האָט בײַ האַנט מיט׳ן געזעלשאַפטליכען גאָטעסדינסט האָט זיך ענטוויקעלט פון די עלטסטע צײַטען אָן אַ שטובינגע רעליגיע, פאַרשווערונגען, שבועות, — דאָס הייסט דער מנהג זיך צו פאַרשילטען איפ׳ן פאַל, ווען די הבטחה וועט ניט ערפילט ווערען — און נדרים זײַנען געווען זעהר אַ געוועהנליכע ערשײַנונג. ווער עס האָט אויף זיך גענומען אַ נדר, האָט אין געוויסע פאַלען ניט געטאָרט טרינקען קיין ווײַן און ניט שערען זײַן האָר אין האָט געהייסען נזיר, דאָס הייסט אָזעלכער, וואָס האָט זיך אָ ב ג ע ג ע ב ע ן (צו גאָט), אָדער וואָס האָט זיך אָ ב ג ע ז אָ ג ט (פון געוויסע לעבענס-פאַרגעניגענס). אַכך קליינע מנהגים האָבען זיך אויסגעבילדעט אין משך פון הדורות אין אַרויפגעלעגט זייער שטעמפעל איפ׳ן פאָלקס-לעבען, צוגעגעבען געוויסע פאָרמען אין געשטעלט איהם געוויסע גרעניצען. דאָס זײַנען ניט געווען קיין לעבענס-כללים, וואָס זײַנען געווען פאַרגעשריבען דורך אַ בפרוש׳ען געזעץ אין וואָס האָבען בעדאַרפט אויסשיידען אין אָבזונדערן דאָס פאָלק ישׂראל פון צווישען אַנדערע פעלקער; נאָר דאָס זײַנען געווען אָנגענומענע, פון אַלעמען אָנערקענטע לעבענס-פאָרמען, וואָס האָבען אויסגעזעהן נאַטירליך און האָבען ניט אַרויסגערופען ניט קיין פראַגען, ניט קיין ספקות.

די לויה-מנהגים.

די לויה-מנהגים, וואָס זײַנען געווען אָנגענומען בײַ אַנדערע פעלקער, זײַנען אין דער עלטערער צײַט ניט געווען פאַרבאָטען בײַ די בני ישׂראל; עס איז געווען אַ מנהג, בשעת עס שטאַרבט אַ נאָהענטער מענש, צו פאַרדעקען דעם קאָפּ אין דעם אונטערשטען טייל פון פנים מיט אַ שלייער, אָנטון אַ זאַק, אַרומגאַרטלען זיך מיט אַ שטריק, בעשיטען דעם קאָפּ מיט אַש אָדער זעצען זיך אויף אַ הויפען אַש; עס זײַנען געווען אויך אַנדערע מנהגים: רײַסען אויף זיך די קליידער, אָבשערען׳ האָר און באָרד, קריצען דעם לײַב אין פאַרוואונדיגען זיך. די קלאָגערינס האָבען איפ׳ן קול געיאָמערט אין געשלאָגען זיך אין ברוסט. דעם קערפער פון בר-מינן פלעגט מען זעלטען געווען באַלזאַמירען, דאָס רוב פלעגט מען איהם נאָר אײַנוויקלען אין בגדים. פאַרברענען דעם טויטען פלעגט בעטראַכט ווערען ווי אַן אַכזריות, ווײַל מען פלעגט דערין זעהן די פולשטענדיגע פאַרלענדונג פון טויטען. עס איז אונז געבליבען נאָר איין ערצעהלונג וועגען אַ פײַערליכער פאַרברענונג פון טויטע (שמואל ל״א 12), אָבער אויך נאָך דעם זײַנען די ביינער פאַרגראָבען געוואָרען. נאָך יעדער ידיעה וועגען דעם טויט פון אַ קיניג ווערט אין תנ״ך דערצעהלט, אַז מען האָט איהם בעגראָבען, און עס ווערט אָנגעוויזען דער אָרט פון זײַן קבר. ווען מען פלעגט דעם טויטען בעגראָבען אין דער ערד, פלעגט מען דעם אָרט פון קבר בעצייכענען דורך אַ בוים, דורך אַ שטיין אָדער דורך אַ קופּע שטיינער. דאָס רוב אָבער פלעגט מען בעגראָבען אין הייצען אָדער אין סקלעפּען, אויסגעהאַקטע אין די בערג. די

מענשען פון איין פאַמיליע פלעגט מען דאַן לעגען איינע נעבען די אַנדערע, און פאַר'ן שטאַרבען פלעגט איטליכער טראַכטען ניט וועגען דעם, אַז ער זאָל אָנקומען אין הימעל אַריין, נאָר אַז ער זאָל זיך בעגעגענען מיט זיין פאָטער און מוטער, מיט זיינע אָבות און זיין פאָלק. בעגראָבען זיין אין אַן אַלגעמיינעם קבר האָט זיך גערעכענט פאַר אַ שאַנד.

דער קולט פון טויטע.

חוץ די אַלע מנהגים, איז אין פאָלק געווען שטאַרק פאַרשפּרייט דער קולט פון טויטע. בוימער, שטיינער און קופּעס שטיינער פלעגען אויף די קברים פאַרקומען אַזוי אָפט, ווי ביי די מזבחות. אין דער תורה ווערען דערמאָנט אַ גאַנצע שורה פון היילגע קברים, דאָס רוב פון פרויען (רחל, דבורה, מרים). זעהר כאַראַקטעריסטיש איז אין דעם פאַל די ערצעהלונג וועגען דעם, אַז משה איז בעגראָבען געוואָרען דורך יהוה אַליין, אין אַ ניט-בעקאַנטען אָרט, כדי זיין קבר זאָל ניט ווערען מיט דער צייט אַן אָרט פון געטליכער פאַרעהרונג. לויט דער פאָרשטעלונג פון די בני ישראל זיינען אַלע געשטאָרבענע פאַרמשפּט אויף אַ לעבען אָהן געפיהל און פאַרשטאַנד אין דער אונטער-וועלט (שאול), אָבער עס איז אויך מעגליך, אַז די שאָטענס פון די טויטע (רפאים) זאָלען ווייטער לעבען אויף דער ערד, און זיי זיינען זעהר ענליך צו די גייסטער-דעמאָנען. די, וועלכע זיינען אַראָב אין דער אונטער-וועלט, קאָנען אַרויסגערופען ווערען אויף דער ערד, כדי פאָראויסצוזאָגען די צוקונפט און דעם גורל פון די לעבעדיגע. מען פלעגט זי אָנרופען אַמאָל אויך — געטער (אלהים) (שמואל א. כ"ח 13).

אָבערגלויבען און די איבערגעבליבענע סימנים פון אַניִמיזם.

נאָר דאָס איז געווען ניט דער איינציגער צייכען פון גלויבען אין גייסטער און פון די צערעמאָניעס, וואָס זיינען ענג מיט איהם פאַרבונדען. דאָס גופא, וואָס מען האָט פאַרבאָטען די כישוף-מאַכעריי און די טרעפעניש, זאָגט עדות, אַז זיי זיינען געווען פאַרשפּרייט אין פאָלק. עס ווערען דערמאָנט אין תנ"ך אויך פאַרשיידענע מיטלען פון כישוף; צווישען זיי אויך דאָס דורכגעהן דורכ'ן פייער; קמיעות און וואונדער-חפצים זיינען געווען אָנגענומען דורך דער געזעצגעבונג און דורכ'ן לעבען; זיי האָבען אָבער געהאַט אַ סימבאָלישע בעדייטונג און לגמרי פאַרלאָרען זייער בולט'ען כישוף-כאַראַקטער. אַזוי, אַשטיינער, פעדעם צוגעבונדען צום קאַנט פון בגד (ציצית), רצועות פון פעל אויפ'ן שטערן (טוטפות) און אויף די הענט, און מזוזות אויף די טירען. דער מענש פון פאָלק ישראל האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז ער איז פון אַלע זייטען אַרומגערינגעלט מיט גייסטער; די ערד האָט זיך איהם פאָרגעשטעלט, ווי אַרומגערינגעלט מיט גייסטער-מחנות; דערפון האָט זיך גענומען די אינסטינקטיווע שרעק פאַר דער נאַטור, וואָס מען האָט זי פאָרגעשטעלט, ווי זי וואָלט האָבען אין זיך אַ נשמה און פול זיין מיט לעבען. די דאָזיגע פאָרשטעלונג פון דער אַרומיגער וועלט ווי פון אַ מחנה לעבעדיגע אָרגאַניזמען איז דער אינהאַלט פון דעם אַזוי גערופענעם אַנימיזם („אַנימאַ“ הייסט אין לאַטייניש נשמה). יהוה אַליין איז געזען, לויט דער דאָזיגער פאָרשטעלונג, אַרומגערינגעלט מיט געטליכע בריאים פון אַ נידעריגען קלאַס, וואָס צו זיי דאַרף מען צורעכענען אויך די אין דער תורה דערמאָנטע „גאָטס-זיהן“ (בראשית ו, 2–5), קיין חילוק צווישען גוטע און שלעכטע גייס-

טער איז ניט געווען: מען האָט אין זיי געזעהן סטילישע בלינדע כּוחות, וואָס האָבען געקאָנט ברענגען סיי נוצען און סיי שאָדען.

די השגות וועגען ריטועלער ריינקייט.

די פאָרשטעלונג פון גוט און שלעכט און זיטליכען זין איז דעם פאָלק ניט אַזוי קלאָר געווען, ווי די פאָרשטעלונג פון ריין און אומריין אין ריטועלען זין. אומריין פלעגט מען קאָנען ווערען איבער פאַרשיידענע, אָפט לגמרי פאַרקעהרטע סיבות; אַשטייגער האָט אַ מענש געקאָנט ווערען אומריין, ווען ער האָט זיך צוגערירט אָדער צו אַן אומריינער זאַך אָדער צו אַ הייליגער זאַך. עס איז געווען פאַרבאָטען צו עסען דאָס פלייש פון געוויסע חיות, אַשטייגער פון חזיר. אויך זיינען דאָס בלוט און די אָדערן פון איבער־קניה (גיד־הנשה) געווען פאַרבאָטען צום עסען. דאָס בלוט און די אָדערן זיינען געווען הייליג, און דערפאַר האָט מען זיי ניט געטאָרט עסען. אפשר האָט זיך אויך די אומריינקייט פון געוויסע חיות גענומען דערפון, וואָס זיי זיינען געווען פאַרצייטען געהייליגט פאַר אַ וואָסער עס איז גאָט אָדער גייסט.

די תורה.

וואָס איז ריין און וואָס איז אומריין, וואָס מען טאָר און וואָס מען טאָר ניט — איז ניט געווען פעסטגעשטעלט איין מאָל פאַר אַלע מאָל. אין אַ ספק־פאַל פלעגט מען זיך ווענדען צו די כּהנים, וואָס פלעגען דערקלערען און פאַרענטפערן די פראַגען. דערין איז דאָס רוב בעשטאַנען די תורה, וואָס זיי האָבען געלערנט דעם פאָלק. זיי זיינען געווען פאַר איין צייט עצה־געבער און רופאים, און האָבען דעריבער געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אין לעבען פון פאָלק. די הייליגטימער בכלל, וואָס אין זיי איז געווען קאָנצענטרירט דאָס שאַפען און ווירקען פון די כּהנים, זיינען געווען בעשטימט ניט נאָר פאַרן געזעלשאַפטליכען גאָטעסדינסט, וואָס פלעגט פאָרקומען בערך זעלטען, נאָר זיי האָבען געהאַט אויך דעם ציל צו בעפרידיגען די אינטערעסען פון פריוואַטען לעבען. ווען עס האָט עפּעס געפעהלט, האָט זיך געווענדט אַהערצו.

די יסודות פון דעם פאָלקס אמונה.

דער אַלגעמיינער פאָלקס־גאָטעסדינסט האָט געשטאַמט, ווי מיר האָבען שוין בעוויזען, פון די כנענים, און דער שטובּיגער קולט האָט געהאַט זיין יסוד נאָך אין דער יעצענדינערי פון דער וואַנדער־צייט. סיי דער ערשטער און סיי דער לעצטער זיינען, לויט דער השגה פון פאָלק, ניט געשטאַנען אין קיין סתירה צו דער אמונה אין יהוה. די רעליגיעזע פאָרמען, וואָס זיינען בעשטאַנען פון פאַרצייטען אָן, אָדער וואָס מען האָט איבערגענומען ביי די שכנים, האָט מען נאָר איבערגעטראָגען אויף יהוה. עס איז, אַשטייגער, געווען אַ נאַטירליכע ערשיינונג, וואָס צוגלייך מיט דער ערד־אַרבּייט האָבען די בני ישראל איבערגענומען ביי די כנענים אויך די יאָהריגע נאַטור־ימים־טובים; אָבער די דאַנק־קרבּנות פאַר דער פרוכפּערקייט פון דער ערד פלעגען שוין געבראַכט ווערען ניט ווי פריהער דעם בעל, נאָר יהוה. בכלל איז ניט געווען אין יענער צייט קיין בעוואוסטזיניגע אָבטריניגקייט פון דער אמונה אין יהוה. און די ערצעהלונגען וועגען דעם, ווי דאָס פאָלק האָט זיך אָבגעקעהרט פון יהוה, וועלכע עס ברענגט דער תנ״ך, זאָגען נאָר עדות, אַז די שפּעטערדיגע יודען האָבען געהאַלטען זייער רעליגיעזע געזעצגעבונג פאַר אַ סך עלטערע, אײדער זי איז געווען אין דער אמת'ן, און אַז זיי האָבען בעטראַכט ווי אַ זינד אַנטקעגען דעם געזעץ אַ

סך מעשים, וואָס זיַינען באמת געטאָן געוואָרען נאָך דאַן, ווען דאָס געזעץ איז נאָך בכלל ניט געווען.

דער יהוה׳יזם.

„יהוה איז דער גאָט ישׂראלס“ — דאָס איז געווען דער ערשטער און דער וויכטיגסטער צווישען די עקרים, די פּרינציפּען פון דער אמונה. דער בונד צווישען גאָט און פאָלק, וואָס איז געשלאָסען געוואָרען אין דער יוגענט־צייט פון שבטים, האָט זיך געדרעכענט פאַר אַ נאַטירליכען און ניט־צערייסליכען; דער אינהאַלט פון גאָטס הערשאַפט איז געווען: דער קיום און דאָס וואַקסען פון פאָלק ישׂראל, און דער תמצית פון ישׂראלס קיום איז געווען די הערשאַפט פון זיין גאָט. די אידעע, אַז יהוה האָט פאָרגעלעגט ישׂראל, ער זאָל איהם דינען און פאַרעהרען, און אַז ישׂראל האָט אויף זיך גענומען דעם הייליגען חוב צו זיין דער טרעגער און דער פּריידיגער פון יהוה — די אידעע איז נאָך דאַן ניט געבוירען געוואָרען. דער בונד האָט זיך דאַן אויסגעדריקט: פון ישׂראלס צד, — אין דעם גאָטעסדינסט און די רעליגיעזע צערעמאָניעס, וואָס זיינען געווען געהייליגט פאַר יהוה; פון יהוה׳ס צד — אין דער בעשיצונג און הילף, וואָס ער האָט געגעבען זיין פאָלק. די פאַרגעבונג פון זינד האָט געשפּילט אין דער דעמאָלטיגער השגה וועגען גאָט ניט אַזאַ וויכטיגע ראָלע. זי איז אַריין אין דעם כלל: „זיך בעפרייען פון שלעכטס“. ניט נאָר דאָס שלעכטס אין דער געזעלשאַפט, נאָר אויך דאָס שלעכטס אין מענשען גופא, אין דער פאַרבאָרגעניש פון זיין נשמה, האָט געדאַרפט איסגעוואָרצעלט און אויסגעראָט ווערען. דער וועג צו צו דער פאַרגעבונג פון זינד איז געווען די הרטה און תשובה, — און דאָס איז געווען בעצם ניט קיין זאַך פון גלויבען, נאָר פון געוויסען און איבערלעבעניש. דער שווערפּונקט פון רעליגיעזען בעוואוסטזיין איז געלעגען דערין, אַז יהוה שיקט רעגען און שלום־צייט און נצחון אין מלחמה, ער גיט פרוכטפּערקייט די פעלדער און בעשיצט דאָס פאָלק פון זיינע פיינד. די גרעסטעניש איז געווען דער באַראָמעטער פון דעם רעליגיעזען בעוואוסטזיין און שטימונג. אַ רייכער שניט איז געווען אַ בעווייז, אַז יהוה איז צופרידען מיט זיין פאָלק; אַ טריקעניש און אומגערעטעניש פלעגען אָנגענומען ווערען ווי סימנים פון געטליכען צאָרן, ווי אַ שטראָף, און פלעגען בעטראַכט ווערען, ווי דער פועל יוצא פון דער רעליגיעזער ירידה, פון דעם אָבגעשוואַכטען גלויבען אין יהוה. עס פלעגט טרעפען, פאַרשטעהט זיך, ניט איינמאָל, אַז יהוה פלעגט זיין ניט צופרידען מיט זיין פאָלק, פלעגט אין כעס זיין און שטראָפען איהם, נאָר פריהער אָדער שפּעטער פלעגט ער איהם דאָך קומען צו הילף און בעפרייען איהם פון זיינע פיינד, וועלכע ער האָט געשיקט איהם פאַר אַ נסיון.

די ארויסשטוי־סונג פון פרעמ־דע און געצענ־דינערישע גלוי־בונגען דורך דעם יהוה׳יזם.

איבער אַלע פאַרשיידענע פרעמדע און געצענדינערישע גלויבונגען האָט זיך די אמונה אין יהוה איפּגעהויבען ווי אַ מעכטיגער גייסטיגער כח, און קיין פרעמדע ווירקונגען האָבען ניט געקאָנט אָבשטעלען און אָבשוואַכען זיין וויַיטערדיגען וואַקסען. בהדרגה האָט זיך אָנגעהויבען ענטוויקלען די השגה, אַז דער יהוה׳יזם ענטהאַלט אין זיך אַ נייעם רעליגיעזען אינהאַלט, און אַז יהוה פאַרטראָגט ניט קיין אַנדערע געטער, ער איז אַן איפּערזיכטיגער אַליינהער־שענדיגער גאָט (אל קנא). נאָר זיין פּרינציפּיעלען כאַראַקטער, דעם כאַראַקטער־

פון אַ נייַער, העכערער און געלייַטערטער אמונה, האָט דער יהוה׳יזם בעקומען ערשט נאָך אַ לאַנגער צייַט פון אינעווייניגסטער אויסבילדונג און התנגדות צו דער אַלטער פאָלקס־רעליגיע. דער גאָט פון ישׂראל האָט אַרויסגעשטויסען די איינצעלנע שבטים־געטער. די בילדער פון די פאַמיליען־געטער (תּרפים) זייַנען פאַרשוואונדען פון די הייַזער, און אַ זכר פון זיי איז געבליבען נאָר אין די טעמפּלען. לענגער און שווערער איז געווען די מלחמה מיט דעם כנענישען עלעמענט אין דער אמונה. דאָס איז געווען בעצם ניט קיין אויסווייניגסטע, נאָר אַן אינעווייניגסטע מלחמה; זי האָט זיך געפירט ניט קעגען די כנענים, וואָס האָבען זיך אין משך פון די דורות לגמרי צונויפגעגאָסען מיט דער ישׂראלישער בעפעלקערונג און האָבען מעהר ניט געקאָנט אָבגעטיילט ווערען פון איהר. זי האָט זיך געפירט קעגען די פרעמדע יסודות, וואָס זייַנען אַרייַנגעדרונגען אין ישׂראלס לעבען און האָבען געשטעלט אין סכנה זייַן נאַציאָנאַלע אייגענאַרטיגקייַט, אַנטקעגען דעם לוקסוס, וואָס פאַרשיכורט די נעפּילען, אַנטקעגען דער אויסגעלאַסענקייַט און פוץ, אַנטקעגען דער פאַרבינדונג פון גאָט מיט׳ן נאַטור־לעבען, וועלכע פאַרטונקעלט און שוואַכט אָב זייַן פאַרבינדונג מיט׳ן לעבען פון מענש און פאָלק. אַ חוץ דעם, האָט דער יהוה׳יזם געדאַרפט אויסשטעהן אַ מלחמה מיט דעם פּוליטיישען תּהו ובֹהו פון פינסטערע געצענדינערישע גלויבענישען, וואָס זייַנען גוטה צו זעהן אין יעדער ערשייַנונג דאָס שפּיל פון פאַרבאָרגענע כּחות, וועלכע דער מענש קאָן דורך כּישוף־מאַכערייַ אויסנוצען צוליב זייַן טובֿה ווענען. נאָר בּיסלעכווייַז האָט מען אָנגעהויבען קוקען אויף כּישוף, ווי אויף אַ געצענדינערייַ, און דער גלויבען אין גייַסטער, די פאַרשווערונג פון טויטע און דער טויטען־קולט האָבען זיך אָנגעהויבען רעכענען פאַר עקלהאַפט פאַר יהוה. אין צוזאַמענהאַנג דערמיט איז כּדאי אָנצווייַזען, אַז דער תּנ״ך טראָגט זיך אויך מיט דער פולסטער גלייַכגילטיגקייַט צו דער פראַגע וועגען דער מענשליכער נשמה און וועגען דעם לעבען נאָכן טויט. ישׂראל האָט זיך בעגנוגענט און בעפרידיגט מיט דער פאָרשטעלונג וועגען דער אומשטערבליכקייַט פון פאָלק, דער יחיד אָבער פלעגט זיך בייַם סוף פון זייַן ערדישען לעבען אַראָבלאָזען אין תּהום פון נישט־זייַן. דעם געצאָהלט פאַר זייַנע מעשׂים, פאַר זייַן שאַפען און קעמפען, האָט ער געדאַרפט געפינען אין דעם גליק פון זייַן פאָלק.

די נבואה. — דער ניצחון פון יהוה׳יזם.

צוזאַמען מיט׳ן כּישוף, וואָס האָט אָנגעוואָרען זייַן בעדייַטונג מיט דער ענטוויקלונג פון׳ם יהוה׳יזם, האָט אויך אויפגעהערט די טרעפערייַ און גורל־וואַרפעניש, ווייַל זיי זייַנען געווען דערווידער יהוה. ניט מעהר דורך די אורים פון די קרבנות, ניט דורך די פליהענדיגע פויגלען רעדט איצט יהוה מיט זייַן פאָלק, — זייַן גייַסט רוהט איצט אויפ׳ן פאָלק גופא, ער רעדט דורך דער צונג פון זייַנע אויסדערוועהלטע. ניט אין טויטען איז אַנטפּלעקט זיך גאָט צום מענשען, נאָר אין לעבעדיגען גייַסט, ווען דאָס פאָדערן די בעדערפעניסען פון דער צייַט. זייַן תּורה איז נאָך ניט אָבגעגרענעצט און פאַרחתמ׳עט, ער לעבט צווישען די מענשען, און זייַן וואָרט איז לעבעדיג, ווייַל ער האָט אין פאָלק שטענדיגע אויסטייַטשער און פריידיגער פון זייַנע מעשׂים און זייַנע כּוונות.

אָט אין דעם בעשטעהט דער כּח פון דער גײַסטיגער פּאַרטיפֿונג בײַ די נבֿיאים.
אַ דאַנק זיי האָט זיך די געשיכטע — ניט די פאַרגאַנגענע, נאָר די טאָג־טעגליך
געשאַפענע געשיכטע — פֿאָרגעשטעלט פֿאַר די מענשען פֿון יענע דורות ווי אַ
רײַכע און פילזײַטיגע אַנטפּלעקונג פֿון דעם געטליכען ווילען, וואָס האָט זײַן
שטענדיגען טיפען זין, אמת און יושר, הן בשעת רחמנות, הן בשעת זײַן כּעס.
אמת, דער געטליכער צאָרן פלעגט זיך צײַטענווײַז צעגיסען מיט אַ סטיכישער,
ניט איבּערהאַלטענער קראַפֿט, וואָס פֿלעגט אָנפֿילען מיט שרעק אַלע הערצער.
אָבער ישׂראלס בטחון אין גאָט איז ניט וואַקלדיג געוואָרען, ווײַל נאָך די יאָהרען
פון נסיונות פֿלעגען שטענדיג אָנקומען יאָהרען פֿון איסזייניגכטען שלום און
פון אינעווייניגסטען בליהען און וואַקסען.

נאָר עס האָבען שוין געגעהנט די שווערע צײַטען פון אַ געפֿעהרליכער קאַ־
טאַסטראָפֿע; עס האָט זיך שוין אָנגעצייכענט אַ נײַע תּקופֿה אין לעבען פֿון
פאָלק ישׂראל, און אַ טיפֿער דורכבראָך אין זײַן אמונה.

Wellhausen --Israelitische und jüdische Geschichte. 1904.

———

# ה. די צייט פון די גרויסע נביאים און די ירידה פון דער ישראל'שער און יהודה'שער מלוכות.

## XIX. די נביאים און זייער צייט.

דער אלגעמיינער כאראקטער פון דער נבואה.

די נבואה איז אַן ערשיינונג, וואָס מיר טרעפען ניט נאָר ביים יודישען פאָלק, הגם ערגעץ שטעלט זי זיך אונז ניט פאָר אין אַזאַ פולער און אידעאַלער געשטאַלט, ווי דאָ. אַלע פעלקער פון דער פאַרצייטיגער וועלט האָבען געהאַט זייערע נביאים, אויב מען זאָל פאַרשטעהן אונטערן וואָרט „נביא" בכלל אַ מענשען, וואָס רעדט צום פאָלק אין נאָמען פון גאָט אָדער פון וואָסער עס איז איבערנאַטירליכע קרעפטען, וועלכע האָבען די שליטה איבערן לעבען, פיהלען און שאַפען פון דער געזעלשאַפט. דעם נביא מוז מען שאַרף אָבגרענעצען פון דעם כהן. דער כהן איז ניט קיין אויסדערוועהלטער, גייסטיג דערהויבענער מאַן, מיט אַ קלאָרען טיפען בליק אויף די ערשיינונגען פון לעבען, מיט אַן ענטוויקעלטער פערזענליכקייט. ער איז נאָר דער פאַרטרעטער פון אַ געוויסען קולט, וואָס איז פעסטגעשטעלט און פאָרגעשריבען דורך די געטליכע געזעצען. אין דעם דאָזיגען קולט טאָר דער כהן ניט אַריינטראָגען קיין פערזענליכען עלעמענט, ער טאָר גאָרנישט ניט מחדש זיין, נאָר ער מוז עס אָבהיטען אין אַלע זיינע פרטים. איפ'ן מאַמין ווירקט נאָר ממילא דער קולט גופא, ניט אָבהענגיג פון דעם כהנ'ס פערזענליכקייט. אַנדערש איז דאָס ביי דעם נביא. ער איז אַ מענש מיט אַ ריהרעוודיגער, טעטיגער נאַטור. הגם ער פיהלט, דענקט, רעדט און הופט אַדאַנק דער געטליכער השפעה, אָבער אין זיין פיהלען און רעדען, אין דעם אופן פון זיינע אַרויסטרעטונגען דריקט זיך אויס בולט זיין פערזענליכקייט, ווייל נאָר אין איהם, אין זיין נאַטור, אין כאַראַקטער שטראַלט זיך אָב און אַנטפּלעקט זיך פאַרן מענשען דער געטליכער רצון.

די עלטסטע התלהבות'דיגע (עקסטאַטישע) נבואה.

אין דער גייסטיגער ערשיינונג, וואָס מיר רופען אָן „די יודישע נבואה", מוזען מיר אונטערשיידען צוויי תקופות פון ענטוויקלונג: איינע, וואָס ציהט זיך פון די עלטסטע צייטען אָן, און די אַנדערע, וואָס קומט אויף פיל שפּעטער.

די כאַראַקטעריסטישע שטריכען פון דער נבואה אין דער עלטערער תקופה זיינען צוויי, וואָס זיינען איינע ענג פאַרבונדען מיט דער אַנדערער. פון איין זייט די בעוואוסטזיניקייט פון דעם נביא'ס אַרויסטרעטונגען און די פּלוצלונגקייט פון זיינע פאָראויסזאָגונגען, פון צווייטען זייט — דער שטרענג נאַציאָנאַלער כאַראַקטער פון דער געטליכער פאָרשטעלונג. די נביאים פון דער עלטערער צייט זיינען דאָס רוב מענשען מיט זעהר אַן ענטוויקעלטער פעהיגקייט צו התלהבות, צו עקסטאַז, און די מאָמענטען, ווען זיי בעקומען די געטליכע

השפעה, ווען עס רוהט אויף די גאַנץ גײַסט, זײַנען ניט מיטעלן פון געלאַ-סענער, אָבגעוואויגענער, בעוואוסטזיניגער און טיפער לעבענס-בעטראַכטונג, נאָר פאַרקעהרט, מאָמענטען פון בעוואוסטלויזיגקײַט; דאָס הייסט: פון גרויס אויפ-גערעגקײַט געבט דער נביא אַרײַן אין אַזאַ אומגעהייער נערוועזען צושטאַנד, אַז פאַר זײַנע אויגען שטעהען אויף בילדער, און זײַנע אויערן הערען קולות, וואָס ער וואָלט ניט תופס געווען בײַ אַ רוהיגען נשמה-צושטאַנד. אָהן הכּנות, פּלוצלונג און אומגעריכט, ווי אַ סטיכישע קראַפט, ווי אַ רײַסענדיגער שטורעם טראָגט זיך דורך אין דער דאָזיגער תקופה דאָס נביאישע וואָרט און וועקט מעהר אויף די געפיהלען און שטימונגען, איידער דעם פאַרשטאַנד און בעוואוסטזײַן.

די פאַרשטעהער פון אָט דער סטיכישער נבואה-פאָרם פלעגען דאָס רוב אַרויסטרעטען גרופּענווײַז. די מוזיק פלעגט וועקען און אונטערהאַלטען זייער התלהבות, ווי אַ הייליגען פײַער פלאַם. דורך אַ שטורמישען, רוישענדיגען טאַנץ פלעגט די התלהבות זיך נאָך מעהר פונאַנדערוואַקסען, צעפלאַקערן, ביז זי פלעגט דערגרייכען איהר העכסטע מדרגה, און דער התלהבות-פולער, טאַנ-צענדיגער נביא פלעגט אַרײַנפאַלען אין צושטאַנד פון אָהנמאַכט, און מיט אָבגעריסענע, בודות-פולע ווערטער, וואָס פלעגען זיך בעוואוסטלויז ציהען, ווי פלאַמען פון זײַנע בלייכע ליפּען, איבערדריקען זײַן אייניגונג מיט דער גאָט-הײַט*. די טענץ פלעגען מעורר זײַן און בעהערשען דאָס פאָלק אַזוי שטאַרק,

* פון אָט דער עלטסטער מדרגה פון דער יודישער נבואה זיינען אין דער תנ"ך-ליטע-ראַטור נאָר געבליבען שוואכע סימנים. שפורען פון אַן עקסטאַטישען צושטאַנד קאָן מען נאָך בעמערקען אין אייניגע פאַרשטעלונגען פון נביא אליהו (פאַרגלייך מלכים א י"ח 42); נאָר ווי אויף דעם אמת'ן פאַרשטעהער פון דער דאָזיגער נבואה-ריכטונג דאַרף מען אָנווייזען אויף בלעמ'ען (פאַרגלייך במדבר, קאפּיטעל כב — כד), וואָס דער תנ"ך רופט איהם אָן — מסתמא מחמת זיין ניט-יודישער אַבשטאַמונג — כשוף-מאַכער (קוסם, יהושע, קאפּיטעל י"ג, 22). לויט זייער קראַפט און טעמפּעראַמענט שטעהען די נבואות, וואָס מען איז מיחס צו בלעמ'ען, ניט נידע-ריגער פון די נבואות פון די בעגייסטערטסטע ישראל'שע נביאים, און, ווי ביי זיי אַלעמען, אַזוי זיינען אויך ביי איהם די נבואה-ווערטער ניט דער אויסדרוק פון פּערזענליכער מיינונג, נאָר ווערטער, „וואָס זיינען אַריינגעלעגט געוואָרען אין זיין מויל דורך יהוה", ווי בלעם אַליין חזר'ט דאָס איבער עטליכע מאָל פאַר בלק'ן, דער קיניג פון מואב, וועלכער האָט איהם גערופען צו שילטען ישראל; דערפאַר געהט ער קעגען אייגענעם ווילען און בענטשט ישראל, אָנשטאָט איהם צו שילטען.

„פון אדום האָט מיך גערופען בלק, מואב'ס קיניג, פון די מזרח-בערג; קום, שילט מיר יעקב'ן, גיס אויס דעם צאָרן אויף ישראל'ן; ווי קאָן איך שילטען, ווען גאָט האָט אים ניט געשאָלטען? און ווי קאָן איך אויסגיסען דעם צאָרן, ווען יהוה האָט איהם ניט אויסגעגאָסען? אָט לעבט דאָס פאָלק אָבגעזונדערט און צעהלט זיך ניט צווישען די פעלקער. ווער וועט איבער-צעהלען די זעמדעלעך פון יעקב און די מיריאַדען פון ישראל... עס ווירקט ניט קיין כּישוף אויף יעקב'ן און קיין טרעפעריי אויף ישראל'ן... אָט איז אַ פאָלק, ווי אַ לייבין, ער שטעהט אויף און הויבט זיך אויף, ווי אַ לייב; ער לעגט זיך ניט, ביז ער וועט אויפעסען זיין רויב, ביז ער וועט זיך אָנטרינקען מיט'ן בלוט פון די געהרג'עטע... ווי גוט זיינען דיינע געצעלטען יעקב, דיינע וואוינונגען, ישראל, גלייך ווי אויסגעברייטע טייכען און בעוואַסערטע גאָרטענס, ווי די דעמבען, וואָס זיינען געפלאַנצט דורך יהוה, ווי די צעדער-בוימער ביים פליסענדיגען וואַסער. די, וואָס בענשען דיך, זאָלען זיין געבענשט, און די, וואָס שילטען דיך, זאָלען פאַר-שאָלטען זיין".

לויט דעם כאַראַקטער פון זיינע אַרויסטרעטונגען געהערט ער אָהן ספק צו די עקסטאַ-

אַז זייטיגע מענשען פלעגען זיך אָפּט בעגייסטערן און אַריינגעצויגען ווערען אין דעם ווילדען, התלהבות׳דיגען טאַנץ (פאַרגלייך אַשטייגער שמואל א, י, 10–12), ווען עס איז געווען פאַר זיי נאָר וויפיל ניט איז פאַרשטענדליך די אידעע, וואָס האָט ביים נביא אַרויסגערופען די רעליגיעזע התפעלות. די דאָזיגע אידעע איז אָבער געווען אין יענער צייט וועהר פּאָפּולער אין פאָלק, און איהר גרונד־געדאַנק — בעקאַנט אַלעמען; דאָס איז געווען ניט מעהר און ניט ווייניגער, ווי די פאָלקס־טימליכע פאַרשטעלונג וועגען יהוה.

די עלטסטע פאָרמען פון דער ישראל׳. שער אמונה.

די רעליגיעזע פאַרשטעלונג וועגען יהוה האָט הורכגעמאַכט אין משך פון דער פאָלקס־געשיכטע אַ לאַנגע ענטוויקלונג. די עלטסטע עפּאָכע פון אונזער היסטאָרישען לעבען איז די צייט פון די תרפים, די פאַמיליען־געטער. אַזעלכע־ענדי פון איהר פאָטערס הויז אין פרעמדען לאַנד אַריין, נעמט רחל, מיט אַ געפיהל פון פרומקייט, מיט זיך די תרפים פון איהר פאָטערס הויז (בראשית ל״א 19), וואָס מיט זיי איז ענג פאַרבונדען איהר קינדהייט און איהר גאַנצע ערציהונג. דאָס איז די תקופה, בעת גדעון, דער פון גאָט אויסדערוועהלטער בעפרייער פון פאָלק, שטעלט אויף צום אָנדענקען פון זיינע נצחונות אַן אפוד, צו וועלכען עס קומען זיך צונויף פון אַלע עקען לאַנד בעגייסטערטע פאַרעהרער, כדי זיך צו קניהען און בוקען פאַר איהם (שופטים ח׳ 27). דאָס איז די תקופה, ווען די איינצעלנע שבטים, בעגייסטערטע דורך דער תאוה צו נצחונות, טרעטען אַרויס אין מלחמה מיט דער כונה צו פאַרכאַפּען און זייערע הענט די ווירקזאַמסטע, בעריהמטסטע געצען־בילדער (שופטים, קאַפּיטעל י״ח); און אָט דער צייט שפּאַצירען מלאָכים איבער שטעט און דערפער, יהוה עסט פשוט מיטאָג מיט אברהמ׳ען און מנוח׳ן (בראשית, קאַפּיטעל י״ח, שופטים, קאַפּיטעל י״ג), ווי דער גריכישער גאָט צייס, וואָס איז אַראָב צו פילעמאָנען. יעדער אויפגעשטעלטער שטיין איז אַ הייליגער אָנדענק. מיט איהם איז שטענדיג פאַרבינדען אַן אַלטע לעגענדע וועגען דער אַנטפּלעקונג פון גאָט (בראשית כ״ח 18). יעדער אַלטער בוים טראָגט אין זיך פאַרבאָרגען רעליגיעזע זכרונות. ווי אין די צייטען פון האָמער אין גריכענלאַנד, איז נאָך דאָ ניטאָ קיין תהום צווישען ביידע וועלטען, צווישען גאָט און מענש, און גאָטס־זיהן זיינען זיך מזווג מיט די מענשען־טעכטער (בראשית ו 2). דאָס איז די צייט, ווען מען האָט זיך געקניהט פאַר בילדער און ווען עס האָט געהערשט אַ נאַאיווער, ניט־בעוואוסטזיניגער גלויבען. דאָס בוך שופטים ברענגט פאַר אונז אַ בילד, וואָס איז וואונדערבאַר לויט זיין פשוטקייט, פון דער דאָזיגער הפקר־צייט, ווען עס האָט געפעהלט יעדע אָרדענונג הן אין רעליגיעזען זין, ווען עס איז נאָך ניט געווען קיין פעסטגעשטעלטע אָנגענומענע ממשלה ניט אויף דער ערד, ניט אויפ׳ן הימעל, קיין אַלגעמיינע, אָנגערקענטע כללים, לויט וועלכע עס דאַרף זיך פיהרען דאָס

טישע נביאים, ווי מיר זעהען דאָס קלאָר פון דעם בעשריבענעם גייסטיגען מצב, אין וועלכע ער געפינט זיך, בשעת ער רעדט זיינע ווערטער: „די רייד פון בלעם, דעם זוהן פון בעור״, —אזוי הויבען זיי זיך דאָס רוב אָן — די רייד פון דעם מאַן מיטן געבלענדטען אויג; די רייד פון דעם, וואָס הערט די ווערטער פון גאָט; וואָס האָט די השגה פון דעם אויבערשטען, וואָס זעהט דאָס בילד פון אלמעכטיגען, ליגענדיג מיט געעפענטע אויגען״.

אינעווייניגסטע און אויסווייניגסטע לעבען פון מענשען. צו דער בעשריבענער תקופה פאַסט זעהר גוט דער אויסדרוק פון תנ"ך: „און עס איז ניט געווען דעמאָלט קיין קעניג איבער ישראל, און יעדער האָט געטאָן אַלץ, וואָס איהם האָט אויסגעזעהן גלייך". (שופטים כ"א 25).

די געבורט פון יהוה׳יזם. יהוה— דער שטאם־גאָט פון ישראל.

אָבער שוין אין דער אַלטער צייט איז געבוירען געוואָרען די פאָרשטעלונג וועגען יהוה, ווי דעם גאָט פון ישראל. אַ ראיה דערצו געפינען מיר אין דעם, וואָס די פאָלקס־העלדען פון דער שופטים־צייט טראָגען שוין אַזעלכע נעמען, ווי יהושע (יהוה+ישועה)=„יהוה זיין הילף", יותם (יהוה+תם)= „יהוה דער דער גאַנצער".

יהוה האָט דאָ שוין אַ בעשטימטע קלאָרע געשטאַלט, ער איז דער נאַ־ציאָנאַלער גאָט, אָדער ריכטיגער דער שטאַם־גאָט, דער גאָט פון די בני ישראל. עס פאַרשטעהט זיך גאַנץ גוט, אַז די השגה וועגען יהוה, ווי וועגען אַ נאַציאָנאַלען גאָט, האָט געקאָנט אויפקומען נאָר דאַן, ווען ישראל גופא האָט געהאַט שוין וויפיל עס איז דעם אויסזעהן פון אַ נאַציע; און יענעם אויגענבליק, ווען ער איז אַרויס פון מצרים און אַרויסגעטראָטען אויף דער פרייער ערד, איז אין דער טיפעניש פון דער פאָלקס־נשמה געבוירען געוואָרען אַ נייער גאָט. און ווען די תורה דערצעהלט אונז, ווי יהוה האָט זיך בעוויזען צו די בני ישראל דורך משה׳ן, בלייבט זי דערביי געטריי דעם גייסט פון דער געשיכטע: ווייל דער אַרויסגאַנג פון מצרים, וואָס איז די ערשטע אַרויסווייזונג פון נאַ־ציאָנאַלען לעבען ביים פאָלק, פאַלט צוזאַמען מיט דעם אויפקומען פון דעם נאַציאָנאַלען גאָט. אָט דער נייער גאָט אונטערשיידט זיך פון אָנהויב אָן גאַנץ ווייניג פון די געטער, וואָס ביי די אַרומיגע פעלקער; ער איז ניט געשטאַנען העכער פון זיי אין מאָראַלישען זין, איז ניט געווען ניט האַרציגער, ניט גע־הולדיגער. ער האָט זיך פון אַלע אַנדערע אונטערגעשיידט נאָר אין איין פרט, אָבער אין זעהר אַ וויכטיגען: ער האָט בעפרייט ישראל׳ן פון מצרישען יאָך.

אין משך פון די קומענדיגע פיר אָדער פינף דורות בלייבט די אידעע פון יהוה אומבעוועגליך, איהר ענטוויקלונג שטעלט זיך אָב, ווייל זי געפינט נאָך ניט קיין ענטוויקעלטע נאַציאָנאַלע סביבה, וואו זי זאָל קאָנען שטייגען. יהוה האָט זיינע כהנים, זיין גייסט שוועבט איבערן הייליגען אָרון פון שבט אפרים*. נאָר מיר פיהלען ניט זיין שליטה אין פאָלקס־לעבען, און גלייך ווי צו איהם, ווענדען זיך די בני ישראל גערן אויך צו די געטער פון די שכנישע פעלקער: פון די פעניקיער, פלשתים און בני מואָב. דעם בולטען, אינעווייניגסטען, פרינ־ציפיעלען אונטערשייד צווישען יהוה און די אַנדערע געטער האָט מען נאָך ניט משיג געווען. מען האָט בעטראַכט די זאַך איבענאַיפיג: אַזוי ווי מואָב האָט זיין כמוש, צור – דעם בעל, און די פלשתים – דגון, אַזוי האָט אויך ישראל— יהוה**.

* אין דער פאַר־קיניגליכער צייט איז דער אָרון געווען דאָס הייליגטום פון שבט אפרים.

** בעזונדערס קלאָר דריקט זיך אויס די דאָזיגע רעליגיעזע פאָרשטעלונג אין יפתח׳ס ווערטער, וועלכע ער זאָגט צום קיניג פון עמון: „איהר ערשט איבער יענעם לאַנד, וואָס עס

פֿון יהוה, דעם שיצענדען פֿאָלקס־גאָט, איז נאָך זעהר ווייט צו יענעם איינ־ציגען וועלט־גאָט, דעם גאָט פֿון גערעכטיגקייט; יהוה איז איצט נאָך אַפֿילו ניט קיין גאָט פֿון נקמה: יעדענפֿאַלס לעבט נאָך די אידעע וועגען גאָט פֿון נקמה גאָר אין דער פֿאָרשטעלונג פֿון יחידי סגולה, וואָס זוכען אומזיסט דורכצופֿיהרען זייערע פּרינציפּען אין לעבען פֿון פֿאָלק. א לאַנגע צייט קומט אויס די דאָזיגע יחידים צו פֿיהרען אַן ערנסטע מלחמה קעגען אַלערליי גלויבונגען, קעגען די סתירות אין דער אומבעוואוסטזיניגקייט פֿון דעם הערשענדען אָפֿיציעלען יהוה־יזם. שלמה, וואָס האָט אויפֿגעבויט אין ירושלים אַ פּרעכטי־גען בית המקדש פֿאַר יהוה, טראַכט גאָרניט, אַז ער זינדיגט קעגען זיין גאָט און בעליידיגט איהם, ווען ער ברענגט קרבנות פֿאַר די געטער פֿון זיינע פֿרעמדע ווייבער. דער נאַציאָנאַלער גאָט איז אויף אַזאַ אופֿן ניט דער איינציגער גאָט און ניט אין אַלע פֿאַלען קאָן ער העלפֿען. ער אינטערסירט זיך נאָר מיט די וויכ־טיגסטע ענינים פֿון פֿאָלקס־לעבען, זאָרגט פֿאַר'ן פֿאָלקס־שלום, פֿאַר זיין נצחון אין קריג און פֿאַר דער גערעטעניש פֿון זיינע תבואות און פּירות. עס ליגט ניט אין זיין נאַטור צו זאָרגען אויך פֿאַר די יחידים און אַריינצוגעהן אין זייערע קליינע אינטערעסען. יעדער גאָט האָט זיינע בעזונדערע אינטערעסען, און דער קיניג אחזיהו טוט ניט לאָגיש, ווען ער שיקט, בשעת זיין קראַנקהייט, שלוחים צו דעם פּלשתים־גאָט בעל־זבוב (מלכים ב. קאַפּיטעל א ). ווען ירבעם האָט נאָך דער מלוכה־צעטיילונג אויפֿגעשטעלט אין דן און אין בית אל גאָלדענע קעלבער, ווי דעם סימבאָל פֿון יהוה (מלכים א י"ב, 29), האָט ער דערמיט ניט בעליידיגט דעם רעליגיעזען געפֿיהל פֿון זיין פֿאָלק. אַפֿילו אין ירושלים, אין בית המקדש גופֿא, האָט ביז די צייטען פֿון חזקיהו די קופּערנע שלאַנג אויסגעהערט די תפֿלות פֿון די גלויביגע בני ישראל (מלכים ב׳ י"ח, 4).

**יהוה—דער גאָט פֿון נקמה.**

די השגה וועגען גאָט פֿון נקמה איז געוואָרען אַ הערשענדע ערשט אין אָנ־הויב פֿון זיבעטען יאָהרהונדערט, סך הכל אַ האַלבען יאָהרהונדערט פֿאַר חורבן ירושלים. אָבער שוין אין דער צווייטער העלפֿט פֿון ניינטען יאָהרהונדערט הויבט פּאַמעליך אָן קלאָר און בעשטימט צו ווערען די נייע געשטאַלט פֿון גאָט, דער נייער אינהאַלט פֿון דער אמונה. דאָס איז געוועזן אין דער צייט פֿון קריזיס, וועלכער איז אַרויסגערופֿען געוואָרען אַ דאַנק דעם, וואָס אין דער מלוכה־צייט פֿון אַחאָב האָבען זיך די פֿעניקישע געטער אין רעליגיעזע השגות אַריינגעריכען און איינגעבירגערט זיך אין דער ישראלישער מלוכה.

**די תקופה פֿון דער עמרישער דינאַסטיע און דער אויפֿבליהען פֿון פֿעניקישען גאָטעס־דינסט.**

אין ירושלים, דעם אָרט פֿון בית־המקדש, האָט דער קולט פֿון יהוה אַרויסגערופֿען זעהר ווייניג התנגדות און דער רוהיגער, פֿרידליכער מלוכה אי־בערגאַנג פֿון איין קיניג צום צווייטען אין דער דינאַסטיע פֿון בית־דוד האָט נורם געוועזן, אַז דער רעליגיעזער געדאַנק זאָל זיך נאָרמאַל ענטוויקלען, און אַז דער דינסט צום נאַציאָנאַלען גאָט זאָל זיך פֿאַרשפּרייטען צווישען אַלע שיכטען פֿון פֿאָלק. ניט אַזוי איז די זאַך פֿאָרגעקומען אין דער ישראלישער מלוכה, וואָס איז געוועזן איבערגעוואָרפֿען דורך די שטענדיגע איבערקעהרענישען. בערך

האָט פֿאַר אייך בעשטימט אייער גאָט כמוש, און מיר וועלען הערשען איבער יענעם לאַנד, וואָס אונז האָט אָבגעגעבען אונזער גאָט יהוה (שופֿטים יא, 24).

אין יאָהר 900 פאַר דער קריסטליכער צייט־רעכענונג איז דער טראָן איבערגעגאַנגען צו דער דינאַסטיע פון עמרי, דעם גרינדער פון שומרון, און אונטער איהר הערשאַפט האָט די ישראלישע מלוכה איפּגעפּענט ברייט איהרע טיהרען פאַר די ציוויליזאַטאָרישע געדאַנקען פון איהרע רייכע און מעכטיגע שכנים — פעניקיען. אַחאָב, עמרי'ס זוהן, האָט חתונה געהאַט פאַר דער פיניקישער פרינצעסין איזבל. אַ דאַנק איהר, אָדער ריכטיגער, אַ דאַנק דער פעניקישער השפּעה בכלל, איז איינגעפיהרט געוואָרען דער קולט פון די צורישע געטער און דער בעל האָט אַרויסגעשטויסען יהוה. נאָר די געטער נויטיגען זיך, אַזוי ווי די פעלקער, אין אַ פרעמדען יאָך, כדי זיי זאָלען קומען צום זעלבסטבעוואוסטזיין און צעברעכען זייערע קייטען. די גאַנצע גדולה פון פאָלק ישראל, וואָס איז בעליידיגט געוואָרען דורך דער פעניקישער גרויס־האַלטונג, זיין גאַנצע פאַראַכטונג צו דער פאַרפיינערטער און מאַטעריעל־העכערער פעניקישער ציוויליזאַציע, די הנהגות און שוואַכע זייטען, וואָס די בני ישראל האָבען ווי בעזונדערס טיף געמוזט פיהלען, אַלע איינגעאַרטיגע גלויבונגען און מידות פון די בעדואינער־קינדער, — דאָס אַלץ האָט זיך פאַראייניגט אין איין גרויסען פראָטעסט אין נאָמען פון יהוה, דעם נאַציאָנאַלען גאָט. אַדאַנק דער ערנסטער גייסטיגער מלחמה, וואָס האָט געוועקט אין פאָלק אידעאַלען, איז יהוה געוואָרען מעכטיגער, ווי ביז דאַן, און זיין מאָראַלישע געשטאַלט – העלער און ליכטיגער.

דער נביא אליהו.

ווי דער טרעגער פון דעם מעכטיגען פראָטעסט ערשיינט אליהו פון גלעד. די גרויסע און מעכטיגע געשטאַלט זיינע, וואָס די לעגענדע האָט איינגעהילט אין אַ שטראַלענדיגען שלייער, איז טיף איינגעוואַקסען אין זכרון פון די שפּעטערדיגע דורות. דאָס איז אַ מלאך אין אַ מענשליכער געשטאַלט, וואָס האָט זיך אַ לעבעדיגער איבערגעהויבען צום הימעל; אַן אייביגער וואַנדערער, וואָס פאַר איהם לאָזט מען נאָך איצט אַן אָרט ביים סדר־טיש; אַ מלאך, וואָס שוועבט איבער די וויגעלעך פון שלאָפענדיגע קינדער און איז אין לייד און פרייד צוזאַמען מיט'ן פאָלק. זיין נאָמען דינט פאַר אַ סימבאָל פון דעם נצחון, וואָס יהוה, דער גאָט פון נקמה, האָט אָבגעהאַלטען איבער'ן פיניקישען גאָט. דער יודישער מאָנאָטעאיזם, דערגלויבען אין איין גאָט איז געוואָרען איינגעשמידט, ווי אַ שטיק שטאָל, אין דער שולע פון די נביאים. וואָס האָט זיך געבילדעט אונטער דער פיהרונג פון אליהו.

כמעט נאָר איין הונדערט יאָהר טיילט אָב אליהו'ן פון די נביאים אין אמת'ן זין פון וואָרט, דאָס הייסט פון יענע, וועמעס ווערק עס זיינען פאַרשריבען געוואָרען. דער דאָזיגער יאָהרהונדערט, וואָס פון איהם זיינען אונז געבליבען נאָר לעגענדאַרישע זכרונות, איז, קענטיג, געווען דער פרוכטבאַרסטער אין דער אינעווייניגסטער ענטוויקלונג פון פאָלק ישראל, ווייל שוין ביי די ערשטע נביאים פון דער צייט מערקען מיר אַלע בולט'ע העלע שטריכען פון נביאישען גייסט. זייער יהוה איז ניט נאָר דער גאָט פון נקמה, וואָס שטראָפט און בעשטראָפט די, וואָס פאַרגעסען און פאַראַכטען איהם. מיר זעהען אין איהם דעם גאָט פון גוטס, דעם גאָט פון גערעכטיגקייט; דאָס איז דער גאָט פון אָרימאַן און אונ־

טערגעדריקטען, דעם גאָט, וואָס פֿאַרלאַנגט פֿון די, וואָס דינען צו איהם, ניט קיין קרבּנות, נאָר די ריינקייט פֿון זייער האַרצען.

די געבורט פֿון דער נבואה.

אַ גרויסאַרטיגע בּלאַט פֿון דער ערצעהלונג וועגען אליהו׳ס אַנטלויפֿען פֿאַר איזבל שילדערט אונז אין אַ סימבּאָלישער פֿאָרם די גאַנצע איבּערקעהרעניש, וואָס איז געשעהן: „און אליהו איז אַוועק אין מדבּר אַריין, אַ מהלך פֿון איין טאָג־גאַנג, און זיך אַוועקגעזעצט אונטער אַ רותם־בּוים און געבּעטען אויף זיך דעם טויט, זאָגענדיג: גענוג איז מיר שוין, יהוה, נעם צו מיין נשמה, דען איך בּין ניט בּעסער פֿון מיינע עלטערן... און יהוה׳ס קול האָט דערגרייכט צו איהם און געזאָגט: וואָס טוסטו דאָ, אליהו? און ער האָט געענטפֿערט: איך בּין פֿיל געווען מיט אייפֿער פֿאַר יהוה, דעם גאָט פֿון די חילות, ווייל די בּני ישׂראל פֿאַרלאָזען דיינע געבּאָטען, דיינע מזבּחות האָבּען זיי צעשטערט, דיינע נבֿיאים האָבּען זיי גע׳הרג׳עט מיט׳ן שווערד, און איך אַליין בּין נאָר געבּליבּען, און אויך מיין לעבּען ווילען זיי צונעמען. און יהוה האָט געזאָגט: געה אַרויס און שטעל זיך איפֿ׳ן בּאַרג פֿאַר יהוה. און יהוה איז דורכגעגאַנגען; אָט האָט זיך אַ שטאַרקער שטורעם־ווינט, וואָס רייסט איין בּערג און צעבּרעכט פֿעלזען, דורכגעטראָגען פֿאַר יהוה. – נאָר ניט אין שטורעמווינט איז יהוה; און באַלד נאָכ׳ן שטורעמווינט – אַן ערד־ציטערניש; נאָר ניט אין דער ערד־ציטערניש איז יהוה; און נאָך דער ערד־ציטערניש – אַ פֿייער; נאָר ניט אין פֿייער איז יהוה; און נאָכ׳ן פֿייער האָט זיך דערהערט אַ צאַרט שוועבּען (מלכים א. יט, 4–12)“.

אָט דאָס „צאַרטע שוועבּען“, וואָס מישט זיך אויף מיט די דונערן פֿון יהוה, גיט צו דער נבֿיאה יענע וואונדערבּאַרע האַרמאָניע פֿון צאָרן און צאַרטקייט, וואָס אונטער איהר מעכטיגער ווירקונג האָט זיך איפּגעעפֿענט און זיך צעשמאָלצען דאָס שטיינערנע האַרץ פֿון דער פֿאַרציי׳טיגער מענשהייט.

—————

די פֿאָרגעהער פֿון די גרויסע נביאים

איין יאָהרהונדערט נאָך אליהו איז אָנגעקומען אויף דער וועלט עפּעס בּיז אַהער אומבּעקאַנטעס, אומגעהערטעס און גרויסעס: גאָט ווערט דער קוואַל און די געצייג פֿון דער מאָראַל.

מען קאָן ניט אויספֿאָרשען בּיז אין איהרע פֿיינסטע שטריכען די ענטוויקלונג פֿון די רעליגיעזע אידעען אין ישׂראל, די ענטוויקלונג, וואָס האָט אַרויסגעפֿיהרט יהוה פֿון דעם קרייז פֿון די פֿיל געטער און איהר אַוועקגעשטעלט הויך איבּער זיי, וואָס האָט איהם געמאַכט פֿאַר דעם איינציגען הערשער אין דער וועלטעניש פֿון די הימלען און פֿאַראייניגט מיט זיין נאָמען, מיט זיין קולט, די העכסטע גייסטיגע אוצרות פֿון דער מענשהייט. אָט די אידעען־ענטוויקלונג האָט זיך פֿאַרענדיגט שוין אין דער צייט פֿון די ערשטע נבֿיאים, וואָס וועגען זיי וועט נאָך גערעדט ווערען ווייטער – עמוס און הושע. נאָך זייער צייט איז כּמעט ניט בּעשאַפֿען געוואָרען קיין נייער וויכטיגער געדאַנק, און זיי גופֿא רעכענען זיך, אָהן ספֿק, פֿאַר די ערשטע נבֿיאים, נאָר מחמת דעם צופֿאַל, וואָס עס זיינען פֿאַרלאָרען געגאַנגען די ווערק פֿון זייערע פֿאָרגעהער. אין תּנ״ך זיינען נאָך געבּליבּען די נעמען פֿון די דאָזיגע פֿאָרגעהער, און די מחבּרים פֿון

די ספרים „מלכים“ און „דברי הימים“, זיינען נאך, קענטיג, געווען בעקאנט מיט זייערע ווערק גופא: דאס זיינען די נביאים: נתן, גד, עידו און אנדערע. עס איז אפילו מעגליך, אז בשעתן קאמף, וואס אליהו האט געפירט אין נאמען פון יהוה קעגען בעל, האט זיך שוין געהאנדעלט ניט נאר וועגען פאליטישע און רעליגיעזע, נאר אויך וועגען עטישע פראגען. עס קאן גראד זיין, אז שוין דעמאלט האט זיך אנגעהויבען דאס מעכטיגע וואקסען פון נביאישען עטישען יהודיזם. ווייל אליהו איז ניט נאר דער פיינד פון בעל-קולט און געצענ-דינעריי בכלל, ער איז צוגלייך אויך דער קעמפער פאר גערעכטיגקייט. ער ווערט געשיקט צום קיניג אחאב, דעם מערדער פון נבות, אנצוזאגען איהם וועגען יהוה'ס צארן און זיין נקמה פאר דעם ארעמאן, וועלכען מען בערויבט און מען הרגעט (מלכים א. קאפיטעל כ"א).

דער הר, אין וועלכען עס איז אויסגעוואקסען די בעוועגונג, שטעלט פאר איינע פון די גרעסטע עפאכען אין דער געשיכטע פון מענשליכען גייסט; דאס איז געווען א צייט פון א שרעקליכען מאראלישען קריזיס און קרענקליכער איבע-רעגונג. ישראל האט געזוכט זיין גאט און האט איהם ניט געפונען. אומזיסט האט ער געזוכט אן ענטפער אויף דער פראגע וועגען דעם אינהאלט פון אמת און גערעכטיגקייט ביי די מאכטלויזע געצען, וואס עס האט אויפגעשטעלט לכבוד יהוה, ירבעם, דער ערשטער קיניג פון ישראל, כדי אפצוציהען דאס פאלק פון בית המקדש אין ירושלים. פיל האבען, פארשטעהט זיך, געהאפט, אז ווען זיי וועלען אננעמען דעם פיניקישען קולט, וועלען זיי זיך פארשאפען די גייסטיגער רוהיגקייט, וואס זיי האבען געשטרעבט צו איהר; נאר זיי האבען זי ניט געפונען און צערייצטע האבען זיי זיך געווענדט פון איין ארט צום צווייטען, „זיך געוואָרפען צווישען יהוה און בעל“. דאס איז געווען די צייט פון דער גרעסטער גייסטיגער אויפגערודערטקייט; — נאר קיין איינציגער ווהן פון יע-נעם גרויסען און פיל-געפרובטען דור האט ניט אויפגעשריבען זיין ווהוי, זיינע ספקות און זיינע ליידען. נאר איין איינציגער בת-קול פון יענער צערייצטקייט האט זיך צו אונז דערטראגען. ער לאזט זיך הערען פון יעדער שורה אויף יענעם בלאט, וואס מיט איהם הויבט זיך אן די נבואה-ליטעראטור; דא איז אין ווייניג ווערטער אויסגעדריקט די גאנצע דראמע פון דער דאזיגער עפאכע:

„קומען אן טעג — זאגט דער געוועלטיגער יהוה — און איך וועל שיקען א הונגער אין דארשט אויף דאס לאנד, נאר ניט קיין הונגער נאך ברויט און ניט קיין דארשט נאך וואסער, — נאר א דארשט צו הערען דאס ווארט פון יהוה“.

„און מען וועט וואנדערן פון ים צו ים און פון צפון קיין מזרח און זוכעניש נאך דעם געטליכען ווארט און מען וועט איהם ניט געפינען“.

„און אין יענעם טאג וועלען פאלען אפגעשוואכטע פון דארשט די שענסטע מיידלעך און די בחורים פון דער יוגענד און אלע, וואס שווערען מיט שומרונס זינד און זאגען: „עס לעבט דיין גאט, דן! עס לעבט דיין גאט, באר שבע!“ — אלע וועלען זיי פאלען, כדי מעהר ניט אויפצושטעהן“ (עמוס ח', 11–14).

דער פּאָליטישער און מאַטעריאַלישער מצב פון ישראל און פון די אַרומיגע פעלקער.

כדי קלאָר צו מאַכען זיך די בעדייטונג פון דער נבואה אין איהר גאַנצען היקף, לאָמיר פריהער פּון אַליץ וואַרפען אַ בליק, וואָס פאַר אַ האָריזאָנט האָט זיך געעפענט פאַר די דענקער און טרוימער פון יהודה און ישׂראל אין דער ענטשיידונגס⸗צייט פון דער נבואה⸗ליטעראַטור.

מיר זעהען פאַר אונזערע אויגען אַ גרויסע צאָהל קליינע מלוכות, וואָס פיהרען אייגע מיט די אַנדערע קליינע עקשנות׳דיגע מלחמות: מואָב, אדום, פלשתים, צור, ישׂראל, יהודה; מלחמה און רויב זיינען אַ געוועהנליכע ערשיינונג; די רויב⸗אָנפאַלען פאַרשאַפען געפאַנגענע פאַר די שקלאַפען⸗הענדלער פון צור און די גריכישע אינזלען; אַ ביסעל ווייטער ליגט די טעטיג געוואָרענע מלוכה דמשק און נאָך ווייטער — דאָס שרעקענדע אשור מיט זיין מעכטיגען היל, מיט זיינע אַכזריות׳דיגע פאַרוויסטענדיגע מלחמות און דער צוּשטערענדיגער סיסטעם פון מאַסען⸗אַריבערטרייבונגען אין געצוואונגענער קאָלאָניזאַציע; אַשור, וואָס וואַרפט דעם שאָטען פון טויט אויף דעם גאַנצען המון קליינע, ניט אָרגאַניזירטע, שטרייטענדיגע פעלקער.

די נבואה, ווי דער אויסדרוק פון געטליכען צאָרן.

די אַכזריות, טעמפּקייט און אומגערעכטיגקייט זיינען געווען, פאַרשטעהט זיך, די איינענשאַפטען פון יענער תקופה ניט ווייניגער, ווי פון די פריהערדיגע יאָהרהונדערטען אין דער געשיכטע פון יודישען פאָלק און פון דער שמיטישער וועלט בכלל. נאָך עפּטער האָבען זיך געלאָזט בעמערקען אַזעלכע צעשטערענדע ערשיינונגען אין דער שפּעטערדיגער געשיכטע פון רוים און גריכענלאַנד אַפילו אין די העכסטע בליהונגס⸗צייטען פון דער ליטעראַטור און קונסט. — נאָר דער נביאישער גייסט האָט זיך געפיהלט בעליידיגט דורך דער מענשליכער אַכזריות, ווי דורך עפּעס אַ זאַך, וואָס איז קעגען דער מענשליכער נאַטור און שׂכל. בשעת זיי האָבען געזעהן די אומגערעכטיגקייט פון דער וועלט האָט זיך דאָס האַרץ פון די נביאים בעגאָסען מיט בלוט, ווי פון אַ וואונד, וועלכע גאָט האָט זיי געגעבען, און זייערע איפגערעגטע, שטראָפענדיגע שטימען האָבען געקלונגען, ווי אַ בת קול פון געטליכען צאָרן. אויך אין גריכענלאַנד און רויב זיינען געווען רייכע און אָרימע, ווי אין דער צייט פון ירבעם דעם צווייטען, און אויך דאָרטען האָבען לײַדענשאַפטליך געקעמפט צווישען זיך אין משך פון דורות די פאַרשיידענע קלאַסען פון דער בעפעלקערונג. נאָר דאָרטען האָט זיך בשעתן גוואַלדיגען גערויש פון קאַמף ניט געהערט קיין איינציגער רוף צו דער גערעכטיגקייט און רחמנות. די פעלקער זיינען געבוירען געוואָרען און געשטאָרבען, לעבענדיג פון טאָג צו טאָג אַ דאַנק דעם צופאַל, אָבגעבענדיג זיך בלויז מיט טאָג⸗טעגליכע בעדערפענישען און ניט פאַרשטעהענדיג, אַז כדי פעלקער זאָלען קאָנען לעבען און האָבען דאָס רעכט צו לעבען, מוזען זיי האָבען אַ הייליגען אידעאַל, וואָס זאָל בעגייסטערן זייער לעבען; אָהן אַזאַ אידעאַל טראָגט זיך די נאַציע נאָר אומזיניג איבערן שטורים פון דער געשיכטע, אָהן אַ צוקונפט, אָהן אַ ציל און אָהן אַ תכלית אין איהר קיום.

די ערשטע נביאים.

אין אידרע וויכטיגסטע יסודות איז די נבואה שוין פּראָקלאַמירט געוואָרען דורך די ערשטע צוויי נביאים, וואָס זיינע ווערק זיינען צו אונז געקומען: עמוס און הושע. דעם ערשטענס נביאות האָבען אַ מעהר וועלטליכען כאַראַקטער און

זיינען הויכגעהויבענע דערהויפּט מיט דער אידעע פֿון סאָציאַלער גערעכטיגקייט; דעם צווייטענס נבֿואות בעריהרען דאָס רובֿ רעליגיעזע פֿראַגען. סיי עמוס און סיי הושע זיינען די פֿאָרשטעהער פֿון דער צפֿון־ישראלישער נבֿואה, אויב ניט מיט׳ן אָרט פֿון זייער געבורט (עמוס איז געבוירען געוואָרען אין יהודה), דאָך מיט זייער אַלגעמיינעם ציל — דער אויפֿלעבונג פֿון דער ישראלישער מלוכה.

אין באמת האָט די ישראלישע מלוכה, וואָס איז אָבגעשוואַכט און צעריסען געוואָרען מחמת די איבערקעהרענישען, זיך מעהר געניטיגט אין רעפֿאָרמאַטאָרען און האָט זיי געגעבען אַ סך אַ גינסטיגערן באָדען פֿאַר אַרבייט, איידער די יהודה׳שע מלוכה. הגם יהודה האָט זיך אויך ניט אויסגעצייכענט דורך אַ בעזונדער הויכען מצבֿ פֿון די מידות, האָט זי דאָך געהאַט איין גרויסע מעלה אין פּאָליטישען זין — אַ פֿעסט־אַזעקגעשטעלטען מלוכה־סדר, וואָס האָט זיך אין משך פֿון די דורות פֿאַרשטאַרקט אַ דאַנק דער איינהייט פֿון דער הערשענדיגער דינאַסטיע. דאָ האָט זיך די נבֿואה ענטוויקעלט ערשט נאָך דער מפּלה פֿון דער ישראל׳שער מלוכה. און אין שומרון, אַזוי ווי שפּעטער אין ירושלים, זיינען די הויפּט־אידעע אין די פּראָגראַם פֿון דער נבֿיא׳שער טעטיגקייט געווען שטענדיג די זעלבינע: די שאַפֿונג פֿון אַ געאָרדענטער מלוכה, וואָס זאָל זיין געבויט אין דעם גייסט פֿון יהוה, דאָס הייסט, אויף די יסודות פֿון גערעכטיגקייט.

עמוס. אין יענער צייט, ווען עמוס האָט אָנגעהויבען נבֿואה צו זאָגען, האָט די ישראלישע מלוכה דערגרייכט צו דער העכסטער מדרגה פֿון איהר אויסווייניגסטער מאַכט. דער קעניג ירבֿעם דער צווייטער האָט צוריק אָבגענומען נחלאות, וואָס האָבען געהערט פֿריהער דער מאָנאַרכיע פֿון בית־דוד. ער האָט צעשלאָגען די מואָבים, וועלכע עס האָט שוין ניט געקאָנט מעהר העלפֿען זייער גאָט כמוש, ווי ער האָט דאָס געטאָן אין דער צייט פֿון קעניג מישע*; ער האָט געבראַכט דערצו, אַז עס זאָל אַנטשוויגען ווערען אויף די פֿעלדער פֿון חשבון „די פֿרייד פֿון די וויין־שניידער און די לידער פֿון שניט“. נאָר אַלע נצחונות פֿון שומרון איבער דמשק, גת צור, אדום און מואָבֿ דינען דעם נבֿיא נאָר פֿאַר אַ בשורה וועגען יהוה׳ס נקמה, וואָס וועט זיך אויסגיסען אויף ישראל. דמשק, צור, גת, מואָבֿ און אדום האָבען געדאַרפֿט בעקומען זייער שטראָף פֿאַר זייערע פֿריהערדיגע אַכזריות; ישראל, וואָס איז ניט ווייניגער זינדיג פֿאַר זיי, דאַרף טראָגען דיזעלביגע שטראָף. ער וועט בעקומען זיין עונש דערפֿאַר, וואָס „ער האָט פֿאַרקויפֿט דעם גערעכטען פֿאַר זילבער און דעם אָרימען — פֿאַר אַ פּאָר סאַנדאַלען“ (ב 16), פֿאַר דאָס, וואָס זיינע מכובדים „לעגען זיך פֿונאַנדער אויף די זאָפֿעס פֿון העלפֿאַנד־ביין, שפּילען אויף דער לירע, טרינקען וויין קריגלעכווייז און זאָרגען ניט פֿאַר יוסף׳ס צרות“ (ו׳, 4–6); און דעריבער זאָגט דער נבֿיא: „זאָלען זיי בויען הייזער פֿון געהאַקטע שטיינער, — זיי וועלען אין די ניט וואוינען, זאָלען זיי אָנפֿלאַנצען די פּרעכטיגסטע וויינשטאָקען, זיי וועלען זייער וויין ניט טרינקען; זיי וועלען אַוועקגעפֿיהרט ווערען אין געפֿאַנגענשאַפֿט, אין דער שפּיץ פֿון פֿאַרטריבענעם פֿאָלק, און עס וועלען אויפֿהערען זייערע שכור׳ע קולות,

* זעה די „אויפֿשריפֿט פֿון מֵישע“.

ווײַל אַזוי האָט געשוואָרען מיט זײַן נאָמען יהוה, דער גאָט פֿון די חילות: איך פֿאַראַכט דעם שטאָלץ יעקבֿ'ס, עס זײַנען מיר פֿאַרמיאוסט געוואָרען זײַנע טעמפּלען (ה', 11; ו', 7–8), און דעריבער וועט יהוה מאַכֿען אַ פֿעסטונג אַרום דער שטאָט, וועט זי אויסמאַטערן דורך הונגער, וועט צעשטערן איהרע הייליגקײַטען און וועט איבערגעבען זײַן שווערד איבערן הויז פֿון ירבֿעם.

נאָר דאָ קומט אויף די פֿראַגע: אויב אָט די מפּלה איז אַזוי אומאויסמײַדליך פֿאַרן פֿאָלק, דער פּועל יוצא פֿון וועמעס ווילען האָט זי געקאָנט דען זײַן? פֿון די אַשורים און זייער'ע געטער? געוויס, און פֿלוג האָט דאָס אויסגעזעהן אַזוי. זיי זײַנען, דוכֿט זיך, געווען די איינציגע, וואָס זײַנען אויסען געווען צו צעשטערן די מלוכה פֿון יהוה. נאָר מיט דעם ענטפֿער אַליין האָט מען זיך ניט געקאָנט צופֿרידען שטעלען. ווײַל, ווי נאָר דער נבֿיא פֿלעגט טיפֿער זיך נעמען אַרײַנטראַכֿטען אין דאָס, וואָס האָט איהם געצוואונגען צו זײַן אַזוי פֿעסט זיכֿער — אפֿשר קעגען זײַן אייגענעם ווילען — אין דעם אומאויסמײַדליכֿען אונטערגאַנג פֿון זײַן פֿאָלק, פֿלעגט פֿאַר זײַן נשמה אויפֿשטעהן דער שווערער חטא ישׂראל'ס. און אין דער אמת'ן וואָלטען די בני ישׂראל ניט געקאָנט בײַשטעהן פֿאַר קיין פֿאַל פֿאַרן שווערען געריכֿט פֿון זייער געוויסען. און אין דעם האָט דער נבֿיא אָנגעהויבען צו זוכֿען די סיבה פֿון דאָס, פֿאַר וואָס זיי וועלען ניט קאָנען אויסהאַלטען אויף דעם אָנפֿאַל פֿון די אַשורישע מחנות, וואָס שטעלען אין סכנה זייער נאַציאָנאַלען קיום. נאָר דאָ קומט אויף ווידער די פֿראַגע: פֿאַר וועלכֿען העכֿסטען ריכֿטער האָט דאָס זינדיגע פֿאָלק אָפּצוגעבען דין וחשבון? פֿאַר די געטער פֿון אַשורישען שׂונא אָדער פֿאַרן גאָט פֿון זײַנע אָבֿות, פֿאַר יהוה? אויף דער פֿראַגע האָבען ניט געקאָנט זײַן קיין צוויי ענטפֿערן; וואָס פֿאַר אַ דאגה האָט געקאָנט זײַן מרדוכ'ן אָדער אשורן* פֿאַר דער זיטליכֿער ריינקײַט פֿון ישׂראל? דער רוט פֿון אַשורישען אָנפֿאַל האָט געקאָנט זיך געפֿינען נאָר אין יהוה'ס האַנט.

אויב יהוה האָט אין דער אמתן בעשאַפֿען די וועלט און די פֿעלקער, און זײַן שרעקעדיגער משפּט האָט זיך שוין ניט איינמאָל אַרויסגעוויזען אין געשיכֿטליכֿען לעבען פֿון דער מענשהייט, איז נאַטירליך, פֿאַר וואָס דער נבֿיא האָט זיך געדאַרפֿט אָבשטעלען אויף דעם ענטפֿער, ווי אויף דעם איינציג מעגליכֿען. און דאַן האָבען זיך די נסיונות, וועלכֿע שטעהן פֿאַר ישׂראל'ן, לגמרי איבערגעהערט פֿאַרצושטעלען זיך איהם, ווי עפּעס אַ רעטעניש. נאָך מעהר — מען האָט זיי געקאָנט בעטראַכֿטען, ווי אַ נײַעם גליד אין דער קייט פֿון שטראָפֿען, וואָס זײַנען שוין ניט איינמאָל איבערגעטראָגען געוואָרען דורך אַנדערע פֿעלקער.

און ווי קליין און אומבעדײַטענד עס האָט נאָך אַזאַ מין פֿאַרשטעלונג געדאַרפֿט פֿאַרקומען פֿאַרן נבֿיא פֿון יהוה דאָס גאַנצע פֿאָלק ישׂראל! און אין דער אמת'ן, וואָס האָט געקאָנט בעדײַטען פֿאַר יהוה אָט דאָס יונגע פֿאָלק, וואָס איז נאָך אַזוי ניט לאַנג אַרויסגעטראָטען אויף דער געשיכֿטליכֿער אַרענע? עס זײַנען דאָך נאָך ניט אַריבער קיין פֿינפֿהונדערט יאָהר, זינט עס איז געוואָרען

* נעמען פֿון אשורישע געטער.

אַ בעל־הבית פֿון זײַן איצטיגער מדינה, בשעת פֿון כּמה דורות אָן האָבען שוין דעמאָלט עקסיסטירט בבֿל און מצרים. אַ קורצע צײַט נאָכדעם, ווי די בני־ישׂראל האָבען אײַנגענומען כּנען, האָבען די פּלשתּים פֿאַרנומען אַ טייל פֿון דעם ברעג־שטח און האָבען ערנסט פֿאַרטיידיגט זייער רעכט אויף דאָס דאָזיגע לאַנד. אײַפֿ'ן גלײַכען שטייגער האָבען אויך זייערע צפֿונ'דיגע שכנים, די ארמים, געקאָנט פֿיל דערצעהלען וועגען זייערע אַמאָליגע וואַנדערונגען, וואָס האָבען זיי געבראַכט קיין ארץ־ישׂראל, און זיי האָבען אַפֿילו געוואוסט גענוי דעם אָרט, פֿון וואַנען זיי זײַנען געקומען. און אויב איצט איז געווען בעשערט דעם פֿאָלק ישׂראל אַראָפּצוגעהן פֿון דער וועלט־סצענע, וואָס געהערט דאָס איי־געטליך אָן דעם אַלמעכטיגען יהוה? זײַנען דען איהם ניט גלײַך נאָהענט געווען די ווײַטסטע פֿעלקער, ווי די עטיאָפּען (כּושים), און צי האָט ער ניט בעשטימט אַלעמען גלײַך זייערע נחלאות? (זעה עמוס ט', 7).

נאָר פֿון דער אַנדער זײַט איז פֿאַרן נבֿיא קיין ספֿק ניט, אַז יהוה האָט אויסגעטיילט דאָס פֿאָלק ישׂראל פֿון צווישען אַנדערע פֿעלקער און געמאַכט עס פֿאַר זײַן פֿאָלק — אַ גליק, וואָס איז אויסגעפֿאַלען נאָר אויף זײַן גורל. געוויס איז דאָס אַזוי; אָבער נאָך מעהר אידער יהוה'ן איז נאָהענט זײַן פֿאָלק, איז איהם נאָהענט דאָס רעכט און די גערעכטיגקייט. די צוויי מידות זײַנען דער אינעווייניגסטער אינהאַלט זײַנער, און פֿאַר גאָטס פֿאָלק האָט ישׂראל נאָר דעמאָלט געקאָנט אָנערקענט ווערען, ווען עס האָט געלעבט לויט די זיטליכע געבאָטען פֿון יהוה. וואָס דען אָבער זעהען מיר?! אָנשטאָט דעם שטעהט פֿאַר אונז דאָס פֿאָלק פֿאַרפֿלעקט אין בלוט, אַכזריות'דיג, אימריין, פֿאַרזונקען אין גרויסהאַלטונג און זעלבסטצופֿרידענקייט — זײַן בונד מיט יהוה האָט ישׂראל פֿאַרשוועכט, ווײַל ער איז פֿאַר איהם געוואָרען דער מקור פֿון נאָך אַ גרעסערער בערי־המערײַ; יהוה קאָן ניט אָנקוקען די גאוה פֿון יעקבֿ; די קרבנות, וואָס ער ברענגט פֿאַר איהם, פֿילען איהם אָן מיט עקעל און צאָרן. נאָר דער, וואָס אין איהם לעבט די פֿאָרכט פֿאַר גאָט, קאָן שטעהן פֿאַר איהם. אָט דאָס פֿאָלק אָבער טרעט זײַן ווילען מיט די פֿיס נאָך מעהר, אידער די געצענדינער. דער בעוואוסטזײַן פֿון זײַן אויסדערוועהלטקייט האָט אין עצם געדאַרפֿט מאַכען דאָס פֿאָלק פֿעסטער און שטאַנדהאַפֿטיגער אין זײַן מלחמה קעגען שלעכטס, אין דער אמת'ן אָבער איז אַרויסגעקומען פּונקט דער היפּוך.

עס איז ניט שווער צו איבערצײַגען זיך, אַז מיר האָבען דאָ צו טון מיט אַ נײַער מדרגה אין דעם רעליגיעזען בעוואוסטזײַן; און אויב די אַלע מאָמענטען פֿון דער בײזאַהעריגער רעליגיעזער ענטוויקלונג אין יודישען פֿאָלק קאָנען בע־טראַכט ווערען ווי טיילען פֿון איין גאַנצער קייט, זעהען מיר דאָ, פֿאַרקעהרט, ווי עס קומט פֿאָר אַ שאַרפֿער איבערגאַנג צו אַ לגמרי אַנדער השקפֿה אויף דער אמונה, וואָס איז אויך פֿון איהר זײַט אויסגעוואַקסען אויפֿ'ן באָדען פֿון פֿאָלקס־לעבען.

עס איז גאַנץ פֿאַרשטענדליך, אַז די כּהנים האָבען זיך בעזונדערס פֿײַנדליך איינגעטראָגען צו די אומבעקאַנטע מענשען, וועלכע האָבען זיך ערלויבט צו רעדען, אָהן וועמעס עס איז הרשאה אין נאָמען פֿון יהוה אַזעלכע זאַכען,

וואָס זײַנען געווען ווי, די כּהנים, לגמרי פֿרעמד. דער כּהן פֿון קיניגליכען טעמפּעל אין בית אל האָט אָנגעקלאָגט פֿאַר ירבֿעם דעם צווייטען דעם ניט גערופֿענעם נבֿיא. „אַוועק, דו קלאָר־זעהער, גײַה זיך קיין יהודה, — האָט ער געזאָגט צו עמוס'ן — פֿאַרדין דיר דאָרטען ברויט דורך דײַן נבֿואה". „איך בין ניט קיין נבֿיא און ניט פֿון די נבֿיאות־זאָגער שטאַם איך, איך בין אַ פּאַסטוך און גײַה זיך אַרום די סיקאָמאָרען. נאָר יהוה האָט מיך פֿון די סטאַדעס מײַנע גענומען און געזאָגט צו מיר: גײַה, זאָג נבֿואה איבער מײַן פֿאָלק ישׂראל" (ז', 12—15). ווײַל, בשעת גאָט הייסט, מוז דער נבֿיא רעדען, אַפֿילו ווען מען זאָל איהם דאָס מויל פֿאַרשטאָפּען; „ווען דער לייב שרײַט, ווער ווערט דען ניט פֿאַרציטערט, ווען יהוה רעדט, ווער קאָן דען ניט נבֿואה זאָגען? (ג' 8) בײַ עמוס'ן איז אַ גאַנץ אַנדער פֿאָרשטעלונג וועגען דער בעדײַטונג פֿון דער נבֿואָה, איידער בײַ די נבֿיאים פֿאַר איהם, וועלכע פֿלעגען אַרויסטרעטען מהנות־ווײַז און זיך בענוצען מיט מוזיק און מיט אַנדערע אויסווייניגסטע מיטלען, כּדי צו דערוועקען די רעליגיעזע התלהבֿות. געוויס איז אויך פֿאַר איהם דער פֿאָראויסזעהן די צוקונפֿט ניט קיין פּועל יוצא פֿון בעוואוסטזיניגען דענקען, נאָר עס שווימט אַרויס ווי עפּעס אַ לאַנגעס פֿון די טיפֿסטע גשמה־וואָרצלען, וועלכע פֿאַרפֿלעכטען זיך אויך אַ סודית'פֿולען אופֿן מיטן לעבען פֿון פֿאָלק, נאָך מעהר —מיטן לעבען פֿון דער גאַנצער מענשהײַט. אויך ער פֿאַרשטעהט און פֿיהלט געוויס, אויך וואָס זײַן פֿאָלק קאָן זיך ריכטען און וואָס עס איז פֿאַר איהם צוגעגרייט דורך דעם פֿאַר־באָרגענעם גאַנג פֿון דער געשיכטע. פֿאַרן נבֿיא איז קיין ספֿק ניט, אַז לויט דעם ווילען פֿון יהוה „גרייט זיך דער סוף פֿון זײַן פֿאָלק ישׂראל" (עמוס ח 2) און אויך פֿון זײַנע שכנים, און אַז ער, דער נבֿיא, איז פֿון גאָט געשיקט ווי אַ שומר, אָנצוזאָגען דאָס דעם אומגלויביגען דור. — דאָס, וואָס צייכענט עמוס'ן גאַנץ בעזונדערס אויס פֿון די התלהבֿות'דיגע נבֿיאים פֿון דער פֿריהער־דיגער תּקופֿה, — איז דער צאָרן יהוה'ס, וועלכער האָט איהם בעהערשט. דעם נבֿיא אַנטפּלעקט זיך שטענדיג יהוה אין דער געשטאַלט פֿון אַן אויפֿגערייצטען לייב, וועלכער איז יעדען אויגענבליק גרייט צו וואַרפֿען זיך און פֿאַרצוקען זײַן פֿאָלק, וואָס האָט זיך פֿאַרזינדיגט פֿאַר איהם. יהוה'ס צאָרענדיגער געשריי שטורעמט אין די אויערן פֿון נבֿיא און צווינגט איהם צו רעדען. עמוס זעהט ניט קיין ישועה און קיין אויסוועג פֿאַר ישׂראל, נאָר זײַן ליבע און זײַן האַרציגער צער פֿאַרן אונטערגעהענדיגען פֿאָלק רײַסען אַרויס אַמאָל פֿון זײַנע ליפּען אַ וואָרט פֿון טרייסט: אפֿשר וועט זיך יהוה דאָך מרחם זײַן איבער יעקבֿ, „וועלכער איז אַזוי קליין". אָפֿט היכֿט זיך איהם אַפֿילו, אַז אַ טייל פֿון פֿאָלק, אפֿשר אַ צעהנטעל, איז בעשערט אויסצומײַדען דעם אונטערגאַנג. נאָר באַלד נאָך דעם ווערט זײַן טאָן ווידער אַ כּעס'דיגער, ווי ווען יהוה וואָלט בעשלאָסען צו פֿאַר־דאַרבען אינגאַנצען זײַן פֿאָלק און ניט לאָזען קיין שׂריד ופּליט.

הושע.

דעם גלײַכען כאַראַקטער טראָגען אויך הושע'ס נבֿואות; דער חילוק איז נאָר, וואָס בײַ איהם איז יהוה מעהר פּערזענליך, בעהאַרצט און נאָהענט צו ישׂראל.

הושע האָט אָנגעהויבען זײַן נבֿואה אַ ביסעל שפּעטער פֿון עמוס'ן. די

פּאָליטישע ירידה האָט זיך צו יענער צייט נאָך מעהר פֿאַרשטאַרקט. עס איז פֿאַרשוואונדען דער אײַנגעבליקליכער פֿאַרבלענדענדיגער גלאַנץ פֿון ירבעמ'ס מלוכה. מלכים ווערען אַרויפֿגעבראַכט אויפֿ'ן טרון און אַראָפּגעוואָרפֿען; אויפֿ'ן האָריזאָנט קומט שוין אויף אַשור, וועלכער גרייט זיך אַלץ צו פֿאַרשלינגען. ישׂראל, אַנשטאָט צו געהן אין יענעם וועג, וואָס עס האָט פֿאַר איהם אָנגעצייכענט יהוה, פֿאַרנעמט זיך מיט אינטערנאַציאָנאַלע אינטריגעס, פּרובט זיך אַרײַנצוציהען אין בעציהונגען באַלד מיט מצרים, באַלד מיט אַשור. ער וויל ניט אײַנפֿיהרען קיין רעפֿאָרמעס אין לאַנד, נאָר ער נעמט אַלץ מעהר איבער די מנהגים און מדות פֿון זײַנע בעלי ברית און בלומרשטיגע אַפּאָטראָפּסים. ער פֿרעגט אָן די אָראַקולן, ברענגט קרבנות אויף די הייליגע בוימער. עס פֿעהלט איהם געטרײַשאַפֿט און ליבע צו גאָט און אַ ריכטיגע השגה וועגען איהם. אומעטום הערשט בגידה און אָבנאַרערײַ, פֿאַרגוואַלטיגונג און זנות. און דעריבער וועט קומען דער מעכטיגער שטורעם און זיי אויסקעהרען מיט זײַן קראַפֿט; אומזיסט וועלען זיי זיך ווענדען צו אַשורן, — בײַ אַשורן איז ניטאָ קיין רפֿואה צו זייערע וואונדען... זאָלען זיי זיך אומקעהרען צו יהוה, לאָזען זיי צו איהם רופֿען אין דער צײַט פֿון סכנה...

„אָ, זאָל ישׂראל זיך אומקעהרען צו יהוה! ער האָט צעריסען — ער וועט אויך אויסהיילען; ער האָט פֿאַרשאַפֿט וואונדען — ער וועט זיי אויך אַרומבינדען (ו', 1). „ווײַל ער האָט זיי ליב, דערפֿאַר שטראָפֿט ער זיי דורך די נביאים און טייט זיי מיט די ווערטער פֿון זײַן מויל. זאָלען זיי צו איהם ניט קומען מיט קיין קרבנות: די ליבשאַפֿט איז איהם אָנגענעהם, און ניט די קרבנות (ו', 5—6). „זאָלען זיי זיך אומקעהרען צו יהוה, ווײַל אַשור וועט זיי ניט העלפֿען. יהוה, זייער גאָט, דער איינציגער גאָט זינט זייער אַרויסגאַנג פֿון מצרים — איז זייער איינציגער העלפֿער" (י"ג, 4). זאָלען זיי זוכען גאָט, עס איז נאָך דאָ צײַט; ער וועט ערשײַנען, כדי זיי צו לערנען גערעכטיגקײַט; זיי האָבען געזייעט שלעכטס און געשניטען רעכטלאָזיגקײַט; זאָלען זיי זייען גערעכטיגקײַט, וועלען זיי שנײַדען רחמנות (י', 12).

הגם הושע איז ניט אַזוי מאַיעסטעטיש ווי עמוס, דאָך דענקט ער, אָהן ספֿק, ניט ווייניגער טיף פֿון איהם. הושע האָט דער ערשטער משׂיג געווען דעם אונטערשייד צווישען די וועלטליכע און גײַסטליכע יסודות. ער האָט דערפֿיהלט, אַז אין די אויגען פֿון אמת'ן גאָט האָבען קיין בעדײַטונג ניט די דורכ'ן פֿאָלק אײַנגעפֿיהרטע ימים־טובים, וואָס זײַנען פֿאַרבונדען מיט דער נאַטור, ווי בכלל אַלע מנהגים פֿון פֿאָלקס־לעבען. געוויס איז יהוה דער, וואָס גיט דעם פֿאָלק אַ רײַכען שניט און אַ גערעטעניש אין פּירות, אָבער מיט דער אמונה אין טיפֿען אמת'ן זין פֿון וואָרט האָט דאָס כמעט ניט וואָס צו טון. אין תוך גענומען בעשעפֿטיגען הושע'ן ניט אַזוי פֿיל די רעכטליכע בעציהונגען פֿון פֿאָלק, ווי עמוס'ן. ער פֿאָדערט קודם כל די דערקענונג פֿון גאָט, וועלכע איז בכלל אַזוי פֿרעמד דעם פֿאָלק און זײַנע מנהגים.—עס איז אינטערעסאַנט, אַז אַזאַ השגה וועגען דעם מענשליכען הרב בנוגע צו גאָט איז בײַ הושע'ן בכלל ענג

פֿאַרבונדען מיט׳ן געפֿיהל פֿון ליבע צום מענשען און צו גאָט — השגחת, וואָס פֿעהלען ביי עמוס׳ן.

**שומרונ׳ס מפלה**

די אויפֿרופֿען און די האַרצרייסענדיגע בקשות פֿון עמו׳ס און הושע זיינען געווען אומזיסט פֿאַר ישׂראל. אַוואַנטוריסטישע מלכים פֿאַרבייטען איינער דעם צווייטען אויפֿן טראָן. דער גוססדיגער ישׂראל ווייזט אַרויס זיין ענערגיע נאָר אין קאַמף מיט יהודה. איינער פֿון די ישׂראלישע מלכים פקח, וואָס האָט געקיניגט מעהר פֿון אַנדערע, שליסט אַ בונד מיט׳ן קיניג פֿון דמשק אויף מלחמה צו האַלטען מיט יהודה, און ירושלים טראָגט אויף זיך איבער אַלע פורעניות און אַכזריות פֿון אַ ברודער־קריג. ווען צו אָחז׳ן, דעם קיניג פֿון יהודה, דערגרייכט די טרויעריגע בשׂורה, אַז די אַרמים האָבען צעשפּרייט זייערע לאַגערן איבער לאַנד פֿון אפרים, „האָט זיך זיין האַרץ פֿאַרזיגט, ווי עס וויגען זיך די ביימער פֿון וואַלד אין שטורעם". „ניט האָב קיין מורא פֿאַר גאָרנישט — האָט איהם דאַן געזאָגט דער נביא ישעיה, — און פֿאַל ניט אַראָב אין דיין גייסט פֿאַר די צוויי רויכעריגע האָלץ־שטיקער" (ז׳, 4). ביידע פֿאַראייניגטע פֿעלקער האָבען נאָך ניט געוואוסט, אַז זיי זיינען פֿאַרמשפּט צום טויט. פֿון יענער זייט פרת זיינען זיך שוין צונויפֿגעפֿלויגען „די ביהנען פֿון אַשורישען לאַנד", וואָס יהוה האָט צונויפֿגערופֿען, און בעדעקט די טאָלען און די שפּיעים פֿון די בערג ביי דמשק און לאַנד פֿון אפרים (ז׳, 18–19). דער קיניג פֿון אשור, תגלת פלאסר, איז אַריינגעקומען קיין דמשק, האָט געטויט דעם אַרמישען קיניג און אַוועקגעפֿיהרט זיין פֿאָלק געפֿאַנגען. די ישׂראלישע מלוכה איז צעשמעטערט געוואָרען און די בעפֿעלקערונג בעלעגט מיט צינש, גליל און דאָס לאַנד נפתלי זיינען אָבגענומען געוואָרען, און זייערע איינוואוינער זיינען אַוועקגעפֿיהרט געוואָרען קיין אַשור (מלכים ב׳ ט״ו, 29). נאָר דער דערשלאָגענער און צעבראָכענער אפרים האָט אויפֿגעהויבען זיין קאָפּ מיט מעהר חוצפּה, איידער ווען עס איז פֿריהער און געזאָגט: ציגעל זיינען געפֿאַלען, וועלען מיר אויסבויען הייזער פֿון געהאַקטע שטיינער, אָנשטאָט די אויפֿגעריסענע סיקאָמאָרען וועלען מיר פֿאַרפֿלאַנצען צעדערן (ישעיה ט׳ 9). דער נייער קיניג הושע, דער זוהן פֿון אלה, פֿאַרבינדעט זיך איצט מיט מצרים, וואָס איז איצט געוואָרען ניט מעהר ווי אַ שאָטען פֿון אַמאָליגען נצחונות׳דיגען מצרים, „אַ שוואַך שטעקעל, וואָס שטעכט דורך די האַנט פֿון דעם, וועלכער שפּאַרט זיך אָן אויף איהם". „די פֿיהרער פֿון פֿאָלק פֿיהרען איהם אַראָב פֿון וועג — שרייט ישעיה — און די, וועמען זיי פֿיהרען, פֿאַלען אין אָבגרונד אַריין".

די ישׂראלישע מלוכה, וועלכע איז אַרויסגעטראָטען קעגען אַשור, גיט זיך אונטער נאָך אַ דריי־יעהריגער שווערער מלחמה; דער לעצטער קיניג איהרער געפֿינט זיין טויט אין פֿיינדליכען לאַנד, אויף די ברעגעס פֿון טיגר׳ס (הדקל).

**ישעיה.**

ישעיה האָט שוין פֿיל צייט נבואה געזאָגט אין לאַנד יהודה, ווען אַהינצו איז אָנגעקומען די טרויעריגע בשׂורה וועגען שומרונס מפלה. אין משך פֿון אַ לאַנגער צייט פֿלעגט ער אַרויסטרעטען, אַזוי ווי עמוס, מיט שאַרפֿע רעדעס קעגען דער געלט־תאוה פֿון די רייכע, דער אומגערעכטיגקייט פֿון די שופֿטים און דער פֿוסטקייט פֿון גאָטעס־דינסט. אַ פֿייערדיגער מלאך (שׂרף) האָט זיינע ליפּען געריינינגט מיט אַ קוהל, וואָס איז אָנגעצונדען געוואָרען ביי גאָטס מזבח.

נאָר דאָס פֿאָלק, וואָס צו איהם ווענדט ער זיך מיט זײַן מוסר, איז געבליבען „אומריין", און דעם נביא'ס ווערטער האָבען ניט געקאָנט דערגעהן צו די אויערן פֿון די טיפֿע און גלײַכגילטיגע. דאַן ווענדט ער זיך, ווי אַלע פֿאָלקס-לעהרער, וואָס געפֿינען ניט קיין צוהערער בײַ זייערע בני-דור, צו דעם קומענדיגען דור. מיט אַ פּאַראַדאָקס אײַפֿ'ן איצטיגען מצב און מיט אַ ביטערער איראָניע מאָלט ער זיך אַליין, ווי דעם שליח פֿון גאָט, וועלכער איז געשיקט געוואָרען „צו מאַכען נאָך פֿוילער דאָס האַרץ פֿון פֿאָלק".

„געה און זאָג דעם דאָזיגען פֿאָלק: הערט, הערט, נאָר ניט פֿאַרשטעהט; קוקט, קוקט, נאָר ניט דערקענט. מאַך אײַנגעשפּאַרט דאָס האַרץ פֿון פֿאָלק, פֿאַרשטאָפּ זײַנע אויערן, פֿאַרבלענד זײַנע אויגען, כדי עס זאָל ניט זעהן מיט די אויגען, ניט הערען מיט די אויערן, כדי זײַן האַרץ זאָל ניט ווערען פֿאַרשטאַנדיג און כדי עס זאָל ניט אויסגעהיילט ווערען אויך דאָס נײַ".

„און געזאָגט האָב איך: ביז וואַנען דען, געוועלטיגער? און ער האָט געזאָגט: ביז די שטעט וועלען ניט ווערען צעשטערט און אָהן מענשען, און ביז דאָס לאַנד וועט ניט ווערען אין אַ מדבר. און איב עס וועט בלײַבען אין איהם אַ צעהנטעל פֿון זײַנע אײַנוואָהנער, וועלען זיי אויך פֿאַרטיליגט ווערען (ו', 9—13). נאָר אַפֿילו בײַ אַ בוים בלײַבט דאָך אַ שטאַם, בשעת מען האַקט איהם אויס; אויך פֿון פֿאָלק וועט בלײַבען אַ שטאַם, און פֿון איהם וועט, לויט דעם נביא'ס מיינונג, אויסוואַקסען אַ הייליגער שבט.

ישעיה'ס אידע־אַל: ישראל דער אויסלייזער פֿון דער וועלט.

ניט געקוקט אויף אַלע מניעות, וועט דער געדאַנק און דער אידעאַל פֿון די נביאים אַלץ ברייטער; עמוס און הושע האָבען געטרוימט וועגען אַ זיטליכער ווידערגעבורט־אויפֿלעבונג נאָר פֿון ישראל, דעם אויסדערוועהלטען פֿאָלק. די אַנדערע פֿעלקער פֿון דער וועלט זײַנען זיי אָבער ניט גענוג בעקאַנט, אָדער זיי דינען פֿאַר זיי ניט מעהר ווי אומבעוואוסטזיניגע כלי-זין צו ישראלס אויסבילדונג און אויסלייזונג. ישעיה'ס אידעאַל איז אָבער ניט נאָר דער אויסגעלייזטער ישראל, נאָר אויך ישראל, וועלכער לייזט אויס די וועלט. צווישען די פֿעלקער, וועלכע האָבען זיך אָבגעגעבען אינגאַנצען דער שליטה פֿון גראָבען כח, שטעלט זיך ישראל פֿאַר אין געדאַנק פֿון נביא, ווי אַ פֿאָלק, וואָס ווירקט אויף אַלע אַנ־דערע דורך זײַנע מעשים און אידעאַלע שטרעבונגען. ער זעהט פֿאָראויס, אַז עס וועט קומען אַ צײַט „אין סוף פֿון די טעג, ווען דער באַרג, וואָס אויף איהם געפֿינט זיך דער היילגטום פֿון יהוה, וועט זיך דערהויבען איבער אַלע בערג, און עס וועלען זיך אײַנקומען צו איהם אַלע אומות, און די פֿעלקער וועלען זיך אײַנקלײַבען מהנות-ווײַז. מיט די ווערטער: קומט לאָמיר אַרויפֿגעהן אויף דעם באַרג פֿון יהוה, צום הויז פֿון ישראלס גאָט, ער זאָל אונז לערנען זײַנע וועגען, כדי מיר זאָלען געהן אין זײַנע שטעגען; דען פֿון ציון וועט אַרויסגעהן די תורה, און גאָטס וואָרט — פֿון ירושלים" (ב', 2—3). דאָס מעכטיגע וואָרט איז געזאָגט געוואָרען, עס איז בעשאַפֿען געוואָרען די וועלט-רעליגיע.

דער אָבקלאַנג פֿון שומרונס מפּלה אין יהודה.

שומרונס מפּלה אין יאָהר 722 האָט אַרויסגערופֿען אַ גרויסען פּלאָנטער אין די השגות פֿון יענעם דור. פֿון די נביאים'ס מויל האָט זיך אַרויסגעריסען אַ געשריי, וואָס אין איהם האָט זיך די פֿרייד פֿון נצחון אויסגעמישט מיט

אַ הריקענדיגען צער. היות, ווי דער אומגליק איז געווען אַזוי גרויס און מען האָט אָנגעוואָרען יעדע האָפֿענונג, אַז דאָס פֿאָלק זאָל ניצול ווערען, דעריבער האָט בעקומען אַ גרויזאַמע פּאָטאַלע בעדייטונג דער טרוקענער און ענג־האַרציגער פֿאַר־וואורף פֿון די ווייטזעהענדיגע מענשען: מיר האָבען דאָך דאָס פֿאָראויסגעזאָגט... און אין דער אמת'ן האָט דען גאָט ניט מתרה געווען וועגען דעם אַלץ פֿריהער? דער פֿייער, וואָס האָט פֿאַרברענט שומרון, האָט בעלויכטען די איגען פֿון יהודה,– די האַלב־דערפֿרעהטע, האַלב־דערשראָקענע דורך דער מפּלה פֿון דער קאָנקורירענדיגע שוועסטער, – מיט אַ שרעקענדיגען גלאַנץ און אויפֿגעדעקט דעם בעהאַלטענעם אמת פֿון די נביאים'ס תורה. פֿאַרוואָס זאָל דען יהודה אויס־מיידען דעם גורל, וואָס האָט געטראָפֿען איהר שוועסטער, ווען אויך זי איז טויב צום קול פֿון גאָט און איז נאָך בלינדער, הגם זי האָט פֿאַר די אויגען אַ קלאָרען בילד פֿון התראות, וואָס זיינען מקוים געוואָרען? און די שרים און דאָס פֿאָלק האָבען אויפֿגעהערט אויף אַ צייט צו בעגעגענען מיט שפּאָט די ווערטער פֿון די נביאים, וועלכע האָבען אַריבערגעטראָגען אויף יהודה די פֿאָרוואורפֿען, וואָס זיי האָבען געמאַכט ישראל און פֿאָראויסגעזאָגט, אַז עס וועט קומען איפֿן לאַנד אַ ניט־אויסמיידליכע שטראָף פֿאַר דער גרויסהאַלטונג פֿון די רייכע, פֿאַר דער אַכזריות און די פֿאַרדאָרבענע מידות, פֿאַר דער אומ־זיניגקייט פֿון דער פּאָליטיק.

חזקיהו'ס פּרוב צו רעפֿאָרמירען דעם ישראל'שען גאָטעס־דינסט.

אין דעם מאָמענט פֿון שומרונס מפּלה איז געזעסען אויפֿ'ן טראָן פֿון יהודה חזקיהו. דאָס איז געווען אַ מענש אַ פֿעהיגער, אַ געבילדעטער, וואָס האָט געהאַט אַ פֿיינעם חוש פֿאַר די נייע טענדענצען. מיט זיין גאַנצער התלהבות און זיין גאַנצער מאַכט האָט ער זיך אָבגעגעבען אין רשות פֿון נביא ישעיה, וועלכער האָט פֿאָרגענומען אַ גאַנצע שורה פֿון רעפֿאָרמעס אין גייסט פֿון די נביאים. די רעפֿאָרמעס האָבען קודם כּל אָנגערירט דעם גאַנצען געביט פֿון גאָטס־דינסט. די כּהנים־קאַסטע, וואָס האָט זיך ביז איצט אויפֿגעטראָגען מיט פֿיינדשאַפֿט אָדער ווייניגסטענס מיט גלייכגילטיגקייט צו די נייע אידעען און האָט ניט געהאַלטען פֿאַר נויטיג צו פֿיהרען אַ קאַמף קעגען די פֿרעמדע פֿאָרמען פֿון דער פֿאָלקס־רעליגיע, איז אויך אַריינגעצויגען געוואָרען אין דער נביאישער בעוועגונג. דער פּועל־יוצא דערפֿון איז געווען דער פּרוב אָבצורייניגען דעם בית המקדש און ירושלים פֿון די אַלע פֿאָרמען פֿון אַלטען האַלב־געצענדיענרישען קולט, אַשטייגער פֿון דער קופּערנער שלאַנג, און מבטל זיין אין לאַנד אַלע הייליגקייטען, וואָס זיינען צעשפּרייט איבער די בערג (מלכים ב', י"ח, 4).

הזקיהו האָט אויסגענוצט די אומרוהען, וואָס זיינען פֿאָרגעקומען אין אַשור נאָכ'ן טויט פֿון שומרונס בעזיגער, און אויף אַ צייט פֿאַרנומען דאָס לאַנד פֿון דער ישראלישער מלוכה, וואָס איז פֿאַרוויסט געוואָרען דורך אַשור. אויף אַזאַ אופֿן האָט די צעשטערונג פֿון שומרון געבראַכט, כּלומרשט, צו דער אויפֿריכטונג פֿון דער נאַציאָנאַלער איינהייט. די מלוכה פֿון דוד האָט מען גערעכענט פֿאַר אַן אויפֿגעריכטע, און דער נביא בעגריסט חזקיהו'ן, ווי דעם געטרייען זוהן פֿון יהוה מיט אַזאַ בעגייסטערנדיגען פֿייערליכען אויסרוף:

 „דאָס פֿאָלק, וואָס בלאָנדזשעט אין דער פֿינסטערניש, האָט דערזעהן

אַ גרויסע ליכטיגקייט; די אײַנוואוינער פון לאַנד, וואו עס האָט געהערשט נאַכט, האָט בעלויכטען דער מאָרגענשטערן. דען אַ קינד איז אונז געבוירען געוואָרען, אַ זוהן איז אונז געגעבען, וואָס אויף זײַנע אַקסלען רוהט די מאַכט. זײַן נאָמען איז דער וואונדערליכער ראַטגעבער, דער געטליכער העלד, דער אייביגער פאָטער, דער קיניג פון שלום, וועלכער איז געבוירען, כדי צו דערהויכען די מאַכט און פאַרשאַפען שלום אָהן אַ סוף דעם טראָן פון דוד, און זײַן מלוכה — כדי פעסטצושטעלען און בעפעסטיגען דאָס רעכט און די גערעכטיגקייט — פון היינט אָן אויף אייביג. (ט', 1—6).

דער צייטוויילי־גער נצחון פון דער נבואה.

שומרונס מפלה האָט אָהן ספק בעוויזען די געטליכקייט פון דער נבואה. די געשיכטע האָט אָבער דורך איהרע מעשׂים נאָך ווייטער געפיהרט די פראָפּאַגאַנדע אין נביאישען גייסט. יהודה האָט געצוואונגען די אומגלויביגע און צעלאָזענע שומרון צו פאַלען פאַר אשור; אָבער אשור האָט ניט געוואוסט, אַז ער איז געווען נאָר אַן אומבעוואוסטזיניגער כלי־זין אין דער האַנט פון דער העכערער גערעכטיגקייט, און האָט זיך לוסטיג געמאַכט איבער ירושלים, וועלכע האָט זיך אומגעקעהרט פון איהרע זינד און זיך מיט יעדען טאָג דערנעהנטערט צום וועג פון גערעכטיגקייט. בשעת סנחריב האָט אין יאָהר 701 מיט זײַנע מעכטיגע חילות אין מיט אַן אומגעהייערן גלויבען אין זײַנע כחות בעלאַגערט ירושלים, האָט אַ שרעקליכע מגפה געראַטעוועט די שטאָט, און דער נביא, וועלכער איז פאַרטרויט אין די געטליכע סודות, שרייט אויס: „וועה געשריען צו אשור, דעם כלי זין פון מײַן צאָרן אין אומצופרידענקייט. קאָן זיך דען בעליידיגען די האַק, אויף דעם, וואָס האַקט מיט איהר, די זעג — אויף דעם. וואָס פיהרט זי?! אין אַזוי וועט יהוה אויסטריקענען אשורס פעטקייט און זײַן מאַכט וועט ער פאַרברענען אין פייער פון שׂרפה. האָב ניט מורא, מײַן פאָלק, וואָס וואוינט אין ציון, פאַר אשור'ן, וועלכער שמײַסט דיך מיט'ן בײַטש און שרעקט דיך אָן אויפ'ן שטייגער פון מצרים. יהוה וועט הורגענען מיט דער האַק איבערן וואַלד פון אשור. און זײַנע מעכטיגע צעדערן וועלען אַנידערגעלעגט ווערען צו דער ערד (קאַפּיטל י').

ישעיהו'ס זעהונגען וועגען דעם קומענדיגען שלום.

דאַן, בײַ דעם בילד פון צעבראָכענעם אשור, שטעהט אויף פאַרן נביא'ס בליק דאָס בילד פון אייביגען שלום; אַ סוף צו דער מלחמה, צו דער שׂנאה! יהוה וועט ווערען דער שופט פון די פעלקער, און די פעלקער וועלען ניט אויפהייבען מעהר די כלי־זין איינע אַנטקעגען די אַנדערע און וועלען איבערשמידען די שווערדען זייערע אין גראָב־אײַזענס און זייערע וואָרפשפּיזען אין שנייד־מעסערס. פון דודס הויז וועט אַרויסקומען אַן אידעאַלער קיניג און שופט, וואָס אויף איהם וועט רוהען יהוה'ס גייסט, דער גייסט פון חכמה און פאַרשטאַנדיגקייט, דער גייסט פון אײַנזעהן און פרומקייט, וועלכער וועט משפּט'ן ניט לויט דעם, וואָס זײַנע איגען וועלען זעהן און וואָס זײַנע אויערן וועלען הערען, נאָר לויט דער גערעכטיגקייט און וועט דורכפיהרען אַלץ צום גוטען פון די בעליידיגטע. דער וואָלף וועט לעבען צוזאַמען מיט אַ ציגעלע; די קוה, דער לייב און די שעפּסעלע וועלען זיך פאַשען צוזאַמען און אַ קליין קינד וועט זיי פיהרען. דען מען וועט מעהר ניט זינדיגען און ניט טהון מעהר קיין

שלעכטס איבער מיין גאנצען הייליגען בארג און די דערקענונג פון גאט וועט אנפילען די ערד, ווי די וואסערן, וואס פילען אן דעם ים (קאפיטעל י״א).

———

מנשה׳ס מלוכה און די רעליגיעזע רעאקציע.

דער ניצחון פון דער נבואה האט אבער ניט לאנג געדויערט. חזקיהו האט איבערגעלאזט פאר זיין קרוין־יורש דעם צוועלפיעהריגען זוהן מנשה. אנשטאט דעם יונגען קעניג האבען געפיהרט די מלוכה די הויף־לייט. שוין דערמאלט האט זיך אנגעהויבען צו פיהלען דער רעליגיעזער סינקרעטיזם*, וואס האט זיך געהאלטען אין משך פון 60 יאהר. דעם פאלק איז מיאוס געווארען די מאראל פון ישעיהו און פון זיינע תלמידים, וועלכע האבען איהם אהן אויפהער אויפגערעגט מיט זייערע שטורמישע תוכחות און וועלכע האבען מיטן נאמען פון אלמעכטיגען און אייפערנדיגען גאט אויף זייערע ליפען, געפאדערט, אז יעדערער זאל טראכטען נאר וועגען דער טובה פון זיין חבר, אנשטאט צו לעבען צום אייגענעם פארגעניגען. די כוואליע פון דער רעאקציע האט צוריקגעשטויסען די נביאים פון יהוה פון זייער איינגענומענער פאזיציע, און פארווארפען די פרינציפען פון זייער מאראל און סאציאלער שיטה. ירושלים האט מיט פרייד מקבל פנים געווען אלע סירישע געטער; מזבחות פאר זיי האט מען געבויט אפילו אין בית המקדש פון יהוה. לויט ווי עס דערצעהלט די לעגענדע, האט מנשה גופא געבראכט זיינע זיהן פאר א קרבן דעם מולך. בעלי־מופת, מכשפים, טרעפערס זיינען געווארען די איינפלוסרייכסטע מענשען ביים הויף. אזוי האט דאס געדויערט אין משך פון א האלבען יאהרהונדערט. די נביאים האט מען געצוואונגען צו שווייגען; און עס איז אונז דעריבער ניט בעקאנט קיין איין נביא פון מנשה׳ס צייט.

די מלוכה פון איין מינדעריעהריגען קעניג (מנשה) האט ביי די נביאים צוגענומען זייער ווירקונג. די מלוכה פון א צווייטען מינדעריעהריגען קעניג (יאשיהו) האט זיי זי אומגעקעהרט צוריק. אין פאלקס־לעבען איז פארגעקומען א געהאלדיגע איבערקעהרעניש, וואס וועגען איהר קאנען מיר האבען א השגה נאר לויט די רעזולטאטען איהרע, נאר מיר האבען ניט די מעגליכקייט היסטאריש צו בעטראכטען דעם פראצעס איהרען גופא. די דאזיגע איבערקעהרעניש איז אהן ספק ארויסגערופען געווען דורך די פיל הסרונות פון פריהערדיגען כח, און דעריבער האט זי בכבוד׳דיג אומגעקעהרט די מאכט און די השפעה דער געהודפטער לעהרע פון די נביאים. דער נייער נבואה־שטורעם האט געפונען זיין מעכטיגען פארטרעטער אין דעם יונגען כהן פון לאנד בנימין, אין ירמיהו.

ירמיהו.

וועגען ירמיהו האט זיך ביי אונז איסגעבילדעט די פארשטעלונג, ווי וועגען דעם מחבר פון די קינות. דאס איז געשעהן דערפאר, וואס איהם איז מען מיחס די זאמלונג פון די קלאג־לידער וועגען חורבן פון ירושלים (איכה), וואס געהערען אבער אין דער אמת׳ן ניט איהם. ירמיהו האט אין משך פון זיין פערציג יאהריגער טעטיגקייט געמוסרט, געשטראפט און בעשולדיגט, אבער

* ד. ה. די דערנעהנטערונג און די אויספארשונג פון די פארשיידענע רעליגיעזע אנשויאונגען און צערעמאניעס.

זעהר יונג געווען. אמת, ער האָט בעוויינט דעם פאַרשטאָרבענעם קעניג יאשיהו; אָבער נאָך דעם דאָזיגען טויט, וואָס האָט צעשטערט אַלע זיינע האָפנונגען אויף דער צוקונפט, זיינען ביי איהם ניט געבליבען קיין טרערען פאַר די אַנדערע מעשים פון זיין צייט.

אָנגעהויבען פון ירמיהו'ן קומען די נביאים צו דעם בעשלוס, אַז עס איז אַן אוממעגליכע זאַך הילצופיהרען ביים איצטיגען מצב זייערע רעפאָרמעס, וואָס וואָלטען געקאָנט ראַטעווען דאָס פאָלק. זיי זאָגען זיך אָב פון דער נאַציאָנאַלער פון היינט, וואָס געהט מיט איהר איינענעם ווילען און מיט אַ בלינדער זיכער־קייט אין אָבגרונד אַריין, און זיי טראַכטען נאָר וועגען דעם, ווי צו שאַפען אַ נאַציע פון דער צוקונפט, וועלכער זאָל אויסוואַקסען אויף דעם חורבן פון דער איצטיגער.

ירמיהו איז געווען אַ כהן. דאָס איז דער ערשטער נביא פון צווישען די כהנים. נאָר די כהונה איז ביי איהם נאָר דער אויסגאַנגס־פונקט און דער מיטעל צו דער נביאה. סיי ישעיהו און סיי ירמיהו זיינען קודם כל רעפאָרמאַטאָרען פון זיטליכען, סאָציאַלען און פאָליטישען לעבען. אויב עס איז געווען צווישען זיי אַן אונטערשייד, האָט ער זיך גענומען פון דער אינדיווידועלער פאַרשיעדענקייט פון זייערע ביידענס נאַטורען און פון די היסטאָרישע תנאים. ירמיהו איז דער נאַטירליכער און דער בערעכטיגטער יורש פון ישעיהו, נאָר ער צייכענט זיך אויס דורך אַ גרעסער כאַראַקטער־פעסטקייט, דורך אַ שטאַרקערער איבערצייגונגס־קראַפט, דורך דער פעסטקייט פון זיינע פאָדערונגען און דורך זיין פאַראַכטונג צו די אָנגענומענע מיינונגען און פאָראורטיילען. דערפאַר איז ער די איינגעאַרטיגסטע פיגור אין דער איינגעאַרטיגער נאַציאָנאַלער סביבה. דאָס דערקלערט זיך דערמיט, וואָס איהם איז אויסגעקומען צו אַרבייטען ניט אין אַ בערך רוהיגער צייט, ווי ישעיהו'ן, נאָר אין אַ טרויעריגער צייט פון אַיינגעוואָרצעלטע איבעריגע פעהלערן, און אַ קאָכיגער צייט פון בעשטימענדע קאַטאַסטראָפעס.

זיין ערשטע ארויסטריט.

ירמיהו האָט אָנגעהויבען צו פאַרשפרייטען זיינע אידעען נאָך אין זיין היימישען שטעטעל ענתות. נאָר, ווי עס זעהט אויס, איז דאָרטען פאַר איהם ניט געווען קיין גינסטיגער אָרט, אָדער די הערשענדע שיכטען האָבען איהם ניט געוואָלט טראָגען. אַזוי ווי אַהין, זיינע מיטבירגער האָבען איהם פאַרטריבען, סטראַשענדיג איהם מיטן טויט (י"א, 21). ער האָט פאַרלאָזען ענתות מיט אַ ביטערער, צו יהוה געווענדעטער אויבס־פראַגע אויף זיינע ליפען: „דו וועסט שטענדיג בלייבען גערעכט, יהוה, – קאָן איך דען זיך קריגען מיט דיר? און דאָך וואָלט איך געוואָלט ביי דיר אַרויסרופען אַן ענטפער: פאַרוואָס האָבען הצלחה די וועגען פון די אומגערעכטע? פאַרוואָס בלייבען די בוגדים ניט־בעשטראָפט? דו האָסט זיי פאַרפלאַנצט, און זיי האָבען געלאָזען וואָרצלען און זיי וואַקסען און ברענגען פירות, און בשעת מעשה ביסטו נאָר נאָהענט צו זייערע ליפען, אָבער ווייט פון זייער האַרצען. און מיך, יהוה, קענסטו דאָך; דו זעהסט דאָך מיך דורך און דורך, דו האָסט דאָך אויסגעפרובט מיינע געדאַנקען" (י"ב, 1–3). נאָר ניט געקוקט אוי אַלע שטערונגען פילט דאָך אָן די נשמה פון נביא דער פעסטער גלויבען אין זיין בעריף,

דער גלויבען, וועלכער באַהערשט איהם און דערוויטערט איהם פון שוואַכקייט און שרעקעדיקייט.

איידער איך האָב דיך בעשאַפען אין דער מוטערס בויך האָב איך דיר שוין אויסדערוועהלט, — זאָגט יהוה, — איידער דו ביסט פון איהר לייב אַרויס, האָב איך דיך געהייליגט און בעשטימט פאַר אַ נביא איבער פעלקער. און איך האָב געזאָגט: גאָט מיינער, יהוה! איך קאָן דאָך ניט רעדען — איך בין צו יונג. און יהוה האָט געזאָגט: רעד ניט אַזוי: איך בין צו יונג — און וואוהין איך וועל דיך נאָר שיקען, געה, און וואָס איך וועל דיר נאָר הייסען, רעד. און האָב פאַר זיי קיין מורא ניט, ווייל איך בין מיט דיר, כדי צו בעשיצען דיך — אַזוי זאָגט יהוה. און יהוה האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנט און בעריהרט מיין מויל און געזאָגט: אָט לעג איך אַריין מיינע ווערטער אין דיין מויל. זעה נאָר: איצט שיק איך דיך אויף פעלקער און מלוכות, כדי אויסצו־וואָרצלען און צו צעשטערען, כדי צו פאַרדאַרבען און פאַרטיליגען, כדי צו בויען און פאַרפלאַנצען. (א. 5—10).

ירמיהו אין ירושלים.

„דאס בוך פון דער תורה“.

פון ענתות איז ירמיהו אַוועקגעגאַנגען קיין ירושלים, וואו איהם איז פאָראויסגעשטאַנען אַלץ צו פאַרשפילען אָדער אַלץ צו געווינען. דאָרטען האָט ער אין בית המקדש גופא געפונען אומגעריכטע אָנהענגער. דער כהן הלקיהו איז געווען נוטה צו די נביאישע אידעען, און אַחוץ דעם האָט די נביאה, וועלכע איז פאַרשטיקט געוואָרען אין דער צייט פון מנשה, אויפגעלעבט אין דער נשמה פון אַ פרוי — דער נביאה הולדה. דער יונגער נביא פון ענתות האָט אַריינגעטראָגען נייע ענערגיע און התלהבות אין דער בעגייסטערטער סביבה, וועלכע האָט נאָר ווי געוואַרט אויף אַ שטויס פון אויסען. אפשר האָט ער געהאַט אויך אַ פערזענליכע ווירקונג אויפן קיניג, וועלכער איז קוים אַלט געווען 22 יאָהר. בכל אופן האָט זיך ירמיהו'ס טעטיגקייט אין דער ריכטונג גוט איינגעגעבען. עס זיינען ניט אַריבער קיין פיר יאָהר, און עס איז פאָר־געקומען ממש אַן איבערקעהרעניש. פלוצלונג האָט זיך פאַרשפרייט אַ קלאַנג, אַז דער כהן הלקיהו האָט געפונען אין בית המקדש „דאָס בוך פון יהוה'ס תורה“. דער קיניג האָט געבעטען, מען זאָל פאַר איהם איבערלייענען דאָס בוך פון אָנהויב ביז סוף, און דער לייענען האָט געמאַכט אויף איהם אַן אומגעוועהנליכען רושם, אַזוי אַז ער האָט דאָס געהייסען איבערלייענען אָפען פאַרן גאַנצען אויפגעקומענעם פאָלק און האָט עס דערקלערט פאַר דער תורה פון דער נאַציע.

„דאָס בוך פון יהוה'ס תורה“, וואָס איז איבערגעגעבען געוואָרען יאשיהו'ן, איז אָהן ספק צונויפגעשטעלט געוואָרען אונטער דער מיטווירקונג פון די נביאים פון יענער צייט, און מען איז אויסען געווען מיט דעם צו מאַכען תיכף אַן איינדרוק אויף דעם איצטיגען דור. דאָס בוך איז ניט כולל געווען אין זיך קיין איין אידעע, קיין איין כלל, קיין איין התראה אָדער פאָרזאָג, וואָס זאָלען ניט זיין געזאָגט געוואָרען דורך די נביאים אין משך פון די לעצטע צוויי יאָהרהונדערטען. עס איז אין איהר ניט געווען קיין איין שורה, וואָס איז געשריבען געוואָרען מיט דער כונה, אַריינצולעגען אין מויל פון אַן אַלטער

אויטאָריטעטער פֿערזאָן וואָסער עס איז נייַע אידעע, ווי דאָס איז שטענדיג דער פֿאַל בייַ די אַפּאָקריפֿישע *) שריפֿטען. דאָס געפֿונענע בוך איז געווען מיט אַן אמת „דאָס בוך פֿון יהוה׳ס תורה" אין דער געשטאַלט, ווי זי האָט זיך געטראָגען אין דער לופֿט פֿון יהודה זינט די ערשטע נביאים. נאָר ווען די נביאים האָבען גערעדט וועגען דער תורה פֿון יהוה, פֿלעגט מען בייַ זיי פֿרעגען: „וואו איז זי דען, די דערהויבענע תורה? דערקלערט אונז איין מאָל פֿאַר אַלע מאָל, וואָס פֿאַרלאַנגט זי פֿון אונז!" עס איז געווען נויטיג, עס זאָל אויפֿ-קומען דאָס בוך, כדי צו פֿאַרשטאָפּען די מייַלער די הוזק-מאַכער, בעפֿעסטיגען די איבערצייַגונג פֿון די קרייַזען, וואָס שטעהען נאָהענט צו די נביאים, און אָנשטאָט דער גיך פֿאַרבייַגעהענדיגער ווירקונג פֿון פֿייַערדיגען וואָרט, געבען דעם פֿאָלק די ממשות׳דיגע ניט-פֿאַרענדערליכע ווירקונג פֿון אַ געשריבענער תורה. דער נביא׳ישער מוסר קען אַרויסרופֿען אין פֿאָלק נאָר אַ רעליגיעזע התלהבות. כדי אָבער די דאָזיגע התלהבות זאָל מגולגל ווערען אין אַ לעבעדיגען כח, איז נויטיג דאָס בוך. „דאָס בוך פֿון דער תורה" האָט אויך אין דעראמתען געמאַכט דעם אייַנדרוק פֿון עפּעס פֿרישעס, שטאַרקעס אויך אויף די, וועלכע האָבען זיך שוין גענוג אָנגעהערט מיט מוסר-רעד, שוין דערפֿאַר אַליין, וואָס זי האָט פֿאָרגעשטעלט אַ גאַנצע און צוזאַמענגעבונדענע סיסטעם.

מיר ווייסען ניט, ווי ווייַט מען האָט דעם נייַעם געזעץ בענוצט אין פּראַקטישען לעבען, און אויף וויפֿיל ער איז געוואָרען אַ מלוכה-קאָדעקס. דער ספֿר מלכים, וועלכער איז אָנגעשריבען געוואָרען דורך מענער פֿון די כהנים-קרייַזען, דערצעהלט נאָר וועגען דער רייניגונג פֿון גאָטעס-דינסט, וואָס האָט, פֿאַרשטעהט זיך, מעהר פֿון אַלץ אינטערעסירט די כהנים און איז געווען אַ חוץ דעם אויך אַ גרינגע זאַך. די צערעמאָניעלע חוקים זיינען אָפּגעהיט געוואָרען מיט דער גרעסטער שטרענגקייַט. די פֿרעמדע קולטען זייַנען פֿאַרבאָטען געוואָרען; די כהנים, וואָס פֿלעגען דינען די געצענבילדער — פֿאַרטריבען, און די, וואָס פֿלעגען ברענגען קרבנות פֿאַר געצענבילדער גופֿא אין בית-המקדש פֿון יהוה, זייַנען בעשטראָפֿט געוואָרען מיט טויט. דער טאָל פֿון הנום, וואו עס פֿלעגען געבראַכט ווערען מענשליכע קרבנות דעם מולך, איז געמאַכט געוואָרען פֿאַר אַן אומרייניגעם אָרט. נאָר דעם קולט האָט זיך לייַכטער אייַנגעגעבען צו רעפֿאָר-מירען, איידער דעם גייַסט. און אין משך פֿון דער גאַנצער צייַט פֿון אויס-ווייניגסטען נצחון יהוה׳ס, הערט ניט אויף צו קלינגען דער אַלטער פּראָטעסט פֿון די נביאים: ווען איך האָב אייַך געגעבען מייַנע געזעצען בשעת׳ן אַרויסגאַנג פֿון מצרים, האָב איך דען דאָס געטאָן צוליב אייערע קרבנות?

יאשיהו איז געווען אינגאַנצען אַלט 26 יאָהר, בעת מען איז צוגעטראָטען צו דער רעליגיעזער רעפֿאָרם (623 יאָהר פֿאַר דער קריסטליכער צייַט). עס

*) מיטן נאָמען „אפּאָקריפֿען" הייסען אייגענטליך די ספרים, וואָס זיינען ביי דער קאַנאָניזירונג ניט אַריין אין דעם תנך — אין העברעאיש הייסן זיי ספרים חיצוניים. דאָס רוב זיינען ניט אונטערן נאָמען פֿון זייער אמתן מחבר, אַזעלכע ספרים רופֿט מען אויך „פּסעוודאָ-עפּיגראַפֿען".

איז מעגליך, אַז אויב יאשיהו וואָלט געקיניגט אַ לענגערע צײַט, וואָלט זיך אײַנ־געגעבן צו פֿאַרווירקלעכן די תּורה ניט נאָר אין געביט פֿון קולט, נאָר אויך אין די מידות און דער געזעצגעבונג. נאָר צום אומגליק איז יאשיהו אַרײַנ־געצויגן געוואָרן אין דער פֿאַרפּלאָנטערטער אויסלענדישער פּאָליטיק און איז געשטאָרבן אויפֿן מלחמה־פֿעלד.

אַ שרעקליכע איבערקערעניש האָט אין יענער צייט אויפֿגעטרייסלט גאַנץ אַזיען. אשור איז געפֿאַלן אונטערן קלאַפּ פֿון די פֿאַראייניגטע פֿעלקער, וועלכע זיי האָט אַזוי לאַנג אונטערדריקט. איהר מפּלה ווערט בעגלייט דורך דעם נביאישען אויסרוף: „פֿאַרוויסט איז נינוה! *) ווער וועט אויף איהר רחמנות האָבען? וואו זאָל זי זוכען טרייסטער? דײַנע פֿיהרער שלאָפֿען, דו קיניג פֿון אשור! דײַנע קריגס־העלדען האָבען געפֿונען זייער רוה, און יעדער, וואָס וועט דערהערען וועגען דעם, וועט פּאַטשען מיט די הענט, ווײַל אויף וועמען האָט דען ניט שווער געדרוקט דײַן שטענדיגע גרויזאַמקייט" (נחום 7, 18—19). בבל האָט אָרגאַניזירט דעם אָנפֿאַל אויף נינוה. נאָר די אַלטע מצרים, וואָס האָט אויף אַ צייט אויפֿגעלעבט אונטער דער פֿיהרונג פֿון דער פּסאַמעטיך־דינאַסטיע, האָט געפּרובט פֿאַרכאַפּען די שליטה איבער דער וועלט, וואָס אשור האָט פֿאַרלאָרען, נאָך איידער בבל האָט צײַט געהאַט זי צו בעפֿעסטיגען פֿאַר זיך. דער מצרישער קיניג נכה האָט זיך געלאָזען צום פּרת. אָבער יאשיהו, וואָס איז געווען אָבהענגיג פֿון בבל, האָט געהאַלטען פֿאַר זײַן חוב צו פֿאַרצוימען דעם וועג פֿאַר דעם פֿיינד פֿון בבל. „מיט דיר האָב איך ניט צוטון, קיניג פֿון יהודה!" — האָט געשיקט איהם זאָגען נכה. פֿונדעסטוועגען איז יאשיהו אַרויס אַנטקעגען די מצרים און זיך צוזאַמענגעטראָפֿען מיט זיי בײַ מגדו. ער איז געפֿאַלן אויפֿן מלחמה־פֿעלד. אַ דורכגעשטאָכענער דורך אַ פֿײַל און איז אַוועק־געפֿירט געוואָרען אַ פֿאַרוואונדעטער קײַן ירושלים, וואו ער איז געשטאָרבען. בּאַנסבּילען און פֿרויען האָבען איבער איהם געזונגען טרויער־לידער, און די טרויער־צערעמאָניע איז פֿאַרגעקומען זינט דענסטמאָל יעדען יאָהר אין טאָג פֿון אומגליק. ירמיהו האָט פֿאַרפֿאַסט אויפֿן טויט פֿון יונגען קיניג, מיט וועלכען עס זײַנען פֿאַרלאָרען געגאַנגען אַלע האָפֿענונגען פֿון די רעפֿאָרמאַטאָרען, אַ טרויער־ליד, וועלכע איז צום אָבער ניט דערגאַנגען ביז אויף אונזער צײַט. | אשורס מפּלה.

יושיהוס, זון יהואחז, וועלכער איז דערקלערט געוואָרען פֿאַר אַ קיניג באַלד נאָך דעם פֿאָטערס טויט, איז אַראָבגעזעצט געוואָרען פֿון טרון דורך פּרעה'ן און נאָך אַ רעגירונג פֿון דרײַ חדשים אָבגעפֿירט געוואָרען געפֿאַנגען קײַן מצרים. „ניט וויינט וועגען דעם, וואָס איז געשטאָרבען — שרײַט אויס ירמיהו — און ניט קלאָגט איבער איהם; וויינט, וויינט וועגען דעם אַוועקגעגאַנגענעם, ווײַל ער וועט זיך ניט אומקעהרען מעהר און ניט זעהן דאָס איינענע לאַנד (כ"ב, 10).

עס האָבען זיך אָנגעהויבען די גסיסה־טעג פֿון יהודה. נכה האָט אַרויפֿגעזעצט אויפֿן טרון דעם צווייטען זוהן פֿון יאשיהו — יהויקימען. די מלוכה פֿון יהודה איז געוואָרען ווײַטער דער עפּעל פֿון מחלוקת צווישען מצרים און בבל. צווישען | יהודה'ס גסיסה.

---

*) די הויפּטשטאָט פֿון אשור.

די צוויי ג׳בורים־שונאים, האָט די קליינינקע מלוכה פון יהודה געדאַרפט אין זיך האָבען גענוג פלינקייט, בעקלערטקייט און אויסגעהאַלטענקייט, כּדי ניט צו ווערען צעדריקט. יאשיהו׳ס יורשים זיינען ניט געווען בעשענקט מיט די אַלע מעלות. די פּאָליטיק פון די נביאים איז בעשטאַנען אין אָבהיטען די געטריישאַפט צו בבל, וואָס מיט איר האָט יהוה געשלאָסען אַ בונד נאָך אין די צייטען פון הזקיהו און וואָס זי האָט באַפרייט די וועלט פון נינוה׳ס יאָך. האַלטענדיג זיך ביי די פּרינציפּען פון אַזאַ פּאָליטיק, איז יאשיהו געגאַנגען אויף לעבען און טויט קיין מגדו. אַזאַ איז אויך געווען די פּאָליטיק ירמיהו׳ס, וועלכער האָט אָהן ספק מסכּים געווען מיט יאשיהו׳ן, אָדער אפשר אפילו איהם געראַטען אַרויסצוטרעטען אין דער דאָזיגער מלחמה. ווען ניט וואָלט אָט דער פעסטער און שטאַרקער מאַן אָנגעשטאָט צו טרויערן און געוואַלדעווען איבערן קבר פון געפאַלענעם קיניג, איהם געשיקט זיין צאָרענדיגע קללה. אַחוץ דעם, איז אויך געווען פּראַקטיש ניצליכער צו זיין אויפן זייט פון בבל, ווייל נאָכן צוזאַמענשטויס האָט מצרים אָנגעהויבען אָבצוטרעטען צוריק. איר גאַנצער כּח איז געלעגען נאָר אין דעם זכרונות־רייכען עבר, און די מלחמה פון מצרים מיט בבל האָט אויסגעזעהן, ווי אַ מלחמה פון אַ רעאַלער קראַפט מיט אַ שאָטען. נכה, וועלכער האָט באַקומען אַ מפּלה ביי כּרכּמיש, איז פון פרת געלאָפען צוריק צום נילוס. נבוכדנצר האָט זיך דאַן באַוויזען מיט זיינע חילות ביי די מויערען פון ירושלים און בעקומען פון יהויקימען דעם צוזאָג פון געטריישאַפט און הכנעה. נאָך דעם איז געווען קלאָר, אין וואָס עס דאַרף בעשטעהן די פּאָליטישע אויפגאַבע פון יהודהן. נאָר די יונגע הערשער, וועלכע זיינען איינע נאָך די אַנדערע געזעסען אויפן ירושלימ׳ער טרון, האָבען דאָס ניט פאַרשטאַנען. זיי האָבען געשלאָסען אַ בונד מיט דעם פּאָליטיש גוסס׳דיגען מצרים, האָבען זיך סומך געווען אויף זיינע הבטחות און זיך אָנגעשפּאַרט אויפן שטעקעל, וואָס שטעלט דורך די האַנט.

נאָך דריי יאָהר פון הכנעה צו בבל, האָט יהויקים אַראָבגעוואָרפען פון זיך איהר יאָך און אָבגעזאָגט זיך פון צו צאָלען צינש. דאָס איז געווען דער אָנהויב פון סוף. אַלס שטראָף פאַר דער מרידה האָט בבל פאַרטריבען אַ טייל פון דער בעפעלקערונג און צעראַבירט דעם בית־המקדש. יהויקים איז געשטאָרבען בעת דער מלחמה. נאָך איהם איז אַרויף אויפן טרון זיין 18־יעהריגער זוהן יהויכין. אָבער עס זיינען נאָך ניט אַריבער קיין דריי חדשים פון זיין רעגירונג, און די בעלעגערטע ירושלים איז איינגענומען געוואָרען דורך די בבלישע חילות, און ער איז אַוועקגעפירט געוואָרען אַ געפאַנגענער קיין בבל, וואו ער איז געשטאָרבען. דער לעצטער קיניג פון יהודה, צדקיהו, האָט בעגייט דעם משונה־דיג ווילדען פּרוב — צו שליסען אַ בונד מיט מצרים. דאָס האָט געבראַכט צו אַ בעלעגערונג פון ירושלים, צו דער איינגעמונג און צו דער צעשטערונג פון דער שטאָט, און צו דער פאַרטרייבונג פון די העכערע פאָלקס־קלאַסען קיין בבל. (אין יאָהר 586 פאַר דער קריסטליכער צייט־רעכענונג).

זינט די ערשטע טעג פון יהויכימ׳ס רעגירונג איז קלאָר געוואָרען, אַז די מלוכה הויבט זיך אָן אָבצוזאָגען ניט נאָר פון דער אויסוויינינגסטער, נאָר אויך

ירמיהו'ס ארויס־טרעטונג קעגן דעם קיניג און די הערשענדע קלאַסען.

פון דער אינעווייניגסטער פּאָליטיק פון קיניג יאשיהו, — פון די רעפאָרמעס און נביאישען גייסט. בעת נכה האָט אַרויפגעזעצט יהויקים'ען אויפן טרון, האָט ער איהם בעלעגט מיט אַ גרויסען צינש. כדי צו פאַרשאַפען זיך אַזוי פיל געלט, האָט יהויקים געמוזט אונטערדריקען דאָס פאָלק. כדי דורכצופירען רעפאָרמעס אין לאַנד, האָט זיך געפאָדערט מעסיגקייט און שפּאָרזאַמקייט; יהויקים האָט אָבער געזאָרגט נאָר וועגען בנינים פון נייע פּאַלאַצען און האָט צוליב דעם בענוצט, אויפן שטייגער פון אַנדערע מלכים, געזעלשאַפטליכע צוואַנגס־אַרבייט, בעת דאָס געזעץ פון יהוה זאָגט: „האַלט ניט אַיין דעם געצאָלט פון געדונגענעם אַרבייטער“. און ירמיהו האָט אויסגעשריען ביי די טויערען פון פּאַלאַץ: „וועה איז דעם, וואָס בויט הייזער מיט אומגעזעצליכקייט און צווינגט אַרבייטען דעם אָרעמען אָהן געצאָהלט. האָט דען דער גורל דיך געמאַכט, כדי דו זאָלסט זיך גרויסען מיט דיין צעדער־פּאַלאַץ? דיין פאָטער האָט אויך געגעסען און געטרונקען, אָבער ער האָט אַלטונג געגעבען אויף דער גערעכטיגקייט און רחמנות — און איהם איז גוט געווען! ער האָט בעשיצט די דערנידעריגטע און אונפאַרמעגליכע, און איהם איז גוט געווען! און דערפאַר זאָגט יהוה אַזוי וועגען יהויקים'ען, דעם זוהן פון יאשיהו: מען וועט איהם ניט בעוויינען מיט די ווערטער: „אַך, מיין ברודער, אַך, שוועסטער! און מען וועט איהם נאָכזאָגען: וועה, דעם געוועלטיגער! וועה, זיין גלאַנץ! נאָר ער וועט בעגראָבען ווערען, ווי אַן אייזעל, ארויסגעשלעפּט און אַוועקגעוואָרפען ווערען הינטער דער שטאָט, ווייט הינטער די מויערן פון ירושלים (כ"ב, 13—19).

און דער נביא דערקלערט דער קיניגליכער דינאַסטיע אָט די לעצטע התראה יהוה'ס:

„הי, קיניג פון יהודה, וואָס דו זיצסט אויף דוד'ס טרון, דו און דיינע דינער, וואָס קומען צו די טירען, הערט זיך צו, אַזוי האָט געזאָגט יהוה: בעגעהט זיך עהרליך און מיט רחמנות, ראַטעוועט דעם בערויבטן פון אונטער דעם דריקערס הענט, ניט בעליידיגט, ניט דריקט דעם אויסלענדער, דעם יתום, און די אלמנה, פאַרגיסט ניט קיין אומשולדיג בלוט. אויב איהר וועט זיך פיהרען לויט די דאָזיגע ווערטער, וועלען אַריינגעהן אין די טויערן פון אָט דעם פּאַלאַץ מלכים, וואָס וועלען זיצען אויפן טרון פון דוד און וועלען פאָהרן אויף פערד און רייטוועגען, און אַלע דינער און דאָס פאָלק וועלען אַהערצו אַריינגעהן. נאָר אויב איהר וועט ניט וועלען הערען אָט די ווערטער, שווער איך מיט מיין נאָמען, — זאָגט יהוה, — וועט דער פּאַלאַץ פאַרוויסט ווערען. איך האָב שוין בעשטימט פאַר דיר צעשטערער, און זיי וועלען אויסהאַקען דיינע בעסטע צעדער־בוימער און וועלען זיי וואַרפען אין פייער אַריין“. (כ"ב 2 — 7).

„געהט זי דורך איבער די גאַסען פון ירושלים, זוכט אויף איהרע פּלעצער: אויב איהר וועט דאָרטען געפינען אפילו איין מענשען, וואָס זאָל טון גוטס, זוכען אמת, וועל איך זיי פאַרגעבען די זינד. נאָר הגם זיי זאָגען: „איך שווער בא יהוה“, שווערען זיי פאַלש. די קלעפּ, וואָס זיי בעקומען פון יהוה, פאַררידערן ניט זייערע געפיהלען“. געוועהנליכע מענשען זינדיגען אַמאָל,

זאָגט דער נביא, פון אומויסעניהייט, ווייל עס זיינען זיי אומבעקאַנט די וועגן פון גאָט. לאָז, איך וועל גיהן צו די הערשער, וועלכע זיינען געלערנט; אָבער די הערשער זיינען פיל ערגער נאָך זייער גראָבקייט און צעלאָזענקייט. יהוה האָט זיי אָנגעזעטיגט, און זיי לויפען אין די שאַנד־הייזער; זיי, די זאַטע און בעל־תאוה׳דיגע פערדלעך (ה׳, 1—8).

זיי רעכענען פון אַלץ אויסצוקויפען זיך דורך קרבנות. צי דען האָט גאָט קרבנות פאַרלאַנגט פון זייערע עלטערן, ווען ער האָט זיי אַרויסגעפיהרט פון מצרים? (ז׳, 22). ווען זיי געהען אין בית־המקדש אַריין, טראַכטען זיי: מיר זיינען בעשיצט. „נאָר צי איז דען אַ הייל פון מערדער מיין טעמפעל, מיט וועלכען איך האָב פאַרבונדען מיין נאָמען? וואָס דען, זאָלען זיי געהן קיין שילה *) און זאָלען זיי זעהן, וואָס גאָט האָט געמאַכט מיט דעם ישראל׳שען היילינטום: ער וועט זיך בעגעהן מיט יהודה, ווי ער האָט זיך בעגאַנגען מיט ישראל׳ן, און — מיטן בית־המקדש אין ירושלים, ווי מיטן היילינטום אין שילה״. (ז׳, 10—14).

ירמיהו׳ס נבואה וועגן דער נאָ־הענטער מפלה פון ירושלים.

מיט יעדען טאָג וועהטאָגט אַלץ מעהר אָן די וואונד, דער יאוש און צאָרן וואַקסען זיך פונאַנדער. און אין דער צייט וואַרפט יהויקים, אויפגעהעצט דורך דעם שוואַכען מצרים, זיין אַרויסרוף בבל. דאָס איז געווען דער טויט־אורטייל פאַר דער מלוכה פון יהודה, דאַן וועלען ירמיהו׳ס רייד צו איין גרויסע לויה־ליד. יהודה׳ס וואונד קאָן מעהר ניט אויסגעהיילט ווערען; עס איז ניטאָ שוין מעהר קיין באַלזאַם און גלעד; לאָזען די מוטערס לערנען זייערע טעכטער לויה־לידער; ווייל דער טויט וועט אַריין דורך די פענסטער, וועט אַרומכאַפּען די פּאַלאַצען, וועט טרעפען די קינדער אויף די גאַסען און די בחרים אויף די פּלעצער. די פּאָראויסזאָגונגען וועגן דער אָנקומענדיגער צעפאַלונג, צעשטערונג און פאַרטרייבונג, וועלכער האָבען אָנגעפילט אַלע רעדעס פון די נביאים און זיינען געשטאַנען אין משך פון צוויי הונדערט יאָהר פאַר די אויגען פון פאַרבלאָנדזשעטען פאָלק, האָבען לסוף אָנגעהויבען ווערען אַ שרעקליכע נאָהענטע ווירקליכקייט. און דער בלינדער קיניג אַליין האָט אויך אָנגעצויגען דעם גאַנצען שטורעם פון דער קאַטאַסטראָפע.

„איהר האָט ניט געהערט די ווערטער מיינע; אָט וועל איך צונויפטרייבען אַלע פעלקער פון צפון; מיט זיי גלייך נבוכדנצר, דער קיניג פון בבל, מיין קנעכט; און איך וועל זיי פיהרען געגען דעם לאַנד און זיינע איינוואוינער. ...און איך וועל פאַרשטערען צווישען אייך די אויסגעשרייען פון פרייד און לוסטיגקייט, די הוליענדיגע קולות פון התן־כלה,, דעם גערויש פון די מיהלען און דעם שיין פון די פאַקעלן״. (כ״ה, 8—10).

אַזוי איז דער נביא געגאַנגען יעדען טאָג צו די טויערען פון בית־המקדש און פון פּאַלאַץ און פאָראויסגעזאָגט די אונאויסמיידליכע קאַטאַסטראָפע, וועלכע, ווי עס האָט איהם זיך פאָרגעשטעלט, איז שוין אָנגעקומען, און וועלכע ער האָט ווי אָנגעשיקט דורך זיינע פלאַמענדיגע פאָראויסזאָגונגען. דעם נביא

*) אַן אַלטער ישראַלישער היילינטום (שמואל א. א, 3).

איז ניט איין מאָל אויסגעקומען צו איבערטראָגן דעם צאָרן און די צערייצטקייט פון פאָלק, וואָס איז געווען אויפגעבראַכט קעגן זיינע שלעכטע נבֿואות. זיינען ווערטער האָבן בעזונדערס אַרויסגערופן אַ צערייצונג צווישן די סאָלדאַטען און פאַלשע נבֿיאים, וואָס האָבן זיך געיאָגט נאָך אַ וואָלוועלער הצלחה און האָבן זיך לוסטיג געמאַכט איבערן פאָלק, פאָראויסזאָגנדיג איהם אוממעגליכע נצחונות. נאָר גאָט האָט ירמיהו'ן אויפגעשטעלט, ווי „אַן אייזערנעם שטאַנג", ווי „אַ קופּערנע וואַנט", אַנטקעגן יהודה, אַנטקעגען זיינע מלכים, כהנים און המון. מיטגעטענווייז הויבט דער נבֿיא אמת אָן מאַטערן זיך און ליידען איבער דער אכזריות'דיגקייט פון זיין ראָלע און די בעליידיגונגען, וועלכע מען וואַרפט איהם אין פּנים אַריין. „וועה איז מיר, מוטער מיינע, וואָס דו האָסט מיך געבוירען פאַר „אַ מענש פון קריג, וואָס דאַרף מיט אַלעמען שטרייטען, וואָס אַלע שילטען איהם" (ט"ו, 10). ער וואָלט וועלען שווייגען, אַנטלויפען פאַרן קול פון זיין געוויסען און פּטור ווערען פון דער שווערער געטליכער שליחות. אָבער יהוה ציהט איהם מיט געוואַלד אַריין אין דער אַרענע פון שטרייט. דער נבֿיא איז ביין אַלעמען צו שפּאָט און צו שאַנד. מען בעטראַכט איהם, ווי דעם טרעגער פון אומה און פּורעניות, ווייל יעדעס מאָל, ווען ער הויבט אויף זיין קול, קומט איהם אויס צו שרייען וועגען אומגערעכטיגקייט און עולות, אָנצווייזען אויף דער שרעקליכער סכנה, און דאָס געטליכע וואָרט פאַרשאַפט איהם שאַנד און בעליידיגונג. „וויפיל מאָל האָב איך צו זיך געזאָגט: איך וועל מעהר ניט רעדען וועגען איהם, וועל מעהר ניט רעדען אין זיין נאָמען; נאָר אין מיין האַרצען איז געווען אַזוי, גלייך ווי אַ פייער וואָלט אין מיינע ביינער געפלאַקערט, און איך האָב זיך אויסגעמאַטערט, איינהאַלטענדיג אין זיך אינעווייניג אָט דעם פייער, אָבער דאָס איז ניט מעהר אין מיינע כחות". (כ', 9).

ירושלים איז אַיינגענומען געוואָרען צום ערשטען מאָל אין יאָהר 597. די פאָרשטעהער פון די העכערע קלאַסען זיינען אָוועקגעפיהרט געוואָרען קיין בבֿל, דעם אומגליקליכען יונגען קעניג יהויכין איז אויסגעקומען אויסצוקויפען דורך זיין גלות-לעבען די אומזיניגע מעשים פון זיין פאָטער. „איך שווער ביי מיין עקסיסטענץ, זאָגט יהוה, אַז יהויכין, דער זוהן פון יהויקים, דער קעניג פון יהודה, וואָלט געווען אפילו אַ שטעמפּעל אויף מיין רעכטער האַנט, וואָלט איך איהם פון דאָרטען אייך אַרויסגעריסען. און איך וועל פאַרוואַרפען דיך און דיין מוטער, וואָס האָט דיך געבוירען, אין אַ פרעמדען לאַנד אַריין, וואָס איהר זייט דאָרט ניט געבוירען, און איהר וועט דאָרטען שטאַרבען. זיי העלען זיך ניט אומקעהרען אין לאַנד אַריין, וואוהין עס ציהט זיך זייער נשמה" (כ"ב, 24—27). פאַרוואָס דען איז דער קעניג און זיין פאַמיליע פאַרוואָרפען געוואָרען אין אַ פרעמדען לאַנד? דערפאַר, וואָס די פאַסטוכער פון געטליכען פאָלק האָבן געלאָזען זייער שאָף פאַרלירען זיך און פאַרפיהרט ווערען... נאָר גאָט וועט אויפקלייבען זיינע פאַרבלאָנדזשעטע שעפּעלעך און ער וועט זיי געבען פאַסטוכער, וועלכע וועלען זיי פיהרען אַזוי, אַז קיין איינציג שעפּסעלע וועט מעהר ניט פאַרלאָרען געהן (כ"ג, 1—4).

ירושלים ווערט איינגענומען דאָס ערשטע מאָל.

צדקיהו'ס מלוכה

אין דער אמת'ן האָט זיך אָנגעהויבּן אַ נייַע רעגירונג. עס איז פאָרגע־
שטאַנען עפּעס נייַעס, און בּמילא איז די האָפענונג ניט אינגאַנצן פאַרלאָרען
געגאַנגען. דער נייַער קיניג צדקיהו, דער זוהן יאשיהו'ס, איז געווען אַ מענש
אַ כאַראַקטער־שוואַכער, נאָר מיט אַ גוטן ווילן. איינע פון זיינע ערשטע מעשׂים
האָט אַפילו געגעבּן האָפענונג, אַז אין איהם האָט אָפּגעלעבּט דער גייסט
פון זייַן גרויסן פאָטער, אַז די פּאָליטיק פון רעפאָרמען וועט זיך ווייַטער אָנ־
הויבּען, און אַז די תורה פון די נביאים וועט ווייַטער ווערן די וועג־ווייַזערין
פאַר דער מלוכה. לויט'ן געזעץ, האָט יעדער יודישער קנעכט בּעקומען די
פולקומענע פרייַהייט, נאָך דעם, ווי ער האָט אָבּגעדיענט זייַנע זעקס יאָהר.
צדקיהו האָט צונויפגערופען אַלע שׂרים און בּעלי־בּתּים פון קנעכט — און האָט
זיי געצוואונגען צו בּעפרייַען זייערע קנעכט. נאָך גלייַך אויפן צווייטן טאָג
האָבּען זיי חרטה געקראָגען אויף זייערע מענשליכע מעשׂים, וואָס זיי האָבּען
געטאָן אונטער דער ווירקונג פון אַן אויסערגעווייניגסטען כּח. דעם בּעפעהל וועגען
בּעפרייַונג האָט מען מבטל געווען, און די בּעפרייַטע שקלאַפען האָבּען זיך
ווייַטער אומגעקעהרט צו זייער פריהערדיגען מצב. אָט דער צופאַל האָט העל
בּעלויכטען די טיפע ירידה פון דער דעמאָלטיגער געזעלשאַפט, וואָס פאַר
איהר איז שוין ניט געווען מעהר קיין רעטונג. דאָס האָט אַרויסגערופען פון
ירמיהו'ס בּרוסט דעם אויסגעשריי פון אימה, וועלכער האָט חורבּגעהילכט, ווי
דער גזר־דין פון געטליכער גערעכטיגקייט: איהר האָט אייערע בּרידער אומ־
געקעהרט צו דער קנעכטשאַפט; איהר האָט זיך אָפּגעזאָגט צו אָנערקענען
זייער פרייַהייט! און אָט איך שווער בּיי יהוה: איך גיב די פרייַהייט אנטקעגען
אייך דעם שווערד, דער מגפה און דעם הונגער (ל"ד, 8—17).

צדקיהו'ס פּאָ־
ליטיק און
ירמיהו'ס אַרויס־
טריט אנטקעגן
איר.

צדקיהו איז פון זייַן זייַט אַרייַנגעפאַלען אין אַ נעץ דורך דעם, וואָס ער
האָט זיך פאַראייניגט מיט מצרים. אין אַ קורצער צייַט אַרום האָבּען די בּבלישע
חילות ווייַטער צעשפּרייט זייערע לאַגערן אונטער ירושלים. דאָס מאָל האָט
מען שוין ניט געקאָנט וואַרטען אויף שיצונג מצד דעם קיניג פון בּבל.
מצרים האָט פאַרלאָזען יהודה אין דעם אויגענבּליק פון סכּנה. און ירמיהו נעמט
זיך ווייַטער מיט אַ שרעקליכען כּח'ן פאָראויסצוזאָגען די מפּלה פון לאַנד.
מען רעדט איהם צו, ער זאָל זיך ווענדען צו יהוה און בּעטען איהם, אַז
ער זאָל דאָס מאָל זייַן פאָלק ווייַזען וואונדער, וועלכע זייַנען פריהער געשעהן
אַזוי אָפט. אַמאָל האָט בּלעם, וואָס מען האָט איהם גערופען שילטען ישׂראל,
זיי געבּענשט; ירמיהו, וועלכער איז איצט געשיקט געוואָרען צו בּענשען,
קאָן נאָר שילטען. יהוה — האָט ער פאָראויסגעזאָגט — וועט ערשייַנען, כּדי צו
צעשטערען די מלוכה פון יהודה. ער וועט שיקען אַ פּעסט אויף די מענשען
און חיות, וועט איבּערגעבּען דעם קיניג, די קריגס־האַרען און דאָס פאָלק
נבוכדנצר'ען, כּדי ער זאָל זיי פאַרלענדען אָהן חסד, אָהן רחמנות. צדקיהו
רופט בּסוד דעם נביא און פרעגט בּיי איהם: „קענסטו מיר וואָס מודיע זייַן אין
יהוה'ס נאָמען?!—יאָ, אַז דו וועסט איבּערגעבּען ווערען אין די הענט פון
בּבלישען קיניג. און בּאַלד נאָך דער פאָראויסזאָגונג ווענדט זיך דער נביא צום
קיניג מיט אַ פאָרוואורף און פרעגט איהם: וואו זייַנען איצט יענע נביאים, וועלכע

האָבן איהם פֿאַרפֿיהרט און געזאָגט, אַז נבוכדנצר וועט מעהר ניט בעלאַגערן ירושלים. בשעת מען האָט דעם נביא אַריינגעזעצט אין תפיסה, הערט ער ניט אויף צו רעדן פֿאַרן פֿאָלק, וואָס קלייבט זיך אויף איהם צו הערן. „דער, וואָס וועט בלייבן אין אָט דער שטאָט, וועט פֿאַלן פֿון שווערד, פֿון הונגער אָדער פּעסט; דער, וואָס וועט זיך איבערגעבן די כשׂדים, וועט ראַטעווען זיין לעבן". די פֿיהרער פֿון חיל פֿאָדערן פֿון קיניג, ער זאָל הייסן טויטן ירמיהו'ן, וויל מיט זיינע רייד „שוואַכט ער אָב די הענט פֿון די קריגס־לייט און פֿון פֿאָלק". דעם נביא זעצט מען אַריין אין אַ גרוב, וואו ער זיצט ביזן גאַרטל פֿאַרזונקען אין קויט. אָבער ווען מען נעמט איהם אַרויס פֿון דאָרטן, קאָן מען ביי איהם זיך ניט דערשלאָגן קיין אַנדערע ווערטער, ווי: „ירושלים זאָל זיך אונטערגעבן, אָדער זי וועט צעשטערט ווערן". (קאַפּיטעל ל"ח).

קיינמאָל האָט אַ פֿאָלקס־רעדנער ניט גערופֿן מיט אַזאַ העלדישקייט און אין אַזאַ שענער שפּראַך צום קאַמף ביזן לעצטן טראָפּן בלוט, ווי ירמיהו האָט גערופֿן צום אונטערגעבן זיך, צום אָבזאָגן זיך פֿון דאָס, וואָס עס האָט זיך גערעכנט פֿאַרן נאַציאָנאַלן כבוד. לויט די היינטיגע געזעצן און השׂגות איז ירמיהו געווען אַ בוגד, און פֿאַר אַזאַ האָבן איהם אין דער אמת'ן אויך געהאַלטן די לעצטע פֿיהרער פֿון ירושלימער חיל. די מערקווירדיגע גרויסקייט פֿון נביא בעשטעהט אָבער הערין, וואָס אָט „דער פֿאַרעטער פֿון פֿאָטערלאַנד" איז געווען דער גרעסטער פּאַטריאָט, און קיינער האָט ניט געטראָגן אַזוי אין זיך דעם צער פֿון פֿאָלקס־אומגליק אַזוי ווי ער.

די כאראקטע־ריסטיק פֿון ירמיהו'ן.

ירמיהו איז ניט געווען קיין הייליגער, קיין פֿאַנאַטיקער, וואָס פֿאַרוואַרפֿט די ערדישע מלוכה אין נאָמען פֿון דער הימעלשער, גלייך ווי אַלע נביאים, וואָס פֿאַר איהם, טראַכט ער וועגן אַן ערדישער מלוכה, וועגן אַ נאַציאָנאַלער יודישער מלוכה, מיט אַ נאַציאָנאַלער הויפּטשטאָט — ירושלים, מיט אַ נאַציאָנאַלע מלכים־פֿאַמיליע — דער פֿאַמיליע פֿון דוד, אָבער מיט אַ קאָרעקס פֿון גערעכטיגקייט, ערהזאַמקייט און זיטליכקייט, וואָס איז געגעבן דורך יהוה. די דעמאָלטיגע ווייטבליקענדיגע דענקער האָבן קלאָר געזעהן, וויפֿיל אומזיניגקייט שטעקט אין דעם שטרעבן פֿון דער קליינער יודישער מלוכה צו שפּילן די ראָלע פֿון אַ בעהערשערין צווישן די מעכטיגע קריגס־מאָנאַרכיעס פֿון אַזיען און אַפֿריקע. ישׂראל איז ניט געווען צוגעפּאַסט צו דעם, אַז ער זאָל קאָנען אין משך פֿון עטליכע יאָהרהונדערטער דורכגעהן בשלום דעם בלוטיגען וועג פֿון געוואַלד און צופֿאַלן, צו פֿיהרן אינטריגעס אַמאָל מיט איין מלוכה, אַמאָל מיט דער צווייטער און לעבן אַזוי ווי אַלע אַרומיגע פֿעלקער, אַמאָל פֿאַרשלינגענדיג די שכנים, אַמאָל ווערענדיג פֿאַרשלונגען דורך זיי. זיינע מלכים און פֿיהרער האָבן געקאָנט שטרעבן צו אַזאַ ראָלע, זיי האָבן אָבער דערצו ניט געהאַט קיין נענוג שטאַרקע נעגעל. דער נביא פֿון זייט האָט געטראַכט וועגן אַ גאַנץ אַנדער היסטאָרישער ראָלע פֿאַר ישׂראל'ן: דאָס פֿאָלק האָט געדאַרפֿט אויפֿהייבן הויך צווישן אַנדערע פֿעלקער די פֿאָהן פֿון אייביגער געזעצליכקייט. „איך האָב אייך אַוועקגעשטעלט ווי אַ ליכט צווישן די פֿעלקער".

און אין יענעם איגענבליק, ווען דער חלום האָט געדאַרפט ווערען אַ וואָר, אין דעם אויגענבליק, ווען דאָס געזעץ איז איינגעשטעלט געוואָרען דורך דעם קיניג יאשיהו, — אין דעם איגענבליק האָבען די צעטומעלטע פּאָליטיקער און אינ־טריגאַנטען אַריינגעוואָרפען ישראל׳ן אין תהום פון צווייעמדיגער ירידה — פון מאַטעריעלער און גייסטיגער. צוליב דעם פאַרגעניגען, וואָס עס האָט זיי גע־בראַכט די שפּיל אין דיפּלאָמאַטיע, האָבען זיי מקריב געווען דעם איצטיגען קיום פון פאָלק און זיינע גייסטיגע איבּגאַבען. ירמיהו האָט זיך געקאָנט געפינען דעם טויט אויף די מויערן פון די בעלעגערטע פעסטונגען, אָדער ער האָט געקאָנט, פאַרדריקט אין האַרצען דעם יאוש און איבערצייגט, אַז ער האָט זיך ניט וואָס צו פרעהען איבער דער מפּלה פון פאָלק, — שטיל קוקען פון דער ווייטען אויפן חורבן פון ירושלים. נאָר ישראל וואָלט דאַן ניט העדען די מעכטיגע ווערטער, וועלכע תּפען אידם צו בעפרייאונג און וועלכע האָבען אידם געדינט פאַר אַ טרייסט אין משך פון 25 יאָהרהונדערטער. ירמיהו האָט אַריסגעוויזען אַן אומגעוועהנליכע העלדישקייט, קעמפענדיג קעגען דעם זיך אַליין פאַרלייקענדיגען פּאָטערלאַנד פון היינט אין נאָמען פון יענעם פּאָטערלאַנד פון דער צוקונפט, וואָס האָט געלעבט נאָר אין זיין געדאַנק און אין געדאַנק פון זיינע עטליכע תלמידים. ער האָט געהאַלטען פאַר גליכער — און דאָס האָט ער שטענדיג געזאָגט אָפען — אַז דאָס פאָלק זאָל זיך באַלד אונטערגעבען בבל, ווייל דאַן וואָלט ניט פאַרלאָרען געגאַנגען דער אינעווייניגסטער סדר פון דער מלוכה, און די קינפטיגע רעפאָרם וואָלט געפונען איהר יסוד אין בית־המקדש און אין די פּאָליטישע טראַדיציעס. נאָך אַזוי ווי די ראיות פון קלאָרען געדאַנק האָבען איצט ניט געהאַט קיין ממשות, איז איסגעקומען דעם נביא נאָר אויס־צוהאַרטען, ביז עס וועט געשעהן דאָס, וואָס מוז געשעהן. אַמעדר פולע און ליכטיגע צוקונפט האָט געמוזט צוגעגרייט ווערען דורך דעם חורבן פון דער געגענוואַרט; עס האָט געמוזט געשאַפען ווערען אַן אַנדער פּאָטערלאַנד — אויף יענער זייט פון דער מפּלה.

ירמיהו׳ס קוק אויף ישראל׳ס צוקונפט.

נאָך דעם, ווען אַ טייל פון פאָלק איז פאַרטריבען געוואָרען בשעת דער רעגירונג־צייט פון יהויכין, האָט זיך ירמיהו איבערצייגט, אַז די נבואה קאָן לאָזען איהרע וואָרצלען אין ארץ ישראל נאָר, בשעת דאָס פאָלק וועט זיך אָבּרייסען פון זיין לאַנד. די ערשטע פאַרטריבענע האָט געמאַטערט דער געדאַנק וועגען דער אומענדליכקייט פון גלות. זיי האָבען געחלומט וועגען דעם פרעה־ליכען אומקעהר צו זייערע ברידער, און די נביאים־פּאַטריאָטען האָבען זיי פאָר־אויסגעזאָגט, אַז עס וועט געשעהן אַ פּלוצלונגדיגער וואונדער, וואָס וועט זיי בעפרייען. צוויי פון די נביאים, אחאב און צדקיהו, זיינען אַריינגעוואָרפען גע־וואָרען, לויט דעם בעפעהל פון נבוכדנצר, אין ברענענדיגען פייער אַריין. נאָר ירמיהו האָט מיט זיין אומבּרהמנות׳דיגער און שאַרפער פאָראויסזעהונג מבטל גע־מאַכט די בערוהיגענדיגע חלומות מיט מעהר ערפאָלג, איידער די דינער פון בבלישען קיניג. זיינע בריף זיינען איבערגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט צווישען די פאַרטריבענע און האָבען צעשטערט זייער האָפענונג אויף אומצוקעהרען זיך אין זייער היים־לאַנד. זיי האָבען געווירקט אויפן פאָלק, עס זאָל זיך בעי־

רוהיגען און זיך צופרידען שטעלען מיט גלות-לעבען, איינלעבען זיך דאָרטען פעסט, בויען הייזער, פלאַנצען ווייַנגערטנער, פיהרען אַ פאַמיליען-לעבען און ניט לאָזען זיך פאַרפיהרען דורך די טרייסט-ווערטער פון די פאַלשע נביאים. דער גאַנג פון דער געשיכטע האָט זיך פאָרגעשטעלט פאַרן נביא גאַנץ קלאָר. אַ גאַנצער תהום, לאַנג ווי אַ מענשען-לעבען, האָט געדאַרפט אָפּטיילען די צום אונטערגאַנג פאַרמשפּטע נאַציע פון דער צוקונפט-נאַציע. אין 70 יאָהר אַרום וועט גאָט, וועלכער בלייַבט שטענדיג געטרייַ זייַנע הבטחות, אומקעהרען דאָס פאָלק אין זייַן אייגען לאַנד אַריַין. מען האָט געדאַרפט, ווי פאַרצייַטען בשעת'ן אַרויסגאַנג פון מצרים, אַז קיינער פון דעם דור, וואָס איז פאַרזונקען אין זינד, זאָל ניט קומען צוריק אין געבענשטען לאַנד אַריַין. כדי אויסצובילדען אַ נייַ און איינהייַטליך פאָלק, וואָס לעבט אין גייַסט פון יהוה און זייַנע נביאים, איז געווען נייטיג אַ נייַער דור, וועלכער זאָל ווערען אויפגעצויגען אינגאַנצען אויף דער תורה פון די נביאים, ווייַט פון דער שעדליכער ווירקונג פון די אַלטע פאַרטייען, ווייַט פון הערשאַפט-תאוה און די פריהערדיגע פאָליטישע פיהרונגען. דאַן וועט רחל, וועלכע בעוויינט אין רמה איהרע פאַרלאָרענע קינדער, אויפהערען צו פאַרגיסען איהרע טרעהרען און וועט זיך טרייסטען (ל"א, 14—15). יהוה וועט אומקעהרען איהרע קינדער פון אַלע לענדער, וואוהין ער האָט זיי צעזייהט אין דיג'טעג פון זייַן צאָרן, און וועט זיי ברענגען צופיהרען אין דעם אייגענעם לאַנד אַריַין, און ער וועט שליסען אַ בונד מיט די קינדער פון ישראל און יהודה, נאָר ניט אַזאַ, ווי ער האָט געשלאָסען מיט זייערע עלטערען בשעת'ן אַרויסגאַנג פון מצרים; יענעם בונד האָבען זיי גיך צעשטערט. נייַן, ער וועט אַריַינלעגען די תורה אין זייערע נשמות, ער וועט זי פאַרשרייַבען אויף זייערע הערצער, און ער וועט זייַן זייער גאָט, און זיי וועלען זייַן זייַן פאָלק. ירושלים וועט אויף דאָס נייַ אויפגעבויט ווערען און וועט מעהר ניט צעשטערט ווערען" (ל"ב, 37—39).

אין דעמזעלביגען יאָהר, ווען עס זייַנען גערעדט געוואָרען די אַלע רעדעס, איז ירושלים און דער בית-המקדש פאַרברענט געוואָרען. דעם קעניג צדקיהו האָט מען אין נבוכדנצרס געגענוואַרט אויסגעשטאָכען די אויגען, נאָכדעם, ווי ער האָט געזעהן, ווי מען האָט אויסגעפיהרט די טויט-שטראָף איבער זייַנע זיהן. נייע מתנות פאַרטריבענע האָבען זיך געצויגען איבערן מדבר קיין בבל אַריַין.

צווישען די, וואָס זייַנען פאַרטריבען געוואָרען קיין בבל אין דער צייט פון יהויכין, האָט זיך געפונען אַ מאַן, וואָס איז אויסגעוואַקסען און האָט זיך אויפגעצויגען אין דער שולע פון ירמיהו — דאָס איז געווען יחזקאל. ער איז געווען גלייַך ווי ירמיהו, אַ כהן, און גאַנצען דורכגעדרונגען מיט די אידעען פון די כהנים. פאַר די אידעען האָט ער זיך געהאַלטען ניט איבער וואָסערע עס איז קליינליכע קאַסטען פניות און פאָראורטיילען, נאָר דערפאַר, ווייל נאָך דעם חורבן פון דער מלוכה, ווען דער פאַקטישער צענטער פון געזעלשאַפטליכען לעבען איז צעשטערט געוואָרען, האָט מען געדאַרפט געפינען אַ וואָסער עס איז נייעם צייכען פון איינונג, וועלכער האָט געדאַרפט דינען פאַר אַן אויס-

יחזקאל, זיין קוק אויף דער באַדייטונג פון גאָטעס-דינסט.

דרוק, פאַר אַ סימבאָל פון דער קומענדיגער נאַציע. אַזוי ווי עס האָט זיך ניט אײַנגעגעבן צו שאַפען אַ אידעאַלע נאַציע אויפן וועג פון אַ מלוכה־רעפאָרם, האָט מען זי געדאַרפט פרובען שאַפען דורך דער פאַרשטאַרקונג און פאַרטיפונג פון גאָטעסדינסט. די ענטוויקלונג פון די פאָלקס־טראַדיציעס איז בכלל געוואָרען אַ לעבענס־נויטיגקייט נאָך דעם חורבן פון פּאָליטישן סדר.

**פאָרם פון זיין נבואה.**

לויט דער פאָרם פון זיין נבואה צייכענט זיך יחזקאל אויס פון די איבעריגע נביאים דורך דעם, וואָס ער האָט דערפירט ביז צו דער העכסטער מדרגה דעם געברויך פון פאַנטאַסטישע בילדער און סימבאָלען, וואָס קומען שוין פאָר אויך ביי די פריהערדיגע נביאים. ער האָט איבערגענומען פיל שרייענדיגע, נעפעלדיגע בילדער פון דער משונהדיגער, פאַנטאַסטישער וועלט פון דער בבלישער קולטור און קונסט. יחזקאל איז דער פאָרגעהער פון די בעלי־קבלה. ער האָט דער ערשטער אָנגעפילט דעם אַפּאָקאַליפּטישען *) בוך, וועלכער איז פון איהם איבערגעגאַנגען דערנאָך צו דניאלן, צו חנוכ'ען, צו יוהנן פון פּאַטמאָס. נאָר פון אונטער דעם צודעק פון די סודות־פולע און ווייניג־פאַרשטענדליכע סימבאָלען ענטוויקעלט זיך זיין געדאַנק מיט אַזאַ קלאָרקייט און לאָגיק, וואָס מיר טרעפען זעלטען ביי אַן אַנדער נביא.

**יחזקאל'ס ערשטע ארויסטרעטונגען.**

כל זמן ירושלים עקסיסטירט נאָך, כל זמן עס ציהט זיך נאָך די מלחמה צווישען יהודה און בבל און אין יהודה גופא הערט נאָך ניט אויף די מלחמה צווישען די צוויי וועלטען, — דער אַלטער, פוסטער, אין גשמיות'דיגער, וואָס וויל ניט שטאַרבען, און דער נייער, וואָס איז דורכגעדרונגען מיט אַ געטליכען גייסט און וואָס שטרעבט אַראָבצוטרייסלען פון זיך, פון איהר לעבעדיגען אָרגאַניזם דעם טויטען קערפּער, — די גאַנצע צייט הערען זיך יחזקאלס ווערטער ווי אַ בת קול פון ירמיהו'ס נבואות. ער זעהט, ווי יהוה'ס שווערד איז אַרויסגענומען פון זיין שייד און אויסגעשטרעקט אַנטקעגען די אומגערעכטע און שלעכטע אויפן שטח פון צפון ביז הדרום. אומזיסט גלויבט ירושלים די אומזיניגע נביאים, וועלכע נאַרען זי אָב, אָט די לעמפּערטען, וואָס ברומען צווישען די חורבות (י"ג, 3—4). „ווען מען וועט ביי דיר פרעגען: וועגען וואָס זיפצסטו?" ענטפער: וועגען אַ בשורה, וואָס וועט באַלד אָנקומען און צעברעכען די הערצער, אָבשוואַכען די הענט, טעמפּ מאַכען די מוחות און אונטערברעכען די קניה. דער שווערד איז אָנגעשאַרפט פאַר דער הריגה און קילערייַ, ער איז אָנגעשליפט און גלענצט ווי אַ בליץ; ער איז אָנגעשאַרפט און אָנגעשליפט, כדי איבערגעגעבען צו ווערען דעם פאַרדאַרבער. אויף מיין פאָלק איז ער געשיקט געוואָרען, אויף ישראלס ברידער. ווייל יהודה איז אַן אומרייניגער מעטאַל,

---

*) אפאָקאַליפּסען אָדער אנטפּלעקונגען ווערען אָנגערופען יודישע און קריסטליכע שריפטען צום טייל קאַנאָניזירטע, צום טייל ניט קאַנאָניזירטע, וואו עס ווערט אין סודות־פולע פאַנטאַסטישע בילדער געשילדערט די געגנוואַרט און אויך די צוקונפט פון יודישען פאָלק און אויך פון דער גאַנצער מענשהייט. אייניגע פון די שריפטען פאַרנעמען זיך צום טייל אויך מיט פראַגען פון אלגעמיינער וועלט־אָנשויאונג און מאָראַל.

וואָס יהוה קליבט צונויף אין ירושלים, ווי אין אַ שמעלץ־אויוון, כּדי צו צעשמעלצן איהם אין פֿלאַם פֿון צאָרן" (כ"א, 12—17 ; כ"ב, 19—21).

צולעצט קומט אָן די לאַנג פֿאָראויסגעזאָגטע שרעקליכע בשורה. ירושלים איז געוואָרען אַ חורבה. דאָ שטילט זיך מיט אַמאָל אַיין דער גאַנצער צאָרן יחזקאלס: ווייל יעס איז אָנגעקומען די שעה, ווען מען דאַרף זיך נעמען פֿאַר דער צוגרייטונגס־אַרבייט — צו שאַפֿען די קומענדיגע מלוכה. יהוה האָט געוואָלט פֿאַרטיליגען ניט זיינע אַלע שאָף, נאָר די שלעכטע פּאַסטוכער, וואָס האָבען געזאָרגט ניט וועגען דעם, ווי צו פּאַשען זייערע שעפּסעלעך, נאָר וועגען דעם, ווי זיך אַליין בּעסער צו פּאַשען (קאַפּיטעל ל"ד).

דערפֿאַר האָט יהוה צוגענומען זיין שאָף ביי די שלעכטע פּאַסטוכער און ער וועט זיי אַליין פּיטערן. אין טאָג פֿון גרויסען שטורעם וועט ער אויפֿקלייבען די צעזייטע שאָף פֿון אַלע לענדער און וועט זיי פּיטערן אויף די בערגלעך פֿון ישראל אונטער דער פֿיהרונג פֿון די קינדער פֿון די פֿריהערדיגע פֿאָלקס־פֿיהרער. „דאַן וועל איך בעשטימען איבער זיי איין פּאַסטוך, וועלכער וועט זיי פֿיהרען: צום קנעכט מיינעם, דוד. און איך, יהוה, וועל זיין זייער גאָט, און מיין קנעכט דוד וועט זיין ביי זיי דער עלטסטער". (ל"ד, 23—24).

אין דער צייט פֿון דער צווישען־רעגירונג האָט דער נביא געדינט דעם פֿאָלק אויפֿן אָרט פֿון קיניג. זיין חוב איז געווען צו זאָרגען וועגען דער נשמה פֿון פֿאָלק, ווייל גאָט האָט איהם בעשטימט פֿאַר אַ פֿאַראַנטוואָרטליכען שומר פֿון פֿאָלק, ווייל אַ מענש, וועלכער פֿיהלט אין זיך די געטליכע אַנט־פּלעקונג און האַלט זיך פֿאַר זיך אַליין, איז אין דערזעלביגער מאָס שולדיג ווי דער וואָס איז עובר אויפֿן געטליכען געבאָט.

יחזקאל'ס שיטה וועגן מחילה און בעלוינוגג (שכר ועונש).

„ווען איך זאָג דעם זינדיגען: דו מוזט שטאַרבען, און דו ביסט איהם ניט מתרה און איבערצייגסט איהם ניט, כּדי איהם אָפּצוקעהרען פֿון שלעכטען וועג, און ער זאָל בלייבען לעבען, — וועט ער, דער זינדיגער, שטאַרבען פֿאַר זיינע זינד, אָבער פֿון דיר וועל איך פֿאָדערן אַ דין וחשבון פֿאַר זיין בלוט" (ג', 18). וואָרום עס דאַרף איינגעפֿיהרט ווערען אַ נייע גערעכטיגקייט, וועלכע וועט צעשטערען דאָס אַלטע שרעקליכע געזעץ פֿון ירושה, וואָס פֿאַרלאַנגט אַז יעדער דור זאָל זיך פֿונאַנדערצאָהלען פֿאַר די זינד פֿון פֿערגאַנגענעם, אַז יהוה זאָל שטראָפֿען פֿאַר די זינד ביז צום פֿערטען דור. מען וועט ניט זאָגען מעהר: אונזערע עלטערן האָבען געגעסען אומצייטיגע ווינטרויבען, און ביי אונז ווינען די ציין היילינג (י"ח, 12, פֿאַרגלייך ירמיהו ל"א, 28). די זיהן וועלען מעהר ניט בעצאָהלען מיטן טויט פֿאַר זייערע עלטערנס זינד: נאָר דער וואָס האָט געזינדיגט, מוז שטאַרבען. דעם גערעכטען וועט ווערען געצאָהלט לויט זיין גערעכטיגקייט, דעם זינדיגען — לויט זיין זינד; און אויב דער שלעכטער מענש וועט זיך בעסערן און וועט לעבען עהרליך, וועט ער ניט שטאַרבען און וועט בלייבען לעבען. העז ניט אין טויט פֿון זינדיגען איז יהוה'ס פֿרייד, „נאָר אין דעם, ער זאָל פֿאַרלאָזען זיין זינדיגען וועג און בלייבען לעבען (קאַפּיטעל י"ח).

און אָט עפֿענט זיך דער וועג צו דער ישועה. אַ דאַנק דעמזעלביגען נבוכדנצר, וואָס האָט צעשטערט ירושלים. אַלע שונאים פֿון יודישען פֿאָלק,

אַלע, וועלכע האָבען איהם זוּכען עס איז געדריקט, מורד געווען אין איהם, געבּראַכט איהם צו זאַגען אָדער געפּרעדט ווי איבער זיין מפּלה, — אַלע זיינען זיי פון קליין ביז גרויס געפאַלען אונטערן מעכטיגען קלאַפּ פונם געטליכען כּלי זין. עס זיינען געפאַלען די אדומים און פּלשתּים, וועלכע האָבען אַרויס־געוויזען זייער שמחה, בעת דער בּית המקדש איז געוואָרען פאַרבּרענט, דאָס לאַנד — פאַרוויסט און דאָס פאָלק — פאַרטריבען. עס איז געפאַלען מואב, וועלכער האָט געזאָגט: „וואו איז יהודה? זעהט נאָר, מיט די יודען איז אויך געשעהן דאָס, וואָס מיט אַנדערע פעלקער!“ עס איז געפאַלען צור, די רייכע, פּרעכ־טיגע, געבּילדעטע צור, די הערשערין איבערן ים, דער צענטער פון וועלט־האַנדעל, וואוהין מען פלעגט צונויפפיהרען דאָס גאָלד פון תּרשיש, די פערד פון אַרמעניען, די טייערסטע סחורות פון אַרם, די ווינען פון דמשק, די סטאַדעס פון אַראַביען, בּשמים פון שבא און שקלאַפען פון יון. שוין באַלד דרייצעהן יאָהר זינט נבוכדנצר בּעלעגערט צור, און באַלד וועט צור אַריינזינקען אין ים אַריין מיט אַלע איהרע סחורות, מאַטראָסען, אַרבּייטער, און מען וועט זי בעוויינען: ווער איז געווען גלייך צו צור, וואָס איז אונטערגעגאַנגען אין, די טיפענישען פון ים! (קאַפּיטעל כ״ז—כ״ח).

דערנאָך וועט אָנקומען די צייט פון דעם אומגעטרייען מצרים, וואָס האָט אומגליקליך געמאַכט יהודה, ווייל זי האָט איהם געגעבען דורך איהר פריינדשאַפט־בּונד אַ פאַלשע האָפענונג אויף אַ נצחון. „אָט, איך געה אויף דיר, פּרעה, דו קעניג פון מצרים, דו מעכטיקער קראָקאָדיל, וועלכער רוהט אינ׳ן טייך. איך וועל דורכציהען אַ רינג צווישען דיינע באַקען, איך וועל די פיש פון דיין טייך צוקלעפּען צו דיינע שופּען, איך וועל דיך אַוועקשלעפּען אין מדבר אַריין צוזאַמען מיט די פיש פון דיין טייך. און דו וועסט אַרויסגעוואָרפען ווערען אויפען בּרעג, און איך וועל דיך אָבגעבען צום עסען די ווילדע חיות און פויגלען פון הימעל“ (כ״ט, 3—5). דער אומגעקומענער פּרעה טרייסט זיך, בשעת ער טרעפט, קומענדיג אין דער אונטער־וועלט (שאול), צווישען די אָנגע־וואָרפענע טויטע קערפּערס אויך עילם, משך, תּובל, אדום און צידון און אין דער רעכטער טיפעניש פון אָבגרונד — אשור מיט זיינע צאָהלרייכע חילות, וועלכע זיינען געפאַלען אונטערן שווערד, ווייל זיי זיינען מיטן שווערד געקומען אויף דער וועלט (קאַפּיטעל ל״ב).

דעם נביא׳ס זעהונגען וועגען ישראל׳ס אויפ־לעבונג.

דער פּלאַן, וועלכער איז אָנגעצייכענט געוואָרען דורך יהוה און די נביאים, וויקעלט זיך פונאַנדער פאַר אונזערע אויגען אין זיין גרויסאַרטיגער קלאָרקייט און דערהויבענקייט. כּל זמן דאָס פאָלק האָט געלעבט אין זיין לאַנד, האָט ער זי טמא געמאַכט דורך זיין לעבענס־פיהרונג, דורך זיינע פאַרברעכענס. „און איך האָב אויף איהם אויסגעגאָסען מיין כּעס, איבער דאָס בּלוט, וואָס ער האָט פאַרגאָסען אויף דער ערד, און איבער די געצענבילדער, מיט וועלכע ער האָט טמא געמאַכט דאָס לאַנד, און איך האָב איהם פאַרשפּרייט צווישען די פעלקער. נאָר איך וויל אייך אויפזאַמלען פון אַלע לענדער און ברענגען צו פיהרען אין אייגען לאַנד אַריין. און איך וועל אין אייך אַריינגעבען אַ נייע נשמה; איך וועל פון אייער בּוסט אַרויסנעמען דאָס שטיינערנע האַרץ און אַהין אַריינלעגען

[...]ליך האַרץ. און איהר וועט לעבען אין לאַנד, וואָס איך האָב געגעבען [...] עלטערן, און איהר וועט זיין מיין פאָלק, און איך וועל זיין אייער גאָט" (קאַפּיטעל ל"ו). ווי אַזוי? איז דען מעגליך, אַז נאָך דער פאַרטרייבונג, דערנידערונג, זאָל נאָך האָבען אַקיום דאָס פאָלק ישראל, די ישראלישע מלוכה פון נייעם ירושלים? יאָ, עס איז מעגליך. און דער נביא טראָגט זיך גייסטיג איבער אין אַ טאָל, וואָס איז בעדעקט מיט ביינער. „און עס האָט מיך געפרעגט גאָט: דו מענשען־זוהן, צו וועלען אויפלעבען אָט די ביינער? און איך האָב גע־ענטפערט: „מיין האַר, יהוה, דו אַליין ווייסט דאָס! און ער האָט געזאָגט צו מיר: זאָג נבואה איבער די ביינער און זאָג צו זיי: איהר טרוקענע ביינער, הערט יהוה'ס וואָרט: איך וועל אין אייך אַריינגעבען אַ נשמה, און איהר וועט אויפלעבען". און דער נביא האָט נביאות געזאָגט, ווי עס איז איהם פאַרזאָגט געווען. און עס האָט זיך דערהערט אַ גערויש, און די ביינער האָבען אָנגעהויבען זיך צו דערנעהנטערן איינע צו די אַנדערע מיט גערויש. „און איך האָב דער־זעהן: אָט זיינען אויף זיי אויסגעוואַקסען אָדערלעך און פלייש, און פון אויבען האָט זיי בעדעקט אַ הויט, נאָר קיין גייסט איז אין זיי ניט געווען נאָך. און גאָט האָט געזאָגט צו מיר: זאָג נביאות וועגען דעם גייסט און רוף אויס: פון אַלע פיר זייטען קום, דו גייסט, און בלאָז אויף די הרוגים, און זאָלען זיי אויפלעבען! און עס איז אין זיי אַריין דער גייסט, און זיי האָבען אויפ־געלעבט און האָבען זיך אַנידערגעשטעלט אויף די פיס, און עס איז געוואָרען זייער אַ גרויסער חיל. און ער האָט געזאָגט צו מיר: דו מענשען־זוהן, די ביינער זיינען דאָס גאַנצע הויז ישראל. אָט זאָגען זיי (די פאַרטריבענע): עס זיינען אויסגעטריקענט געוואָרען אונזערע ביינער, עס איז פאַרלאָרען געוואָרען אונזער האָפענונג, מיר זיינען אָפּגעשניטען פון אונזער פאָטערלאַנד. זאָג זיי נאָר נביאות: אַזוי האָט געזאָגט גאָט: איך עפען אויף אייערע קברים און וועל אייך אַרויספיהרען פון אייערע קברים און וועל אייך ברענגען קיין ארץ־ישראל. און וועל אין אייך אַריינגעבען אַ נשמה — און איהר וועט אויפלעבען און איך וועל אייך געבען רוה אין אייער לאַנד, און איהר וועט פאַרשטעהן, אַז איך בין יהוה, ווי איך האָב געזאָגט, אַזוי וועל איך טון (קאַפּיטעל ל"ז).

די צוקונפטיגע ירושלים און איהר בית־המקדש.

איבערגעטראָגען זיך גייסטיג אין ירושלים פון דער צוקונפט, בויט דער נביא אויף אין זיין מחשבה דעם בית־המקדש. ער בעשרייבט אונז דעם פּלאַן פון זיין בנין, און די גרייס פון זיינע איינצעלנע חלקים; אָרגאַניזירט אַ כהנים־מעקטע, פיהרט איין אַ נייעם קולט, צייכענט אָן דעם געאָגראַפישען פּלאַן פון דער קומענדיגער מלוכה און צעטיילט די טעריטאָריע צווישען די שבטים, וועלכע וועלען זיך אומקעהרען פון די פיר זייטען פון גלות (קאַפּיטעל מ'—מ"ח). דער פּלאַן פון קומענדיגען בנין, וואָס האָט אין זיך פיל אוממעגליכע איינ־צעלהייטען, איז אַ האַלב־אידעאַלער, האַלב־משל'דיגער. דער טייל, וועלכער רעדט וועגען דער אָרגאַניזאַציע פון כהנים־קלאַס, איז שפּעטער דורכגעפיהרט געוואָ־רען אין לעבען, דער איבעריגער איז געבליבען אַ פאַנטאַסטישע פאָרשטעלונג.

דער גאַנצער געוואונטער געדאַנק פון דער האַזיגער זעהונג איז אויסגעדריקט

אין יחזקאלס לעצטע ווערטער: „און פֿון איצט אָן זאָל די שטאָט טראָגען נאָמען: „דאָ איז יהוה“. (מ״ח 34).

———

*דער צווייטער ישעיהו.*

כּדי צו שאַפֿען אַ נייע נאַציע איז ניט נייטיג געווען אַפֿילו קיין 70 יאָהר, וועלכע זיינען פֿאָראויסגעזעהן געווען דורך ירמיהו. קוים האָבען צייט געהאַט פֿאַרבײַ צו געהן צוויי דורות, ערשט עס איז געפֿאַלען שוין אויך בּבֿל, און כּורש האָט געגעבען די פֿאַרטריבענע די פֿרייהייט אומצוקעהרען זיך קיין ארץ־ישׂראל (אין יאָהר 538). די איבּערגעבּליבענע איבּערצודערציהען דאָס פֿאָלק, וואָס עס האָבען אויף זיך גענומען די נבֿיאים, איז געווען שוין פֿאַרענדיגט.

דאָס מעכטיגע נבֿיאישע וואָרט, וואָס האָט אין משך פֿון צוויי יאָהרהונדערטען בּעגלייט אַלע גרויסע איבּערקעהרענישען פֿון דער געשיכטע און דערקלערט זיי, ווי דעם פּועל יוצא פֿון געטליכען ווילען, האָט איצט געקלונגען פֿון די ליפּען פֿון אַ גרויסען דיכטער, וואָס זיין נאָמען איז אונז געבּליבען אומבּעקאַנט. עס איז אָנגענומען אָנצורופֿען איהם מיטן נאָמען **ישעיהו דער צווייטער**, וויל אין תּנ״ך זיינען זיינע רעדעס צוזאַמענגעשטעלט נאָך די רעדען, פֿון ישעיהו בּן אמוץ — וועלכער האָט געלעבּט מיט 156 יאָהר פֿריהער — און אונטער זיין נאָמען. דער אַנאָנים אונטער׳ן נאָמען ישעיהו דער צווייטער איז דער מחבּר פֿון קאַפּיטעל מ׳ בּיז צום קאַפּיטעל נ״ה פֿון ספֿר ישעיהו. די קאַפּיטלען נ״ו—ס״ו געהערען צו אַ שפּעטערדיגער צייט, און זייער מחבּר, וועלכער איז אונז אויך אומבּעקאַנט, רופֿט מען אָן מיטן נאָמען **ישעיהו דער דריטער**.

די פֿריידענס־אויסרופֿען, מיט וועלכע ער בּעגעגענט כּורש׳ן, דערמאָנען אונז לגמרי ניט יענע אויסרופֿען, מיט וועלכע ירמיהו האָט בּאַגעגענט דאָס אָנקומען פֿון נבֿוכדנצר. אָנשטאָט וואָס דער בּבֿלישער קיניג איז געקומען ווי דער דורכפֿיהרער פֿון דעם געטליכען צעשטערונגס־ווילען, איז דער פּערסישער קיניג געקומען אַלס בּעפֿרייער און אויפֿריכטער. נבֿוכדנצר איז געווען דער כּלי־זין פֿון יהוה׳ס צאָרן, כּורש׳ — דער כּלי־זין פֿון זיין רחמנות; וואָרום אין משך פֿון דער צייט איז דער איבּערגעבּליבּענער טייל פֿון ישׂראל אויף אַ פֿרעמדען בּאָדען אויסגעוואַקסען אין גייסט פֿון געטליכען רצון: דער גלות האָט אויסגעקויפֿט די זינד.

*כּורש. די אומ־קערונג פֿון גלות*

ווען עס האָט זיך פֿאַרשפּרייט די בּשׂורה, אַז כּורש געהט אַנטקעגען בּבֿל, האָט זיך דער אויסגעשריי פֿון פֿרייד און נצחון אַרויסגעריסען בּיי די נבֿיאים. די שוין לאַנג פֿאָראויסגעזעהענע בּעפֿרייאונג האָט געדאַרפֿט איצט מקוים ווערען. עס האָט זיך אָנגעהויבען דער לעצטער אַקט פֿון דער נבֿיאישער דראַמע. דער פּלאַן, וועלכער איז געווען אָנגעצייכענט פֿון אויבען, האָט זיך אָנגעהויבען פֿאַרווירקליכען. אַלץ בּויגט זיך פֿאַרן מנצח, וועלכער איז געשיקט געוואָרען דורך אַ גאָט, וואָס איהם גופֿא אומבּעקאַנט. גאָט וויל, אַז די יודישע מלוכה זאָל בּענייט ווערען, און ירושלים זאָל אויפֿגעריכט ווערען. און דערפֿאַר נעמט ער פֿאַרן האַנט כּורש׳ן און געהט פֿאַר איהם פֿאָראויס, מאַכט גלייך אויף זיין וועג די בּערגלעך, בּרעכט איין די קופּערנע טירען, צעשמעטערט די אייזערנע

ריגלען און גיהט אים איבער די פאַרגראָבענע אוצרות (ישעיהו מ״ה, 1—3). גאָט צעבּרעכט דעם הערשער־רוט פון זינדיגען, דעם שטעקען — פון דעם דריקער. אַן איבּגעשריי פון פרייד טראָגט זיך פון דער גאַנצער וועלט; עס פרעהען זיך אַפילו די קופּאַריסען און צעדערן פון לבנון, וועלכע בבל האָט געהאַקט פאַר זיינע פּאַלאַצען: „ווי באַלד דו ביסט שוין אַוועקגעלעגט צו דער ערד, וועט אונז שוין די האַק ניט בּעריהרען“.

ווי האָט דאָס ישראל געקענט פאַרלירען יעדען געפיהל און זאָגען: „יהוה איז גלייכגילטיג צו מיין גורל, גאָט האָט מיך פאַרגעסען“. פאַרגעסט דען די פרוי דאָס קינד, וועלכע זי האָט געזיגען? די מוטער — די פרוכט פון איר לייב? „גיכער וועט זי שוין פאַרגעסען, איידער איך, יהוה, וועל אָן דיר פאַרגעסען!“ (מ״ט, 14—15). צו ווייסטו ניט, ישראל, צו פאַרשטעהסטו ניט, אַז יהוה איז שטענדיק דיין גאָט? ווער דען האָט גערופען פון מזרח דעם, נאָך וועמעס טריט עס געהט דער נצחון, ד. ה. כורש? „און דו, ישראל מיין קנעכט, דו איינינקעל פון מיין ליבען אברהם, דו, וועמען איך האָב גענומען פון עק וועלט און גערופען פון איהרע ווייטע קאַנטען, ניט האָב פאַר גאָרנישט קיין מורא, וויל איך בין מיט דיר, איך בין דיין גאָט. די, וואָס ווינשען דיר שלעכטס וועלען זיך שעמען“. „ניט האָב פאַר גאָרנישט קיין מורא ווערעמעל יעקב, מיין זעמדעלע ישראל“ (מ״א, 8—14).

ישעיהו דעם צווייטנס קוק אויף ישראל'ס שליחות.

די לײדען, וועלכע עס האָט איבּערגעטראָגען דאָס פאָלק ישראל, בּעקומען איצט אַ גאַנץ אַנדערע בּעלייכטונג בּיי די פאַרשטעהער פון דער נצחונות'דיגער נבואה: דורך די לײדען איז געקויפט געוואָרען די רעטונג פון דער מענשליכער נשמה. יהוה האָט אַריינגעגעבען זיין גייסט אין פאָלק ישראל, כדי אויפצווייזען דורך איהם אַלע פעלקער זיין גערעכטיגקייט; דאָס פאָלק פון טרויער, וואָס איז געוואוינט געוואָרען צו אומגליקען, האָט ניט אומזיסט געליטען, איז ניט אומזיסט געווען פאַרהאַסט און פאַרשטויסען. עס איז געווען געשיקט צו פאַרשפּרייטען דאָס געטליכע וואָרט אין דער וועלט און איז ניט אָבגעטראָטען פון זיין שליחות. ניט געקוקט אויף זיינע פיל יסורים. ער האָט אונטערגעשטעלט די פּלייצע זיינע שלעגער, די באַק — זיינע בעליידיגער, עס האָט ניט אָפּגעקעהרט דאָס פנים פאַר שפּאָט און בּעשפּייאונג, גלייך ווי דאָס קרבן־שאָף, וואָס ווערט געפיהרט צו דער שחיטה, ווי די אונטערטעניגע שעפּסעלע, וועלכע מען שערט, האָט עס זיין מויל ניט געעפענט — און דערפאַר וועט עס ניט אונטערגעהן: מענשען מיינען, אַז גאָט האָט ישראל'ן צעבּראָכען, אין דער אמתען אָבער האָט איהם גאָט נאָר געצוואונגען צו לײדען, כדי צו דערווייטערן איהם פון זינד, געשטראָפט, כדי צו ראַטעווען (נ״ג, 3—6). און דאָס פאָלק וועט ניט מיד ווערען און ניט פאַרלירען זיין מוט, ביז עס וועט ניט אַיינגעפיהרט ווערן די גערעכטיגקייט אויף דער ערד. די ווייטע אינזלען וואַרטען אויף זיין תורה, יהוה וועט אים מאַכען פאַר אַ געזעצגעבער פון די פעלקער. אַפילו יענע פעלקער, וואָס קענען איהם ניט, וועלען זיך צונויפקומען צו איהם. ער וועט ברענגען די אויסלענדער צום הויז, וואָס אויף גאָטס הייליגען באַרג, וויל יהוהס הויז וועט זיך רעכענען פאַר אַ הויז פון תפלה פאַר אַלע פעלקער (מ״ו, 7).

און דער נביא זעהט אין זיין גייסט, א נייגעבוירענע וועלט, וואו דאָרט געוועזענע וועט פארגעסען ווערען, און וואו עס וועלען זיך ניט הערען קיין טרויער-זיפצען, וואו מען וועט ניט זינדיגען און וואו מוטערס וועלען ניט געבוירען קיין קינדער צו א פריהצייטיגען טויט, וואו עס וועלען ניט שטארבען אפילו קיין זקנים, וועלכע האָבען נאָך ניט פארענדיגט זייער לעבענס-וועג, וואו קיינער וועט ניט שטארבען פאר הונדערט יאָהר.

בעגייסטערט דורך די גרויסע האָפנונגען, האָט א טייל פון די פארטריבענע זיך גענומען פארן וואנדער-שטעקען. זיי האָבען אראָבגענומען די הארפען, וואָס זיינען געהאנגען אויף די ווערבעס ביי די טייכען פון בבל און האָבען זיך געלאָזען איבערן מדבר צום בארג ציון מיט א לידער-געזאנג:

„ווען יהוה האָט אומגעקעהרט ציון'ס פארטריבענע,
זיינען מיר געווען ווי פארחלומטע,
אונזערע ליפצען זיינען געווען פול פרייד
און אונזער צונג — מיט לוסטיגען געזאנג.

(תהילים ב׳ כ"ו, 1—2).

דאן האָט ישראל געפרובט איינפיהרען דעם געדאנק פון די נביאים, און אנשטאָט דער מלוכה פון די פריהערדיגע צייטען, שאפען א מלוכה, וואָס זאָל בלייבען אמת, אן ערדישע, נאָר זי זאָל אויך זיין א גייסטיגע, — א מאטעריעלע און אידעאלע. אָבער דאָס לעבען האָט גראָב צעשטערט דעם דאָזיגען שענעם חלום...

# כראָנאָלאָגישע איבערזיכט פון דער עלטערער יידישער געשיכטע און פון דער געשיכטע פון דער תנ"ך-ליטעראַטור:

(צונויפגעשטעלט נאָך ע. קאוטצש).

(Die Heilige Schrift des alten Testaments 1910).

| די יאָהרען פאַר דער כריסטליכער צייט | די געשעעניסען פון ישראלס געשיכטע | די ליטעראַטור-געשיכטע | געשעעניסען אין לעבען פון אנדערע פעלקער |
|---|---|---|---|
| בערך 2000 | | | האמוראַב, דער קיניג פון בבל. |
| " 1400 | דאָס לאַנד (לויט די ליימענע טאַבלען פון תל-אל-אמרנא) אונטער דער הערשאַפט פון מצרים. | | אין מצרים—פרעה אמענאָפיס III און IV. |
| " 1320 | דער ארויסגאַנג פון מצרים. ישראל באַפעסטיגט זיך אין מזרח-זייט פון ירדן. | | אין מצרים—פרעה מערנעפטא I. |
| " 1280 | די איינגעהמונג פון יריחו און די לאַנגזאַמע בעפעסטיגונג פון ישראלישען ישוב צווישען די כנענים. | | |
| " 1250 | די מלחמה מיט סיסרא'ן. | דאָס דבורה-ליד. | פרעה רעמסס III גרינדעט די 20-סטע דינאַסטיע אין מצרים. |
| " 1020 | ישראל אונטערן יאָך פון די פלשתים. שאול פון שבט בנימין, דער אָנפירער פון פאָלק, פירט מלחמה מיט די פלשתים. די גרינדונג פון דער מלוכה. | | |
| " 1000 | דוד ווערט ערקלערט אלס קיניג אין חברון. די גרינדונג פון ירושלים. די אראָפּווארפונג פון פלשתים'שען יאָך. די אונטערווארפונג פון אדום, מואָב און עמון. | דאָס קלאָג-ליד פון דוד אויפן טוידט פון שאול און יהונתן (שמואל ב. 1. 17 און ווייטער. די העלדען-ערציילונגען וועגען די שופטים. | |
| " 970 | דוד'ס טוידט. | | |
| " 97033 | שלמה. די אדמיניסטראַטיווע איינאָרדנונג פון דער מלוכה. פערבינדונג מיט צור. דער בנין פון ירושלים'ער בית-המקדש. | דער ספר „מלחמות יהוה" (פערגלייך במדבר 21, 14) אין „ספר הישר (פערגלייך יהושע 10, 12 אין וו. שמואל ב. 1. 18). | |

| די יאָהרען | ישראל | יהודה | געשיכטע פון דער ליטעראטור | געשעענישן פון דער געשיכטע פון אנדערע פעלקער |
|---|---|---|---|---|
| 933-912 | ירבעם I. די איינפיהרונג פון קולט פון די הייליגע קעלבער אין בית-אל און אין דן. | 933-917 רחבעם. | די ערציילונגען וועגען שאול און דוד אין זייער עלטערער געשטאלט. | |
| 911 | די פארניכטונג פון ירבעם I דינאסטיע דורך נדב. | 913-873 אָסאָ. | | בן הדד, דער קיניג פון דמשק. |
| 911-888 | בעשא. | | | אשור נעמט איין די פיניקישע שטעדט (פון 858 הערשט אין אשור שלמנאסר II) |
| 883-877 | עמרי. די גרינדונג פון שומרון, דער נייער הויפטשטאָדט פון דער ישראלשער מלוכה. | | | |
| 876-854 | אחאָב און זיין פרוי איזבל. דער אָנהויב פון דער נבואה-בעוועגונג אין דער צפון-מלוכה. (אליהו) 854. דער בונד פון אחאָב אין יהושפט געגען די אראמייער. | 873-849 יהושפט. | ספר הברית (שמות 21-23). | די אויפשריפט פון משע, דעם קיניג פון מואָב (געפונען אין יאָהר 1869). דער עלטסטער דיינקמעל פון דעם אזוי-גערופענעם פיניקישען כתב אין כנען. |
| 853-842 | יורם, זיין מלחמה-ארויסטריט צוזאמען מיט יהושפטן אנטקעגען משע. | 849-842 יורם, זיין ווייב עתליה, די טעכטער פון אחאָב. | דער יהוהישער מקור פון דער תורה. | |
| 842 | | עתליה—נעמט פאָר א מלוכה-איבערקעהרעניש צו איר נוצן. פון דודס פאמיליע ווערט גערעטעט נאָר יואָש, וועלכער ווערט בעהאלטן אין בית-המקדש. | | חזאל, דער קעניג פון דמשק,—די סכנה פון ישראל. |
| 842-815 | יהוא פארניכטעט די דינאסטיע פון עמרי, זיין מלחמה געגען דעם בעל-קולט. | | די ערציילונגען וועגען די נביאים אליהו און אלישע. | |
| 836 | | דער כהן יהוידע מאכט א מלוכה-איבערקעהרעניש און זעצט ארויף אויפן טראָן יואָש'ן. | | |
| 836-797 | | יואָש. | | נצחונות-רייכע מלחמות פון די מלכים פון אשור אין סוריא און ארץ ישראל. |

| די יאָהרען | ישראל | יהודה | געשיכטע פון דער ליטעראטור | געשעענישען פון דער געשיכטע פון אנדערע פעלקער |
|---|---|---|---|---|
| 814-798 | יהואחז. אין זיין מלוכה־צייט איז חזאל בעפאלען די ישראלשע מלוכה און האָט זי שטארק צושלאָגען. | | | |
| 798-783 | יואש. זיינע נצחונות איבער בן־הדד II, דעם קיניג פון דמשק. | 797-779 אמציה. | די ברכה פון משה (דברים קאפ. 33). | |
| 783-743 | ירבעם II. | 779-740 עזריה (עוזיה) | די נבואה פון עמוס. דער אלהיסטישער מקור פון דער תורה. | |
| 743-722 | דאָס לאנגזאמע פאַלען פון דער ישראלשער מלוכה אונטער אשור׳ס דריקענדער האַנט. | | | |
| 740-736 | | יותם. | | |
| 736-728 | | אָחז. | | 733 די אייננעהמונג פון דמשק דורך חגות פלאסר. |
| 727-699 | | חזקיהו—דער באסאל פון אשור. דער פרוב צו רייניגען דעם ירושלימער גאָטעסדינסט. | די נבואה פון הושע דער אָנהייב פון ישעיה׳ס ארויסטרעטען. די נבואה פון מיכה. | |
| 722 | די אייננעהמונג פון שומרון דורך סרגון; ביז 25,000 מאן פון ישראל אוועקגעפיהרט געפאנגען. דאָס לאנד איז קאָלאָניזירט געוואָרען דורך איבערוואנדערער פון מזרח. | | | |
| 705-701 | | חזקיהו׳ס מרידה געגען אשור. דער פארניכטענדער מלחמה־ארויסטריט פון סנחריב קיין יהודה. דער פלוצלונגדיגער אוועקגאנג פון די אשור׳שע חילות פון הינטער די וואַנט פון ירושלים. | | |

# קאַרטען און בילדער:

## קאַרטען:

1. די קאַרטע פון ארץ ישראל אין דער ביבלישער תקופה.
2. די קאַרטע פון אַמאָליגען מזרח.
3. די עטנאָגראַפישע קאַרטע פון ארץ ישראל אין דער פאַר מלכים־צייט.

## בילדער:

1. אַ ראָד פון שטיינער (גלגל) ניט ווייט פון בית־אל.
2. די סטאַטוע פון בעל־חמון, דעם זונען (חמה)—גאָט, אין קאַרטאַגען
3. אַ קאָלאָננע (מצבה) אין פעטראַ.
4. די מתפללים פאַר דער אַשרה.
5. אַ פעניקישער טעמפל פון אינזל קיפּר.
6. תרפים.
7. דער פלשתים׳שען גאָט דגין.
8. אַלט-שמישע כלי־זמר.
9. אַ געגאָסענעס קאַלב (געפונען אין יענעם זייט ירדן).
10. דער קיניג האמוראבי (אַמרפל) פאַר דעם זונען-גאָט.
11. די חורבות פון אַנ׳אַלטען טעמפעל מיט מצבות אין גזר.
12. אַ כאָר אַרום דער אַשרה.
13. די שפּורען פון אַנ׳אַלטען הייליגטום אין פעטראַ.

---